מאַקס פּערלאָוו  שלמה דאַווידמאַן

# גענקניפּטע רימלאַך

(דערציילונגען)



אַרויסגעגעבן פון
דאַון־טאַון׳ער אַרבעטער־קלוב
ניו יאָרק, 1928.

# אינהאַלט:

מאַקס פּערלאָוו

# שונא מיינער!

שונא מיינער! צי געדיינקסטו, אַז אַמאָל זיינען מיר פריינט געווען? אונזערביידנ'ס צופרידענער געלעכטער פלעגט אַזוי פיין הארמאָנירן מיט די טויזנטער טענער פון פארשיידענע מוזיקאַלישע אינסטרומענטן... דער טיק־טאַק פון אונזערע שפּיצן פינגער פלעגט זיך שטענדיק צוזאַמענגיסן מיט נאָך טויזנטער טיק־טאַקן פון טאַנצנדיקע פּאַרלאַך. אונזערע ביידנ'ס בליקן פלעגן ווינקנדיק שטענדיק קומען צו איין צענטר — צו די אַרויסגעשטעלטע ברוסטן פון פאַרפּאַרבטע, פּאַרפּודערטע דאַמען...

שונא מיינער! צי געדיינקסטו ווי ליכט אונזערע פיס פלעגן זיך טראָגן איבער די שאַקירטע „בראָדווייען", פּארשיידענע אַרטיקלען האָבן זיך פון די וויטרינעס געמיניעט און געשריען: פּאַר אייך, פּאַר אייערע קעשענעס אָנגעשטאָפּטע מיט גאָלד זיינען מיר גרייט זיך צו פּאַרקויפן... און מיר האָבן די טויזנטער ליכט פון עלעקטרישע לאָמפּן אַנטקעגן געשמייכלט, און באַוואונדערט דאָס שיינע לעבן...

שונא מיינער! טויזנטער און טויזנטער דעראינערונגען פּאַר־מאָגן מיר שותפות'דיקע, ווייל אַלעמאָל זיינען מיר צוזאַמען געווען, און דעם זעלבן לעבן געלעבט; צי געדיינקסטו אָבער יענעם אָוונט, ווען מיר האָבן זיך צושיידט, און פון דאַן זיך שוין מער ניט געטראָפן? אויב דו געדיינקסט ניט וועל איך דאָס דיר דערמאָנען: אין יענעם אָוונט האָבן מיר, ווי שטענדיק, זיך געטראָגן אין דער באַגלייטונג פון זינגענדיקן לעבן, איבער די גליטשיקע פּאַדלאָגעס פון טאַנץ־זאַל. מיט אַמאָל איז געוואָרן אַ טומל. עס האָט זיך דערהערט אַן אויסגעשריי: „פּאַרשאָלטן זאָלט איר ווערן..." איך האָב באַמערקט: אַן אָפּגעריסענער,

באַוואַקסענער מאַן האָט די קללה געוואָרפן. דער מאַן איז, פאַר־שטייט זיך, באַלד פון זאַל אַרויסגעשטופּט געוואָרן.

אָט אין יענעם אָוונט האָבן מיר זיך צושיידט, שונא מיינער! דער אויסגעשריי האָט מיך מער ניט געלאָזט טאַנצן. ער האָט מיך געצויגן פון זאַל אַרויס, און צו דעם מאַן געפירט. דער מאַן האָט זיך דורכגעריסן דורך דעם געדיכטן עולם, און אין אַ זייטיקער געסל זיך אָפּגעשטעלט. — איך נאָך אים. איך האָב דערזעען אַ פיגור — פאַרדעקט מיט שמאַטעס, אַ געזיכט — שוואַרץ, פאַרשמירט און באַוואָקסן... די פיגור האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן אַ וואַנט און... אָ, זיינע ברענענדיקע בליקן, וואָס ער האָט געוואָרפן אָט צו יענער שאַקירטער בראָדוויי, וואו מיר פלעגן אַזוי פיל הנאה האָבן... נו, וואָס נאָך זאָל איך דיר דערציילן, שונא מיינער? מער וועסטו דאָך ניט פאַרשטיין: דו וועסט דאָך ניט קענען באַגרייפן, וואָס דאָס הייסט, אַז איך האָב זיך פאַראינטערעסירט אין אַ „אָפּגעריסענער, אָפּגעשליסענער באַשעפעניש“... דו וועסט דאָך ניט קאָנען שלום מאַכן מיט'ן געדאַנק, אַז איך בין זיין חבר און באַגלייטער געוואָרן, און זיך געלאָזט פירן פון אים... יאָ, אַזוי האָב איך געטאָן און גלויב מיר, אָן אַנדער מענטש בין איך געוואָרן. מיין חבר איז געווען אַרבעט־לאָז, הונגעריק און דורשטיק. ער האָט מיר פאַרזאָגט, אַז אויב איך וויל זיין חבר פאַרבלייבן, זאָל איך אים מיט גאָרניט מיט־העלפן... איך בין געגאַנגען נאָך אים: ער האָט מיך צוגעפירט צו שמעקנדיקע וויטרינעס פון פאַרשיידענע געטראַנקען און נאַ־שערייען, און האָט מיך געהייסן זיך צוהערן צו דער געריידעריי אין זיינע געדערים... ער האָט מיך געפירט צו די שיינע קליידונג־וויטרינעס, און האָט מיר געצייגט זיין נאַקעטע לייב...

און ווייסטו, שונא מיינער, ווי איידל און ראָמאַנטיש זיין נשמה איז: זיין האַרץ גייט אויס פון בענקעניש צו אַ שיינער פרוי; ער וואָלט וועלן כאָטש איינמאָל אין לעבן זיין אין אַ פרויען־געזעלשאַפט... איינמאָל כאָטש איינשרומפּן אַ פרוי אין זיינע אָרעמס, אָבער... דו פאַרשטייסט, שונא מיינער, קויפן פרויען־ליבע — דאַרף מען געלט, און צוציען זיי — דאַרף מען האָבן קליידער...

זיין בליק האָט מיך דורכגענומען. ווי אַ קינד בין איך אים נאָכגעגאַנגען און נאָכגעזאָגט זיינע ווערטער: „פאַרשאָלטן זאָלט איר ווערן“...

איצט, שונא מיינער, ווען דו באַגעגנסט מיך! אויך אַן אָפּגעריסענער, אַ באַוואָקסענער; אויך אַ פאַרביינקטער נאָך לעבן, נאָר ניט נאָך יענעם לעבן וואָס דו לעבסט... ניין! צו אָפּשטויסנדיק איז עס מיר. צופיל וויים איך שוין... איצט גיי איך אַרומעט מיט צונויפגעשטשעמעטע ציינער, צוזאַמענגעצוי־גענע ליפּן און צונויפגעדריקטע פויסטן... איך וואַרט אויף יענעם מאָמענט, ווען איך מיט מיין חבר (אין צווייען איז שטאַרקער) זאָלן דיך באַגעגענען און... נו, דו וועסט שוין דעמאָלט זען, וואָס מיר וועלן דיר טאָן... דערווייל אָבער נעם איך צונויף מיינע אויסגעמאַטערטע כחות און שריי אויס: „פאַרשאָלטן זאָלסטו ווערן מיט אַלע דיינע פריינד“...

שלמה דאַווידמאַן

# אין אַ פראָסטן דאָנערשטיק

אַ פרילינגדיקער דאָנערשטיק. עס רעגנט פּאַמעלאַך. די זון גיט דעם לעצטן פינטל מיט'ן אויג און באַהאַלט זיך אונטער'ן באַרג. די נאַכט צינדט אָן אירע עלעקטרישע פאָנאַרן.

אַוועקגעפּרעסט אַ טאָג מיט'ן אייזן. צוואַנציק טויזנט מערווערט סעקונדן מקריב געווען פאַר'ן וואָל-סטריט-וואָלף. פרעס, וואָלף, זויף זיך אָן, איך שאַרף איצט מיינע נעגל פאַר דיין פעטן האַלז!

* * *

מיין זייגערל ווייזט מיט'ן הענטעלע: זיבן! איך פאָר אין שול אַריין. איין קאָמונפירער האָט מיר אַמאָל געזאָגט: „וואָס טויג איצט דאָס לערנען, חבר דאַווידמאַן, מע דאַרף פריער איינברעכן דעם אַרבעטער!" אַ צווייטער קאָמונפירער האָט מיר געראַטן: „אַן אַרבקאָר, אַ פּראָלעטשרייבער, חבר שלמה, דאַרף זיך לערנען, מוז וויסן פון אַלץ".

ביידע זיינען גערעכט.

אין סאָבוויי-וואַגאָן הערשט אַ טומלדיקע שטילקייט. איידער איך טונק איין מיינע אויגן אין דער צייטונג, צעשיק איך אַ פּאָר בליקן צו די ווייט-נאָענטע מיטפאָרער. איך דערזע די בוכשטאַבן „פּרייהייט". צי אפשר שפּרינגען מיר די אותיות אַנטקעגן מיט באַגריסונג? — איך בייג אַריין מיין קאָפּ אין די שורות מיט אַ צופרידענעם איבערדעק אף מיין פּנים.

* * *

שוין אָנגעקוועטשט דאָס בענקל אין קלאַס. אַריינגעכאַפּט די גאַנצע תורה אויף איין פוס.

אין איין האַנט האַלט איך אַ בריוועלע:

„טייערער חבר: איר מוזט קומען צו אַן עקסטרע באַראַטונג

פּונקט 9 אזייגער. דאָרט און דאָרטן. פאַר פּאַרפעלן וועט איר גערופן ווערן צו פאַראַנטוואָרטלאַכקייט. מיט קאָמגרוס, סעק".

אין דער צווייטער האַנט האַלט איך דאָס זייגערל, ס'ווייזערל רוקט זיך שוין אַף דער צענטער שעה. דאָס זייגערל קוועטשט מיט די פּלייצעלאַך: „ווי דו ווילסט, חבר'ל, דו האָסט נאָך אַ שטונדע צו פאָרן ביז דיין הויז, און שפּעט שלאָפן וועל איך ניט לאָזן!"

גיין צי ניט גיין? — גיין!

איך כאַפּ זיך אַריין אין „אויטאָמאַט", וואַרף אַריין צוויי ניקעלס אין דער וואַנט, קומט אַרויס אַ געאַרמט שטיק חזיר'ל אין צוויי פּלעצלאַך ברויט, פאַרוויקלט אין אַ ווייס-גלאַנצנדיק פּאַפּירל, ווי אַ כלה פאַרפּוצט אין אַ גאַליאַנדרע. איך וואַרף אַריין נאָך אַ ניקעלע, גיסט זיך אַרויס אַ טעפּעלע קאַווע.

אַ טייערע וואַנט אין „אויטאָמאַט"-רעסטאָראַנט. זי וועט צונויף קומען אין די רעוואָלוציע-טעג.

מיינע צוויי פּריינט-מיטפאָרער געזעגענען זיך מיט מיר. איך זע אַף זייערע ליפּן אַ קנאה-באַדויער שמייכעלע: זיי פאָרן אַהיים, איך — צו אַ מיטינג.

* * *

ס'רעגנט נאָך אַלץ. איך בייג אָן מיין קאָפּ, שטעל אויף דעם קאָלנער און מאַך שיטערע טריט.

איך קום אַריין אין הויז אַ נאַסער, אַ פאַרשוויצטער. מען באַגעגנט מיך מיט חבר'שע שמייכלען: „אונזער פּראָלעטשרייבער גייט". איינער וויצלט זיך, אַ צווייטער קוקט אַף מיר ערנסט. מיינע האָר און פּנים ווערן נאָך רויטער פאַר בושה. מען וואַרט נאָך אויף צוויי חברים. דערווייל וואַרפט מען זיך איבער מיט אַ פּאָר וואָס-הערט-זיך'ן. מען קייעט איבער נאָכאַמאָל עטלאַכע נייסן פון מאָמענט. וויצן און ווערטלאַך פליען איבער'ן טיש, ווי פליגן. ס'איז פריילאַך.

איך ווער אַביסל בייז אַף זיך. בשעת איך וואַרף אַראָפּ דעם מאַנטל, וואַרף איך אַרויס: „קיין ריכטיקע וועטשערע ניט געהאַט נאָך, פון דער אַרבעט אין שול, פון שול צו דער באַראַטונג".

דער חבר פון הויז איז אוועק אין קיך, זיך דארטן אביסל געפּאַרקעט, און מיט טרייסט־ווערטער אַזש פון דאָרטן:

„ניט געזאָרגט, חברים, אַט איז אַ ים־אינדיק (אַ הערינג), אַ ברויט און ווישניאַק־וויין". און עס גלייך אוועקגעשטעלט אפ'ן טיש. חברים האָבן זיך אָפּגעוווישט די ליפּן און אָנגע־שאַרפט די ציין.

חבר עלקין האָט גענעפנט די באַראַטונג, אָפּגעגעבן אַ שטיקל באַריכט און אויסגערעכנט די טאָג־אָרדנונג. חבר באַרער האָט אָנגעגאָסן גלעזלאַך וויין, און חבר מוטשניק האָט אַרויסגענומען אַ לאַנג מעסערל, דאָס געגעבן אַ קוועטש, האָט זיך, ווי אַ בליץ, אַרויסגעשטעלט אַ שאַרף. חברים האָבן אָנגעשטעלט זייערע אויגן אפ'ן מעסערל. מוטשניק האָט פאַרקנייטשט אביסל ס'רעכ־טע אויג, אַרויסגעבלאָזן אביסל רויך, מעשה גדול, און דערלאַנגט:

„דאָס מעסערל, חברים, קאָסט פ י ר ־ א ו ן ־ ז י ב ע צ י ק דאָלער, (האָט ער אויסגעצויגן). דאָס איז ד ז ש ע ק ' ס מעסערל. ס'האָט געדאַרפט שטעקן אין מיין זייט, האָב איך עס באַשפּריצט מיט אַ שנעפּסל, איז דאָס אַריין אין קעשענע!"

מוטשניק שניידט מיט'ן מעסערל דעם הערינג, דאָס ברויט אַזוי, ווי אַ העלד צע'הרג'עט אַ טויזנט באַנדיטן.

דער קאָפּ פון הערינג קוקט צו, ווי מע צעשלעפּט פון אים שטיקערווייז. דאָס ברויט קרעכצט ביי יעדער שניט און פאַר־גיסט טרערן, ווי ברעקלאַך, אפ'ן טיש.

חבר באַרער האַלט ס'גלעזל: „פאַר אַ סאָציאַלער רעוואָ־לוציע!" חברים קלינגען צו מיט די גלעזלאַך. חבר באַרער האָט זיך דערמאָנט: „מיין קאָמאַנדיר פון דער רויטער אַרמיי דראָט מיך: „חבר באַרער, דיינע אַרמייער טרינקען צופיל, אויב איך פאַק איינעם שכור, שים איך דיך!" און פאַרבעט מיך, איך זאָל נעמען אַ טרונק דערוויילע. טרעפט וואָס? — קעראָסין, געזאַלין אויסגעקלויצעט אין גלעכלאַך. וואָס האָט מען געקאָנט טאָן? מע האָט געמוזט טרינקען: דעניקין, פּעטליורע, וורא־נגעל, קאָלטשאַק".

מיר טראָגן זיך איבער אין לאַנד פון סאָוועטן. מיר באַ־טראַכטן וואָס דאָס פאָלק האָט איבערגעלעבט און — געזיגט.

ווערן מיר מונטער און מיר דראָען: „דו זעסט, וואָלסטוואָלף, אַזעלכע גרופּקעלאַך, קעמערלאַך, זיצן אין אַלע גאַסן און אין אַלע שטעט, אין אַלע לענדער און גרייטן זיך איבערצונעמען די מאַכט".

פראַגע נאָך פראַגע ווערט פאַרענטפערט. מען שלאָגט זיך מיט ווערטער. ביישפּילן, טעות'ן ווערן אַרויסגעבראַכט. יעדער חבר זאָגט עפּעס. יעדער חבר אַ מיניסטער. יעדע גרופּע אַ מלוכה.

אַ פּאָר פראַגן בלייבן צו דער נעקסטער זיצונג, שפּעט. מע צעגייט זיך מידע, נאָר פריילאַכע.

* * *

אין מיין צימער. דער זייגער ווינקט מיט אַן אייגל: „שוין נאָך איינס!"

„טייער זייגערל, האַלט איין די מינוטן. אַזאַ היילעקער, פריילאַכער דאָנערשטיק באַ מיר, איך וויל עס באַשרייבן".

מאקס פערלאָוו

# די גלעזערנע אויג

## 1.

„...אָט־אָ־דאָ־אָ זעסטו די מאַשין, זי טוט שוין די אַרבעט פאַר׳ן אַרבעטער... דער אַרבעטער דאַרף בלויז שטיין און אונ־טערהאַלטן די ברעט באַם צווייטן ענד נאָכדעם, ווי ער האָט דעם אָנהויב פון ברעט אונטער אָט די רעדלאַך אונטערגעשפּאַרט... זעסטו אָט־אָ־די רעדלאַך? זיי ציען שוין די ברעטער אַליין, געטריבן פון דער עלעקטרישער קראַפט... דאָרטן־אָ שטייט דזשאָן און טוט די אַרבעט; זעסטו ווי ער שפּילט זיך, טוט כמעט גאָרניט; אָט קוקט ער צו אונז און די ברעט גליטשט זיך ווייטער און ווייטער“...

און חיים איז געשטאַנען און זיך צוגעהערט צו די ווערטער פון זיין באַלעבאָס; עפּעס פון דער ערשטער מינוט אָן איז ער אים אויסגעקומען ווי אַ פּריקרע באַשעפעניש; ער האָט אָבער העפלאַך צוגעשאָקלט מיט׳ן קאָפּ, ווי איינער זאָגט: אָ־אָ, זיכער פאַרשטיי איך, נו, וואָס דען? און דער באַלעבאָס האָט ווייטער גערעדט: ווען דער טאַטע דיינער, מיינער אַ גוטער פריינט, האָט מיר דערציילט, אַז זיין זון גייט אַרום ליידיק, ניט האָבנדיק קיין פאַך אין האַנט, איז מיר גלייך איינגעפאַלן דיך צו נעמען צו זיך... דאָ וועסטו שוין ווערן אַ לייט: צען דאָלאַר קריגסטו פאַר דער ערשטער וואָך.

פאַר חיים׳ס אויגן האָט אָנגעהויבן צו שווינדלען. ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז די ערד וויגט זיך אונטער אים. צי איז דאָס געווען צוליב דער פריילאַכער בשורה, וואָס ער, חיים, וועט שוין די וואָך האָבן פאַרדינט צען דאָלאַר, אָדער אפשר... נאָר

זאָל זיין: חיים גייט צו דער אַרבעט. און ס׳איז באמת ניט געווען קיין שווערע אַרבעט. חיים האָט זיך אַריינגעשטעלט צווישן צוויי הורבעס ברעטער און אַלע ווײַלע פון איין הורבע אַרויסגעשלעפּט אַ ברעט און געלייגט אונטער די רעדלאַך פון דער מאַשין. די רעדלאַך האָבן געצויגן די ברעט. דאָס גלאָז־פּאַפּיר, אַרומגעוויקלט אַרום די רעדלאַך און איינגעשטייפט, ווי אַ צו־גויפגעוויקלטע ספר־תורה, האָט געריבן די ציענדיקע ברעט און זי געמאַכט גלאַט און גלאַטער... ערשט ווען דער טאָג אַרבעט האָט זיך געענדיקט, און חיים האָט אַ קוק געטאָן אויף זיך, איז ער ווי צוטומלט געוואָרן: זיין גאַרניטער איז געווען באַדעקט מיט געלן שטויב אַזוי, אַז מען האָט דעם אמת׳ן קאָליר ניט געקאָנט אַרויסזען. דאָס זעלבע איז געווען אויף זיין פּנים, אין די אויערן און אין נאָז; ער האָט עטלאַכע מאָל אַ ניס געטאָן, און בעת מעשה איז אַזוי ביטער געוואָרן אין נאָז, אַז חיים האָט זיך מורא׳דיק פאַרקרימט.

און גייענדיק אַהיים, האָט ער אויך געפילט, ווי די פיס ברעכן זיך אַזוי צו דר׳ערד און יעדעס ביינדל אין קערפּער בעט זיך צו אַביסעלע רו.

אין מח באַ אים האָבן אָבער געשוועבט אַזעלכע געדאַנקען: וואָס שרעקסטו זיך אַזוי פאַר דער אַרבעט, נאַרישער חיים? און אַרומגיין וואָכן לאַנג ליידיק אָן אַ שטיקל אַרבעט — איז דען בעסער? און צו פיינען פאַר אַ פּעני איז דען גרינגער צו לעבן? אי, וואָס? דער שטויב קריכט אויף די מלבושים, נו, טוט מען אָנ׳עט אַ פּאָר אָוועראָלס, אָט פּונקט ווי אַלע אַרבעטער דאָרטן אין שאַפּ, דעם פּנים וואַשט זיך אָפּ און דעם מויל שווענקט מען אויס — דאָס אַלץ!

און קומענדיק אַהיים, ווען ער האָט זיך געמוזט לייגן פון מידקייט אָפּ׳ן בעט זיך אָפּרוען און איז באַלד איינגעשלאָפן, האָט ער, נאָכדעם זיך אויפכאַפּנדיק פון שלאָף, געקלערט, אַז דאָס איז בלויז דער ערשטער טאָג אַזוי... ער וועט זיך צוגעוואוינען צו דער אַרבעט און שפּעטער צו נאָך קאָנען גיין אין שול זיך לערנען אין די אָוונטן, ווי פריער.

## .2

די גאַנצע וואָך האָט חיים די טעג געשטופּט, ווי עפּעס אַן איבערקומעניש: אָט, אָט וועט קומען דער שבת! ער וועט זיך גוט אויסבאָדן, פאַרפּוצן זיך אין זיינע יום־טוב׳דיקע מלבושים און פאָרן צו זיין חנה׳לען.

ווען חיים האָט אַזוי יעדן טאָג געציילט וויפיל שעה׳ן ס׳זיינען נאָך פאַראַן, אַז ער זאָל זיך מיט חנה׳ן זען, האָט אים ביינקנדיק דאָס האַרץ געטאָטשעט. צופּיל, צופּיל שעה׳ן דאַרף ער נאָך וואַרטן... געוואוינט איז ער געוועזן זיך צו זען מיט איר יעדן אָוונט; געוואוינט איז ער געווען זיין אומעטיקייט אין איר שוים אַריינגעגראָבן און די שווערקייט פונ׳ם האַרצן פאַרטרייבן דורך דעם צערטלאַכן גלעטן איבער אירע געדיכטע בלאָנדע האָר, און איצט? שוין עטלאַכע טעג, ווי אַן ענדערונג האָט זיך אין זיין לעבן אַריינגעריסן. אַרבעטן האָט ער אָנגע־הויבן. די אַרבעט שטעלט אים ניט צופרידן; צו שווער פאַר זיין יונגן ניט איינגעאַרבעטן קערפּער. ס׳פאַלט אַף אים, ווי אַ שווערע משא און בויגט דעם קערפּער צו דר׳ערד. שוין עטלאַכע טעג, ווי אין זיין האַרצן נאָגט עפּעס און טאָטשעט, און ווי אין זיין מח עגבערט אַ פראַגע: איז דאָס אַ פּאַך? וועט ער דערביי פאַרבלייבן זיין גאַנץ לעבן? און אָט אין אַזאַ וואָך גראָדע האָט ער נאָך חנה׳לען גאָרניט מיטגעטיילט... און אפשר? אפשר זאָל ער איר גאָרניט דערציילן? וואָס קאָן זי אים דען העלפן, אַזאַ אָרים קינד, ווי זי איז?!...

אָט דער געדאַנק לאָזט שוין אים ניט צורו: ער וועט איר גאָרניט דערציילן. פאַרקערט, ער וועט ווייזן אַ פריילאַכע מינע, אַ צופרידענעם געזיכט־אויסדרוק. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום וועט ער דאָך קריגן אַ הוספה. ער וועט קענען אויסנעמען חנה׳לען אין טעאַטער און ס׳וועט זיין: חי — געלעבט...

ס׳זיינען שוין אָבער עטלאַכע טעג פאַריבער און ער קאָן צו איר ניט פאָרן. וועט עס אַזוי אָנהאַלטן? וועט ער יעדן טאָג אַנידערפאַלן אַזוי מיד? וועט ער טאַקע ניט קאָנען פאַרזעצן זיין שטודיום?... — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דערמאָנט אַט די אַלע זאַכן האָט זיך חיים ליגנדיק אין שפּיטאָל. פון יענעם טאָג אָן, זינט ער האָט זיך צו דער ארבעט געשטעלט, זיינען שוין צוויי יאָר פאַרלאָפן. דורך אַט די צוויי יאָר איז דער גלאַנץ פון זיין יוגנטלאַכן ענערגישן פּנים אביסל ארונטער. דער שאַפ האָט אים אויסגעמאַטערט. ס'איז אָבער ניט געווען אַזוי שווער, ווי אין די ערשטע טעג, ווייל פון אַט יענער גרויסער מאַשין, וואָס „ציט אליין די ברעטער", איז ער אוועקגעגאַנגען. ער האָט אויבעט ניט געוואָלט גיין צו די אַנדערע מאַשינען, וואָס האָבן אַ טבע אריינצוכאַפּן מענטשלאַכע פינגער... חנה האָט דאָס אים געוואָרנט... דערפאַר האָט אים דער באַלעבאָס, זיין לאַנדסמאַן, אַ טובה געטאָן: ער האָט אים געשטעלט ארבעטן באַ אַ מער זיכערער מאַשין, אַ מאַשין, וואָס האָט אין זיך ניט מער, ווי צוויי שפּיציקע עגבערס, אַט די עגבערס הויבן זיך אָן צו דרייען, ווען מען לאָזט די עלעקטרישע קראַפט פריי, און אַט די עגבערס, דרייענדיק זיך אַזוי, בויערן אויס לעכער אין דער האָלץ פאַר'ן צוזאַמענשטעל פון פאַרשידענע מעבל.

איז חיים געשטאַנען צוויי יאָר צייט באַ אַט דער מאַשין, זיכערער מיט זיין לעבן און זיך לערנענדיק אַ פאַך. פאַר אַט די צוויי יאָר האָט ער זיך שוין ארויפגעארבעט אַף העכערע שכירות און אָנגעהויבן בעסער צו לעבן און פאַרברייטערן.

כאָטש דער גלאַנץ פון זיין פּנים איז ארונטער, איז אָבער דער גלאַנץ אין זיינע אויגן געבליבן; כאָטש זיין קערפּער איז נאָך אַלץ געווען אַזוי מיד און אויסגעמאַטערט, פלעגט אָבער די פאַנטאַזיע זיך צעשפּילן און אים אוועקטראָגן מיט זיין חנה'לען צו גאַנץ ווייטע האָריזאָנטן.

„אַט אַזוי, מיין קינד, — פלעגט ער זי איבער די האָר גלעטן און דעם פּנים מיט קושן באַדעקן, — אַט אַזוי, מיין קינד, נאָך אַ שטיקל צייט און מיר וועלן זיך דינגען אַ פּאָר צימערלאַך, מיר וועלן לעבן ווי טייבעלאַך, לערנען און לייענען און אַז. ווייטער".

חנה'לע פלעגט איר קאָפּ אַף זיין האַרצן אָנשפּאַרן און ענטפערן:

„אודאי, מיין טייערער, אונזער שותפות׳דיקער לעבן וועט זיין אַ גן־עדן אויף דער וועלט"...

און אַט אַזוי יעדן טאָג: שטייענדיק בײַ דער אַרבעט פּלעגט חיים זיין מיד; גייענדיק אין דער שפּעטער נאַכט צו זיין חנה׳לען פּלעגן זיך די אויגן קלעפּן; ער פּלעגט אַזוי מיט פאַרמאַכטע אויגן איבער׳ן טראָטואַר שפּאַנען און זיך אַ צאַפּל טאָן אַרונטערגייענדיק פון׳ם טראָטואַר. דערפאַר אָבער קומענדיק צו חנה׳לען, פּלעגט זיך אַ פרישקייט אין אַלע זיינע אברים אַריינגיסן. צוריק מיט ענערגיע פּלעגט ער אָנגעשעפּט ווערן און ווייטער וועבן דעם חלום פון זייער בשותפות׳דיקן צוקונפטיקן לעבן.

איצט ליגט חיים אין שפּיטאָל. ס׳איז געווען ניט מער ווי אַ צופאַל. נעבן אַ צווייטער מאַשין איז ער דורכגעגאַנגען, נעבן אַזאַ מאַשין, וואָס האָט ליב צו מאַכן פון געזונטע מענטשן — קאַליקעס. האָט זיך אָט יענע מאַשין באַקלערט, אַז חיים איז דאָך זיכער ניט באַשעדיקט צו ווערן בײַ דער מאַשין, וואָס ער אַרבעט; אַז חיים וועט זיין אַ מעבל אַרבעטער מיט אַלע פינגער... האָט זיך אָט יענער מאַשין פאַרוואָלט אַ רייץ טאָן מיט חיים׳ען, האָט זיך אָנגעהויבן שטאַרקער די זעג צו יאָגן, זיינען די שטיקער האָלץ מיט אימפּעט צוזעגט געוואָרען און איין שטיקעלע האָלץ האָט זיך פון אונטער דער זעג אַרויסגעריסן און חיים׳ען בײַ דער אויג אַ קוש געטאָן...

אַ קוש אַזאַ, וואָס האָט די אויג דורכגעלעכערט און חיים׳ען אין שפּיטאָל פאַרטריבן...

און חנה׳לע ווייסט ניט וועגן דעם. חנה׳לע איז אַוועקגע־פאָרן צו איר שוועסטער אין אַ צווייטער שטאָט, און חיים ליגט אין שפּיטאָל און טראַכט:

„איך בין אינגאַנצן צוויי־און־צוואַנציק יאָר אַלט"...

און חיים ווייסט, אַז זיין אויג האָט ער שוין פאַרלוירן. אַרויסנעמען האָט מען עס געמוזט, ווייל דאָס צווייטע אויג האָט נאָך אויך געקאָנט קאַליע ווערן.

ציטערט חיים׳ס קערפּער: דאָקטוירים זאָגן, אַז מען וועט ניט דערקאָנען. אַ גלעזערנע אויג וועט מען אים אַריינשטעלן,

פונקט אזא ווי די צווייטע. מער ניט: ער וועט ניט קאָנען זען אַף איר און ניט קאָנען פינטלען, נאָר זייטיקע מענטשן, — זיי וועלן ניט דערקאָנען...

און חנה׳לע?

זי קומט צופאָרן. חיים איז שוין אַרוים פון שפּיטאָל מיט דער גלעזערנער אויג. חיים גייט איר אַנטקעגן מיט אַ שמייכל אַף די ליפּן... זי דערקאָנט ניט. פאַלט אים אַפ׳ן האַלז און קושט אים אין פּנים, זי קושט יעדן גליד זיינעם, זי קושט אים אויך אין אויג... דאָ בלייבט זי שטיין, קוקט אים אין די אויגן, דערקאָנט ניט, נאָר זי פרעגט: וואָס אַזא הארטע אויג געוואָרן, מיין טייערער?...

און חיים באַנעצט די קישן מיט טרערן, און חיים חלומ׳ט פון צייטן פאַרגאַנגענע, און חיים געדיינקט:

„אינגאַנצן צוויי־און־צוואַנציג יאָר אַלט“...

שלמה דאַווידמאַן

# אונטער דער ערד

בערנארד האָט צוגעשפּילעט דעם לעצטן אָפּגעגילטן קנאָפּ, צוגעגלעט די לעצלאַך און אָפּגעבלאָזן אַ שפּרינקעלע פון זיין טונקל־בלויען רעקל. דאָס היטל, מיט'ן גלאַנצנדיקן דאַשיק און זילבער־נעם נומער, האָט ער איינגעפּאַסט משופּע'דיק, ממזר'יש אויפ'ן קאָפּ. מיט דער האַנט האָט ער אויסגעקלאַפּט די ברייטלאַכע הויזן, געוואָרפן אַ צענדליק בליקן אויף די אויסגעפּרעסטע ליניען פונקט אינמיטן, וואָס דערפון זיינען די הויזן געשטאַנען ווי אויס־געצויגענע סאָלדאַטן. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַנטקעגן שפּיגל. אַלעס איז געווען אין אָרדנונג, פּינקטלאַך, האָט ער נאָך צוגעגלייכט דאָס שניפּסל, געקירעוועט זיין ראַזירט קלאָר פּנים אַביסעלע אַהער און אַהין און צו זיך געשמייכלט. די גרינגע פּיס האָבן זיך אָנגעהויבן ביי אים הויבן, די ליפּן האָבן זיך צעשפּי־ליעט, און אונטערן טאַקט פון זיין פייפן האָט ער אויסגעדזשיגעט אַ טענצל.

די מאַמע איז געזעסן ביי אַ שפּיץ פון טיש און געשלענגלט מיט אַ נאָדל־פאָדים אין טאַטנס אויבערהעמד. זי האָט אַלע־מאָל געכאַפּט אַ קוק אויף איר זון. פרייד־טרערן האָבן זיך גע־שלאָגן אין אירע אויגן, געוואָלט אַרויס, זיך באַוויזן, אָבער זי האָט זיי איינגעהאַלטן מיט אַלע אירע כוחות.

דער פאָטער איז כמעט געלעגן אויפן טיש, געקוקט אין בי־כעלע, צונויפגערעכנט די „קאָטשערעס" און „לאָפּעטעס", און דער חשבון האָט אַלץ ניט געשטימט. ער האָט אַלע מאָל געגעבן אַ קראַץ־אונטער לעבן רעכטן אויער, ווי ער וואָלט דאָרטן געזוכט די פאַרשוואונדענע זיבעצן סענט.

„גרשון, כאַפּ אַ קוק", האָט די מאַמע שטיל געשיקט אַ פּאָר מורמלדיקע ווערטער איבער'ן טיש און דערביי געוואָרפן אַן אויג אַף זייער מוזיניק.

„אייסאָך וואָס, אַן אַמעריקאַנער בעל־עגלה, ס'קען דאָך קיין אידיש וואָרט ניט!" — האָט גרשון אָן חשק געענטפערט.

בערנאַרד האָט זיך אָפּגעשטעלט, געקוקט אַף זיינע על־טערן, וואָס זיינען אים צייטנווייז פרעמדלאַך און דאָך האָט ער זיי אַזוי ליב. ער האָט אָנגעשפּיצט די אויערן אריינצוכאַפּן די אָפּגעהאַקטע ווערטער, וואָס האָבן אַרומגעשוועבט איבער'ן טיש צווישן זיינע עלטערן. אַ שווער פרעמד־וואָרט האָט זיך צו אים אריינגעהאַקט פון טאַטנ'ס זייט און געבליבן שטעקן ערגעץ צווישן אויער און מח. איין אייגל האָט ער געפּרואווט אַביסל צומאַכן, אָבער ער האָט אַלץ ניט פאַרשטאַנען. איז ער צו צו דער מאַמען און זי אָנגערירט ביים אַרבל: „מאַ, וואָס מיינט, באַלעגאָלע", פּאַפּע געזאָגט?" די מאַמע האָט זיך צעשמייכלט, אַרומגענומען איר זון און אָוועקגעמאַכט: „וויים איך וואָס, דער טאַטע זאָגט דאָרטן". האָט זיך גרשון אומגעקוקט און מיט ליבלאַכן כעס ארויסגעוואָרפן פון די ליפּן:

„אַ בעל־עגלה איז אַ גוי גמור!"

דאָס וואָרט ג מ ו ר האָט בערנאַרד'ן אינגאַנצן צעטומלט. האָט ער אַלע שווערע ווערטער מיט'ן גאַנצן שמועס אָוועקגעמאַכט. ער האָט זיי בעסער דערציילט אין אַ לאַכנדיקן־טאַנצנדיקן טאָן פון זיינע דערפאָלגן: ווי דער פאַרוואַלטער האָט אים דערלאַנגט אַ קלאַפּ אין פּלייצע און געזאָגט, אַז ער איז „אָל־רייט", ער פאַר־מאָגט אַ באַזונדער סאָלידקייט און פּינקטלאַכקייט אין זיינע הענט־באַוועגונגען.

די מאַמע האָט געשמייכלט פאַר פרייד. דער טאַטע האָט זיינע בליקן באַהאַלטן אין ביכל.

בערנאַרד איז אַוועק צו זיין באַקאַנטן פאָטאָגראַפיסט. אויף די גאַסן האָט ער צעשאָטן שטראַלן צופרידנקייט און פריילאַכקייט. ער האָט געקוקט אַף די דורכגייענדיקע מענטשן מיט פינקלדיקע אויגן. ער האָט זיי געוואָלט איבערגעבן, דערציילן פון זיין גרויסן יום־טוב.

שוין פון זיינע קינדערישע יאָרן האָט ער געהאַט אַן אויג אויף די קנעפּלדיקע מענטשן. עפּעס האָט מען פאַר מענער מיט מונדירן אַ באַזונדערן דרך־ארץ. דערפאַר זיינען טאַקע די טריט פון די מונדירנדיקע פעסטע. די פּלייצעס זיינען ביי זיי שטייפע, אויסגעצויגענע. דאָס היטל זייערס קוקט עפּעס אַריבער קאַפּעליושן, ווי פון אויבן אַראָפּ.

דעם פאָטאָגראַפיסט האָט ער אַ קאַרגע שטונדע געדרייט אַ מח, זיך געשטעלט און געזעצט אין זיבעצן פּאָזעס. פון דאָרטן איז ער אין אַן אַפּטייק אַריין. אָנגעקלונגען פאַר אַ ניקל אין טעלעפאָן. פריער האָט ער איבערגעשיקט אַ ווייץ דער טעלעפאָניסטקע, דערנאָך האָט ער איבערגעגעבן זיין פּרענסים, אַז מען האָט אים אָנגענומען פאַר אַ מאָטאָרמאַן און אַז ער פליט באַלד צו איר אין הויז אַריין, און אַז זיי גייען היינט אין טעאַטער. פּרענסים האָט געלאַכט און אים אָפּגעפּיסקעט אַ פּאָר קושן דורכ'ן טעלעפאָן.

איידער פּרענסים האָט זיך אויסגעפּוצט און אַרומגעזאַלבט, איז שוין בערנאַרד אָנגעקומען. זי האָט אים באַגעגנט מיט אונטערטענצלאַך און אָפענע ליפּן. פריער האָט זי אים געקושט דעם שטערן, די באַקן, דערנאָך האָט זי געשלאָסן אירע ליפּן אין זיינע און געהאַלטן ביז דער אָטעם האָט דערלויבט.

אירע עלטערן האָבן זיי געוואונשן אַ גוטע נאַכט און זייענען אוועק גליקלאַכע.

די אַקטיאָרן האָבן עפּעס געשפּילט אַזוי שנעל. די שפּיל האָט זיך עפּעס פרי געענדיקט. האָבן זיי דערווייל — צו דער טיר פון איר הויז קומנדיק, — זיך אָנגעשפּאַרט ביי דער וואַנט אין קאָרידאָר צו פאַרענדיקן דעם שמועס.

די ווענט האָבן זיי אָנגעקוועטשט די ביינער. די פיס זייענען מיד געוואָרן פון שטיין. די אויגן האָבן זיך צעפונקלט. די בלוטן האָבן זיך צעהוליעט. די נאַכט איז אָט־אָט באַלד אַריבער, ווען ניט דער בייזער מילכמאַן, וואָס האָט אײַלנדיק צעשטעלט די פלעשלאַך ביי די טירן (אַזאַ שטערער!), וואָלטן זיי נאָך אַלץ דאָרט געשטאַנען.

דער ערשטן טאָג, וואָס בערנאַרד האָט זיך אַריינגעשלאָסן

אין זיין קליינעם צימערל, און ווען מען ליגט אים פאַר דעם פּרעזידענט־שטול פאַר די הענטלאַך פונ'ם מאָטאָר, וואָלט ער זיכער ניט געביטן.

ווי אַף פליגלען האָט ער זיך שטיל, קייקלענדיק אַראָפּגעלאָזט פון בראָנקס־פּאַרק סטאַנציע אין 149טע גאַס־סטאַנציע, ווי פון דעכער גליטשנדיק זיך נידעריקער, נידעריקער, און ווייטער זיך שוין געטראָגן אין די קעלערס אונטער דער ערד.

די עלעקטרישע לעמפּלאַך האָבן אים באַגריסט אַף זייערע לימענע, פּאָמעראַנצענע, גרינע און רויטע קאָליר־שפּראַכן, און אים ווי אָנגעזאָגט: אויב ער וועט שאַרף וואַרפן די בליקן אַף זיי, די וועג־שומרים, וועלן זיי אים זיכער פאַרהיטן פון אומגליקן. בערנאַרד האָט עס פאַרשטאַנען און צו זיי געשמייכלט.

ער האָט זיך אַלע מאָל אַרויסגעכאַפּט מיט'ן קאָפּ אַ קוק צו טאָן אַף די מענטשן, וואָס בייטן זיך ביי יעדן אָפּשטעל.

עס איז גוט, האָט ער געטראַכט, וואָס די מענטשן ווייסן ניט, אַז ער פירט דאָס ערשטע מאָל אַ באַן, אַז זייער גורל ליגט ביי אים אין די הענט.

זיין פרייד איז אין אים געוואַקסן און אויפגעגאַנגען, ווי אַף הייוון געקנעטענע.

ער פירט אַזוי פיל מענטשן. וויפיל? אַף יעדער באַנק זיצן פון צוועלף ביז פופצן מענטשן. פיר בענק אין אַ וואַגאָן. פינף־זעקס־זיבן וואַגאָנעס — אַ באַן־קייט, עטלאַכע הונדערט מענטשן, און צו־און־פון־אַרבעט־צייט איז אַזאַ ענגשאַפט, פיס געפלאָכטענע, קאָפּ אַף קאָפּ, ווער קען זיי דען ציילן. אַלע שעה פאָרט ער אַהין און צוריק. נייע מענטשן, אַנדערע. פון דעם געגנט קומען שוואַרצע, פון יענעם געגנט קומען געלע; פון דאָרט קומען לומפּעוואַטע. פון דאַנען קומע רייכערע. און אַלע פירט ער, ער אַליין. אָט יאָגט ער צו דער צוויי־און־פערציקסטער גאַס־סטאַנציע צו. מענטשן טומלען זיך. דער אַרויס, יענער אַריין. מען שטופּט זיך, כוואַליעס קליידער רירן זיך אין געשלאָסענע קאָלירניקע ווענט אַרויף די טרעפּ, אַראָפּ די טרעפּ. אָפּגעהאַקטע ווערטער פליען אַרום, פאַלן אַף פּלייצעס, אַף סלופּעס, אַף דער סטעליע. אויגן שניידן זיך אַריין אין די ווייסע בוכשטאַבן אין

שוואַרצע שילדן: „איז דאָס זייער באַן?" אויב ניט שטעלן זיי זיך אוועק, די מענטשן, כאַפּן אַ קוק אין אַ צייטונג, וואַרפן אַרויס אַ שפּיי אין אַ ווינקל.

ער, בערנאַרד, שטייט זיך רואיק די פּאָר סעקונדן, קוקט צו די רויטע לעמפּלאַך ביי די טירן. ווערן זיי אויסגעלאָשן, איז אַ סימן, אַז אַלע טירן זיינען פאַרמאַכט, און ער פאָרט ווייטער.

האָבן זיך שוין איינגעקריצט אין זיין קאָפּ אַזעלכע מאָדנע טיפּן, וואָס ער באַגעגנט אַלע טאָג, און זיי זיינען געוואָרן מיט־פאָרער אין זיין קליין צימערל.

פּונקט זעקס אַזייגער דאַרף ער זען די אַלטע האַרבאַטע פרוי מיט די שוואַרצע קליידער, מיט דער קוליע אונטער דער רעכטער האַנט, מיט דער אייראָפּעאישער פּענסנע אויף דער נאָז, ווי זי סאַפּעט דאָס, שוויצט און דערשטופּט זיך אַריין פון דער פערצנטער גאַס.

אַרום צען אַזייגער דאַרף זיך באַווייזן אַ דאַר אינגל מיט רויטע האָר, וואָס קוויטשעט אויס אַלע נעמען פון צייטונגען און ענדיגט מיט געזאַנג: „מאָנינג פּייפּ".

פון דער סטאַנציע דאַרף זיך באַווייזן דער לאַנגער נעגער מיט שיך־שנירלאַך אויף זיין אַקסל.

און נאָך, און נאָך. בערנאַרד קען זיי אָן אַ שיר, אָן אַ צאָל. פאָרט ער זיך אַזוי אין זיין צימערל און טראַכט וועגן די פּאָר־שוינען.

איז נאָך אויסגעקומען, אַז בערנאַרד פּלעגט אַהיימקומען אַ האַלבן טאָג אָדער אַנהויב נאַכט פון דער אַרבעט, האָט עס פּרענ־סים נאָך ווי עס איז דערליטן. אָבער ווען בערנאַרד האָט גע־דאַרפט אַרבעטן ביינאַכט, איז דאָס געווען פאַר איר אַ לאַנגע, שלאָפלאָזע נאַכט מיט בייזע פאַרשטעלונגען און חלומות. אָט דוכט זיך איר, ווי מ'עפנט די טיר און מען טראָגט אַריין בער־נאַרד'ן אַ צעקוועטשטן, אָדער מיט אָפּגעשניטענע פיס, אָדער אַ גאַנצער סאָבווי פאָרט אַריין צו איר גלייך אין בעט אַריין.

אַ לאַנגע צייט האָט זי געפירט מיט בערנאַרד'ן אַ קאַמף, געמאַכט פּלענער וועגן אַן אַנדער אַרבעט אָדער ביזנעס. די דאָ־לערס האָבן זיך אָבער ניט געקליבן, זיינען די פּלענער דערוייל

אין קאָפּ פאַרבליבן. די צייט איז זיך געגאַנגען איר וועג, און בערנאַרד האָט גערדרייט די הענטלאך פונ׳ם מאָטאָר.

אַז מען טרעפט נאָר אָן דעם ריכטיקן שטיין, און מען ווייסט וואו צו דערלאַנגען דעם קלאַפּ, קען ער געבן וואַסער.

לואי, בערנאַרד׳ס חבר, האָט שוין פיל מאָל געבעטען פרענ־סיס׳ן זי זאָל מיט אים ערגעץ גיין זיך פאַרווײלן. אָבער זי האָט אַלץ ניט געוואָלט, אי ווייל ס׳איז ניט שיין אַ יונגע פרוי זאָל זיך פאַרברענגען ווען דער מאַן איז ביי דער אַרבעט, אי ווייל לואי איז געווען צו נאָענט צו בערנאַרד׳ן.

נאָר אין אַ דאָנערשטיק אָוונט, ווען בערנאַרד איז אַ מידער אַריין אין זיין הויז און געטראָפן לואי׳ן מיט פרענסיס׳ן ביי אַ גלעזל טיי, האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז זיי האָבן ביידע פאַר־ביסן מיט די ליפּן עפּעס אַ סוד. ערגעץ אין די געדערים האָבן זיי אַריינגעשלונגען די פריערדיקע שמייכלען. און אפשר האָבן זיי זיך געקושט אויך, און אפשר? — אָבער בערנאַרד האָט זיך געשעמט אָנצוהאַלטן זיין ערנסטקייט, האָט ער זיך צעשמייכלט און דערלאַנגט לואי׳ן אַ האַנט.

שפּעטער האָבן זיי באַם עסן זיך אויסגעפרעגט און אויס־דערציילט איינער דעם צווייטן זאַכן און נייעסן. די בליקן זייערע האָבן זיך אַמאָל פאַרטשעפּעט, זיך אַריינגעבליצט איינער דעם צווייטן מיט אַ צופאַסונג־וואָרט, אַ מין אויספאָרשונג בליק.

בערנאַרד האָט אין געדאַנק, אין מיטן געשפּרעך, אָנגע־כאַפּט לואי׳ן באַם גאָרגל און זיך גע׳כעס׳ט: „זאָג, לואי, גנב׳עסט ליבע פון מיין פרוי?" אָבער ער האָט זיך צעשמייכלט: „אַזעל־כע נאַרישע געדאַנקען!"

„וואָס שמייכלסטו, בערנאַרד?" — האָט פרענסיס באַ־מערקט.

„מם", — האָט בערנאַרד געטראָגן דעם לעפל פון מויל צום טעלער, — „איך האָב זיך דערמאָנט אַ סצענע אויף דער זעקס־און־אַכציקסטער גאַס־סטאַנציע: אַזוי ווי איך בין צוגעפאָרן, האָבן זיך די טירן צעעפנט און די מענטשן האָבן אָנגעהויבן אַרויס, האָט זיך פּלוצלונג דערהערט אַ פּליאַסק אין אַ באַק אַריין. דער־נאָך האָט מיר דער קאָנדוקטאָר דערציילט, ווי אַ פּאָרל איז נאָך

ארוים פון וואגאָן, איז צוגעלאָפן א פרוי און דערלאַנגט דעם מאַן א פּאַטש. איז ער צוריק אריין אין וואגאָן, און ביידע פרויען זיינען געבליבן אויף דער סטאַנציע.

זיי האָבן אַלע דריי געלאַכט, און בשעת מעשה באַזונדערע געדאַנקען זיך געטראַכט.

אָבער בערנאַרד איז שוין רואיק ניט געפאָרן אין זיין צי־מערל. ער האָט זיך פאַרגעשטעלט, ווי ער קומט אַהיים און טרעפט א בריוול אויפ'ן טיש: „אָ, מיין טייערער בערנאַרד! מער קען איך ניט זיין קיין פרוי פון א מאָטאָרמאַן. בלייב גע־זונט, דיין פרענסים!"

ביי יעדער סטאַנציע האָט זיך אים אויסגעוויזן, ווי ער האָט זיי געזען אַנטלויפן, זיין פרוי מיט לואי'ן. און אפשר האָט ער זיי נאָך אַליין געפירט? וואָס ווייסט ער, וואָס עס טוט זיך אין די וואַגאָנען? ער פירט די מענטשן. ער ברענגט יעדן צו זיין ציל. אָבער צי האָבן די מענטשן אַן אינטערעס אין אים? ניין! זיי זיינען בלויז פּאַסאַזשירן. איילנדיקע, שנעל־צוגיקע, פאַר־זיך־אַליינקע באַשעפענישן. אַזעלכע ביליקע, ניקלדיקע. לויפן, פליען, ארויס, אריין, מיט כעס, מיט שטעכעדיקע אויגן. אויף וועמען זיינען זיי דען ברוגז? בליקן אַזעלכע פרעמדע, מיט־קיינעם־זיך־ניט־אָנקערנדיקע, ווי יעדער זאָל דאָס האָבן פּלוצים אַראָפּגעפאַלן אין א פרעמד לאַנד.

און אַז בערנאַרד קומט אַהיים, טרעפט זיין פרוי און קינד דרימלענדיקע, אָדער אַמאָל שפּילנדיקע, פאַרגעסט ער אָן אַלע פּאַסאַזשירן, אָן זיין מאָטאָר, אָן זיין קליין צימערל — און פרייט זיך מיט זיי.

אודאי וואָלט בערנאַרד וועלן זיך שפּילן מיט'ן קינד, ארויס־פאָרן ערגעץ מיט פרענסים'ן, ער איז אָבער מיד און שלעפערדיק.

זיצט פרענסים בא זיין בעט און באַדויערט, שטיל אין איר קאָפּ, זיין און זייער לעבן: „ארבעטן מענטשן אין שעפער, אין געשעפטן, ווייסט מען דאָך אויך פון אָפּרו־צייט. גייט מען דאָך אויך אַמאָל אין טעאַטער, אַמאָל צו גאַסט, אָבער איר בערנאַרד אַרבעט באַנאַכט, דאַרף זי ליידן. מוז זי טאַקע איר גאַנצן לעבן

אָט אזוי אָפּדרימלען?... איז אפשר לואי געלעכט?... דאָס קינד?"...

ווען בערנארד שלאָפט שוין אין טאָג אריין, זיצט פּרענסים ביים פענסטער, קוקט אױף די דורכגייער: „אזוי פיל מענער גייען ארום אין גאַס, וואכעדיקע, פון ארבעט, צו ארבעט, און ער?"

און בערנארד האָט דערפילט די שווערע טעג, וואָס קומען און לייגען זיך ווי שטיינער אויף זיין קאָפּ, אויף זיינע פּלייצעס. ער האָט דערזען זיין נאכטישן טאָג, די שטענדיקע נאכט זיינע. מענטשן פארלירן אין סאָבוויי אַ שטונדע, צוויי, אָבער ניט ווי ער, זיין גאנצן טאָג פארלירט ער, זיין לעבן.

אָפּטמאָל, ווען עס קומט אים אוים אַהיימצוגיין אינדער־פרי פון דער ארבעט, רייבט ער זיך די אויגן, ער קען ניט קוקן אין דער טאָגישער ליכטיקייט. ס׳דוכט זיך אים, אז ער האָט פארבלאָנדזשעט, אראָפּגעפירט זיך פון די רעלסן. שפּעטער דער־מאָנט ער זיך אין זיין נאָענטער פארגאנגענהייט, זיינע שול־יאָרן, ווען די גאַס האָט געהערט צו אים, דער טאָג איז געווען זיינער.

אודאי וואָלט זיך אים וועלן באפרייען, נאָר ער האָט דאָך אַ פרוי, אַ קינד. ווען עס זאָל זיך אזוי אַ עפּעס מאכן, פון זיך אליין. ער גיט אַ פארמאַך די אויגן אין ניו יאָרק, און עפנט זיי אויף ערגעץ אין אַ פרעמד לאנד, וואָלט ער געווען גליק־לאַך.

אָבער ער ווייס דאָך שוין בלייבן דאָ, און אזוי שוין אָפּ־פאָרן זיין לעבן באַם מאַמאַר אין קליינעם צימערל פון סאָבוויי.

זומער־צייט, שבת׳ן און זונטיק׳ן, ווען די יונגוואַרג פאר־לאָזט די גרויסע שטאָט און פארשפּרייט זיך אין די פארקן, איז ער מער אויפגעלייגט. דורך זיין באַהאַלטענער קנאה רייסט זיך ארויס אַ שמייכעלע און צעלייגט זיך אויף זיין פּנים. אין די מינוטן, ווען ער קוקט אויף די קורץ־הויזנדיקע מיידלאַך און בחורים, מיט צעכראַסמטעטע העמדלאַך, לעבט ער איבער זיינע קינדערשע און אינגלשע יאָרן. אין די מינוטן, ווען ער באגעגנט די פרעמד־פעלקערישע יונגנט מיט די צעפלאַמטע פּנים׳ער און קלוג־שפּיזל־דיקע בליקן, מיט זייער הויכן גלעקלדיקן געלעכטער, מיט זייערע

פארשיידן־שפראכיקע אויסרופן, מיט די רויטע בלוזקעס, קווייט־לאך און לענטלאך, וואס רייסן אויגן אויף, — עפנט ער מויל און אויערן, ווי ער וואלט וועלן איינשלינגען עטלאכע שיסלען פון זייער פרייד, צו דערנערן זיך לעפלווייז אין די אומעטיקע שעה׳ן.

אבער די לאכנדיקע יוגנט לאזט זיך ערגעץ אוועק, זייערע קלאנגען רייסן זיך אין אים אפ, ווערן שטילער, שטילינקער, שטיל, שא.

און ער יאגט דעם סאבוויי אונטער דער ערד, צווישן טויבע, גרויע, פארגליווערטע ווענט, וואס קלינגען ניט אפ דעם עכא פון זיין טומל, וואס ער רעש׳ט אף די רעלסן.

וואלט ער וועלן זיין כעם ארויסרייסן פון זיין הארצן און באשמירן די רעדער פון די וואגאנעס. זאלן זיי הילכיקער, הודזשעדיקער גרילצן און רעווען אויף די שטאלענע ליניעס, און צוזאמען מיט אים זיך ארייננבייסן אין זייער נאכטישן טאג.

# אָשר'קע דער יאַט.

נאָך ווען אָשר'קע, מנחם דעם מלמד'ס, איז אַלט געווען פערצן יאָר, האָט מען אים געקרוינט מיט'ן נאָמען אָשר'קע דער יאַט. ס'גאַנצע שטעטל האָט אים אַזוי גערופן, און ווען עמיצער האָט נאָר אַרויסגערעדט דאָס וואָרט „יאַט" אַליין, האָט מען שוין געוואוסט, אַז דאָס מיינט מען אָשר'קען.

אָשר'קע איז געווען אַ אינגל מיט אַ פּאָר בלויע דורכזיכטיקע אויגן, בלאָנדע געקרייזלטע האָר, און רויטלאַך אָנגעבלאָזענע באַקן. דער קערפּער זיינער איז געווען האַלב קיילאַכדיק מיט אַ הויכלאַכן בייכל. דערפאַר טאַקע פלעגט מען, נאָך אַלס פּיצל קינד, אים רופן „פּעמפּאַק". ווען אָשר'קע האָט זיך אָנגעהויבן באַגעגנען אין גאַס מיט קינדער, שפּילן אין „קיסרים" און אין פערדלאַך, האָבן די קינדער אָפּט געדאַרפט זיך אָפּטראָגן צו זייערע עלטערן מיט געוויינען, ווייל אָשר'קע האָט זיי ניט איין טערעבענץ געשיינקט. האָבן טאַקע אַלע קינדער געציטערט פאַר אים: פונדערווייטנס פלעגן זיי אָנבלאָזן די באַקן און שרייען: „פּעמפּאַק". אָשר'קע האָט אויך ניט בראַקירט מיט גוי'אישע חברים. ער פלעגט זיך אָפּט אַריבערכאַפּן אין זייערע לאַגערן און קלעטערן מיט זיי אַף די שפּיציקע בערג הינטערן שטעטל. די גוי'אישע חברים האָבן פאַר אים דרך־ארץ געהאַט, ווייל אָשר'קע איז געווען אַ געזונטער קערל, און האָט זיי אָפּט געסטראַשעט מיט מלחמה. ער האָט אויך אַף גיך איבערגענומען זייער שפּראַך און פלעגט זיך מיט זיי אויס־טענה'ן ווי אַ זייעריקער. די אידישע חברים זיינען אים מקנא געווען פאַר זיין דרייסטקייט. אונטער די אויגן אָבער פלעגן זיי אים רופן: גוי־לאַדענוי!

און מנחם דער מלמד, וואָס איז צו די פרעמדע תלמידים גע־וועזן זייער שטריינג און פלעגט זיי ניט איין קאָנטשיק דערלאַנגען, האָט איבער אַשר׳קען קיין גרויסע שליטה ניט געקאָנט האָבן: אַשר׳קע פלעגט זיך פון אונטער זיינע הענט ארויסגליטשן, און אוועקלויפנדיק פון אים, ארויסשטעקן א לאַנגע צונג... ווען אַשר׳קען איז געוואָרן דרייצן יאָר, איז שוין מנחם דער מלמד, זיין טאַטע, מער צווישן די לעבעדיקע ניט געווען. אַשר׳קעס א פעטער האָט אים געלערנט צו לייגן תפילין און זאָגן קדיש. אַשר׳קע האָט אָבער פון דעם קיין גרויסן ווען ניט געמאַכט: ער האָט ניט צוגעזאָגט צו ווערן פרום, ווי אַנדערע קינדער טוען בשעת בר־מצוה ווערן; פאַרקערט, ער האָט פון אָנהויב אָן געזוכט זיך ארויסצודרייען פון א דאַווגען.

האָט אים טאַקע דער פעטער אָנגערופן אפּיקורס, גוי, גראָבער יונג. די מאַמע פלעגט וויינען, און אין ענדע האָבן זיי ביידע, סיי דער פעטער און סיי די מאַמע, באַשלאָסן אוועקצוגעבן אַשר׳קען זיך צו לערנען א מלאכה, ווייל קיין לייט וועט שוין פון אים אַלץ איינס ניט זיין, און וואָס וועט אַן עלנטע אלמנה מיט אים טאָן?

און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַשר׳קעס קאַריערע אַלט יאָט: מען האָט אים אָפּגעגעבן צו בערל׳ען דעם סטאָליאַר זיך לערנען די אַרבעט. בערל דער סטאָליאַר האָט אים צוגענומען צו זיך אַף קעסט, אָפּגעשריבן א קאָנטראַקט אַף פינף יאָר צייט, אַז אַשר׳קע זאָל זיך בא אים לערנען אָן געלט.

האָט זיך אַשר׳קעס מח א צונד געטאָן: ער איז פאַרקויפט אַף פינף יאָר צייט צו בערל׳ען דעם סטאָליאַר. בערל דער סטאָליאַר איז זיין האַר, זיין באַלעבאָס, און ער, אַשר׳קע, איז זיין קנעכט. ס׳קליינע הערצל האָט געציטערט. אַף אַשר׳קעס קינדערשן געזיכט האָט זיך אָפּט אַן ערנסטקייט פאַרשפּרייט, און אין זיינע אויגעלאַך האָט דער צאַנקענדיקער פייערל זיך אָנגעהויבן פאַנאַנדערצוברענען.

א יאָר צייט האָט אַשר׳קע געאַרבעט בא בערל׳ען, דעם סטאָ־ליאַר, און האָט גאָרניט געערדט קעגן באַלעבאָס. ר׳האָט אים אַלץ געפאָלגט, געלאָפן פאַר אים אין שליחות, געהאָלפן דער באַלע־באָסטע, חיה־גיטל׳ען, אין הויז, און אַנדערע זאַכן געטאָן. ער האָט זיך אָבער די מלאכה אויך גוט געלערנט, כאָטש בערל דער

סטאָליאר פלעגט אים האַלטן אביסל פונדערווייטנס פון דעם ווערקשטאַט.

און פונקט צום יאָר האָט זיך געטראָפן אזא געשיכטע: אַן ארבעטער פון בערל'ס סטאָליארנע פלעגט זיך אַלע טאָג ברייגנען זיסע וואסער צום טרינקען. ס'פלעשל פלעגט ער אוועקשטעלן אַף א פּאָליצקע אין אַ ווינקל פון סטאָליארנע. דעם באַלעבאָס האָט פאַליובעט ס'וואסער און ער פלעגט זיך אָפּט צורוקן צום פלעשל, ארויסשלעפּן דעם קאראק און באַפּן א פּאָר זשליאָקעס. אָשר'קע האָט דאָס באמערקט. ער האָט אָבער געמאַכט א שווייג, נאָר פלעגט אונטן ארום אונטערווינקען מיט אַן אויגל צום באַלעבאָס' פּלייצע...

און ווען איינמאָל אין אַ הייסן זומערדיקן טאָג איז קיין וואסער אין סטאָליארנע ניט געווען און אָשר'קע האָט זיך אביסל אונטער־געפוילט צו גיין צום ברונעם ברייגנען וואסער, און דער באַלעבאָס וואָלט פאַר דעם טאַקע ברוגז ווערן, ווייל ער אַליין האָט ס'וואסער ניט געדארפט, האָט זיך אָשר'קע אונטערגע'גנב'עט צום פּאָליצקע, ארונטערגענומען ס'פלעשל מיט זיסע וואסער און געגעבן עטלאכע זשליאָקעס. אשר'קע האָט זיך דערפרישט. ער האָט געפילט א דערקוויקעניש איבער אַלע אברים, און האָט זיך דוקא מיט ישוב הדעת גענומען צוריק פארשטאָפּן ס'פלעשל מיט'ן קאָריק, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז דער צווייטער ארבעטער איז איצט ניטאָ אין סטאָליארנע. דאָ האָט אימיצער זיין קאָפּ אַף הינטן א דריי געטאָן. ער האָט פאַר זיך דערזען בערל'ען דעם סטאָליאר, וואָס האָט אים מיטן גאַנצן כח געשלעפּט פאַרן אויער און אים גלייך אין די אויגן געקוקט.

— א, דו פּאַסקודניאַק איינער, זיסע וואסער ווילט זיך דיר.

און ער האָט אָשר'קען אָפּגעשטעקט אַ פּאָר פלאַמענדיקע פּעטש.

אָשר'קע האָט זיך אין אָנהויב צעטומלט, און ס'האָט זיך אין אים דערוועקט א פאַרלאַנג צו דערלאַנגען מיט עפּעס איבערן קאָפּ זיין בארמהארציקן באַלעבאָס. ער איז אָבער באַלד רואיק געבליבן, אַ שמייכל האָט זיך איבער זיין צאָרנדיקן פּנים דורכגעגליטשט. ער

האָט די פארטשטעמעטע ליפּן פאנאנדערגענומען און מיט געלאַ־סענע טריט האָט ער זיך צוריק צום ווערקשטאַט געלאָזט גיין.

אַף מאָרגן, ווען דער באַלעבאָס איז, ווי געוויינלאך, צוגעקומען צום פלעשל און האָט עטלאָכע זשליאָקעס גענומען, איז ער ווי אַ ווילדע חיה פון פּאָליצקע אַפּגעשפּרונגען. ס'פלעשל איז פון זיינע הענט אַרויסגעפאַלן. זיינע אויגן זיינען געווען אויסגעשטאַרטשעט און דערשראָקען. ווי אַ בייזער הונט איז ער צו אַשר'קען צוגעלאָפן און אים פאר די אויערן אָנגעהויבן דרייען: אָ, דו באַנדיט, דו ממזר איינער, דאָס האָסטו מיר אָפּגעטאָן: זאַלץ און פעפער אין פלעשל אַריינגעשאָטן. איך וועל דיך אָנלערנען!

אָשר'קע האָט אין די הענט געהאַלטן אַ שווערן האַמער. ער האָט זיך אויסגעקירעוועט צום צעווילדעטן בערל'ען, אים דערלאַנגט צוויי בוכצעם אונטער די זייטן, פונקט ווי ער פלעגט אַמאָל צי די קינדער טאָן, און דער שווערער האַמער איז געפלויגן איבער דער סטאָליארנע, האָט זיך מיט אימפּעט אַ וואָרף געטאָן צו אַ פאַרטיקן, אָפּגעפּאָלירטן קאַמאָד, דורכגעלעכערט די זייטיקע ווענטלאך, און זיך נאָכדעם אַוועקגעטראָגן צו אַ פּאָלירטער, פאַר־פאַרטיקטער בעט.

אַ ווײַלע איז בערל געשטאַנען און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. נאָכדעם האָט ער זיך נאָך מיט מער אימפּעט אַ וואָרף געטאָן אַף דעם קליינעם אָשר'קען און מיט די נעגל זיך איינגעקלאַמערט אין זיין האַלז. אָשר'קע האָט אים הינטן אַרום נאָך עטלאָכע בוכצעם דערלאַנגט, און ווען דער צווייטער אַרבעטער האָט בערל'ען פאַר'ן קאַרק אַ נעם געטאָן און אים פון אָשר'קען אָפּגעצויגן, איז אָשר'קע ווי אַ קאַץ פונ'ם פלאַץ אַרויסגעשפּרונגען און האָט צופרידן געלאַכט פון זיין אויפטו.

אָשר'קע האָט געזאָגט, אַז ער האָט בערל'ען אין דר'ערד, און ער וועט שוין מער צו אים ניט גיין אַרבעטן.

בערל דער סטאָליאַר איז אָבער אויך קיין פראַמאַך ניט געווען. פיר יאָר דאַרף ער נאָך באַ אים אַרבעטן, אָט דער משומד. וועט ער אים שווייגן? איצט ערשט ווייסט ער שוין אביסל די אַרבעט און ער, בערל, וואָלט אָן אים געקאָנט פאַרדינען.

בערל האָט גענומען דעם קאָנטראַקט, איז אוועקגעגאַנגען צו ראובן דעם אַדוואָקאַט, וועלכער האָט פאַר אים אָנגעשריבן אַ קלאַגע אין געריכט קעגן אָשר'קעס מוטער.

ווען די פּאָוועסטקע איז אָנגעקומען צו דער אַלטער מנוחה'ן, אָשר'קעס מוטער, האָט זי זיך אַפילו גאַנץ שטאַרק דערשראָקן. אָשר'קע האָט זי אָבער אַרומגענומען, געגלעט איבער די מאָגערע אויסגעדאַרטע באַקן און געזאָגט: „מאַמע, פאַרלאָז זיך אַף מיר"...

די אַלטע אויסגעוויינטע אויגן האָבן צו אָשר'קען אַ פינקל געטאָן: „טו נאָר אָקאָרשט אַ קוק אַף דעם פאַרשוין"... און דאָך האָט זי אַזוי הנאה געהאַט פון איר קינד'ס ווערטער.

און ס'איז געוועזן אַזוי: ס'גאַנצע שטעטל איז געגאַנגען כאַדאַראַם. ס'איז געוועזן ווי אַ יום־טוב טאָג. אַ סך האָבן די אַרבעט אוועקגעלייגט, פאַרשלאָסן די קראָמען און זיך געלאָזט צום געריכט.

ווען דער ריכטער האָט אויסגערופן דער אָנגעקלאָגטערס נאָמען, האָט זיך אָשר'קע אויפגעהויבן און דערקלערט, אַז ער וועט אויפטרעטן פאַר זיין מוטער.

אַלעמענס פּנים'ער האָבן נייגעריק געקוקט צום קליינעם אָשר'קען. דער ריכטער האָט אַ שמייכל געטאָן און גערופן אָשר'קען צום שטול.

האָט דער עולם הנאה געהאַט צו קוקן, ווי דער אַלטער בערל הויבט זיך פון פּלאַץ, ווען אָשר'קע דערציילט פאַר'ן ריכטער די געשיכטע מיט'ן פלעשל וואַסער. און אָשר'קע האָט דאָס דערציילט אונדערשראָקן, געשילדערט פאַרן עולם ווי אַזוי די זאַך האָט פּאַסירט. דער עולם האָט געקייכט פון געלעכטער, דער ריכטער האָט זיך צוגעהערט און געביסן די אויבערשטע ליפּ צו פאַרשטעלן זיין שמייכל, און ווען אָשר'קע האָט געענדיקט האָט דער ריכטער אַרויסגערעדט:

— דו ביסט פריי, קליינער יאַט, דו דאַרפסט מער צו אים ניט גיין אַרבעטן...

פון דאַן אָן רופט מען אים: אָשר'קע דער יאַט.

* * *

אָשר'קע פלעגט שטענדיק זאָגן: מיין נאָמען „יאַט" וועט פון

מיר קיינמאָל ניט פאַרשעמט ווערן. און אַזוי איז דאָס טאַקע געווען:

אַשר'קע האָט זיך ניט געשעמט וואָס ער, מנחם'ס זון, איז גע־וואָרן אַ בעל־מלאכה. ער האָט דוקא הנאה געהאַט צו אַרבעטן פאַר אַ באַלעבאָס און פילן, אַז ער, דער באַלעבאָס, פאַרדינט אָן אים געלט. שטילערהייט פלעגט ער דאָס אָפט זאָגן צו די איבעריקע אַרבעטער, ווען דער באַלעבאָס פלעגט גראַדע פון סטאָליאַרנע אַרויסגיין.

— פאַרוואָס ביסטו ניט צופרידן? — האָט אים איינמאָל געפרעגט שמחה דער געשטופּלטער.

אַשר'קע האָט זיך פאַרטראַכט. אַ שנאָרכע געטאָן מיט דער נאָז, און מיט ברייט צועפנטע אויגן אַזוי דערקלערט:

— כ'ווייס ניט פאַרוואָס דאָס איז, נאָר איך פיל, אַז עפּעס האָב איך קעגן אים. און מיר ווילט זיך אָפט אים אָננעמען פאַר'ן גאָרגל און זאָגן: הער נאָר דו...

אַשר'קע האָט נאָך ניט פאַרענדיקט די ווערטער, ווען דער באַלעבאָס איז צוריק אַריינגעקומען און זיך דורכגעדרייט לעבן די צוויי שמועסער...

ווען מען איז אַהיים געגאַנגען, האָט שמחה געקלאַפּט אַשר'קען איבער דער פּלייצע: „אַשר'קע, ביזט אַ יאָט, קום מיט מיר"...

עס האָט זיך פאַר אַשר'קען אַ נייע וועלט געעפנט. שמחה האָט אים געבראַכט צום „בונד" און געזאָגט צו די חברים: „חברים, דאָס איז אַן אויסגעצייכנטער יונג, מיר וועלן פון אים מאַכן אַ לייט"...

און חברה האָבן ליב געקראָגן אַשר'קען, און אַשר'קע האָט זיי ליב געקראָגן. ער האָט געשלונגען די רעדעס אויף די געהיימע פאַרזאַמלונגען; ער האָט זיך געקוויקט מיט די בראָשורן, וואָס מען פלעגט אים אַלעמאָל אונטערטראָגן. אַשר'קע האָט שוין אָנגע־הויבן באַגרייפן פאַרוואָס ער איז אַ שונא צום באַלעבאָס. מיט שמחה'ן פלעגט ער שוין גאַנץ אַנדערש שמועסן ווי פריער; זיינע אויגן האָבן שוין אָפט ווי מיט זיילן פייער געשפּריצט, ווען ער פלעגט ריידן וועגן די „ברידער אַרבעטער".

אַרבעט איז פאַר אַשר'קען געווען אַ סך: ווער וועט פאַרטיילן

ליטעראַטור? ווער וועט אַן אויפרוף צו די אַרבעטער אויסקלעפּן?
— אָשר'קע! דאָס אַלץ איז געווען אָשר'קעס אַרבעט.

האָט זיך געמאַכט אַ סטרייק, איז אָשר'קע שטענדיק געווען אַפּ'ן פּלאַץ, און די באַלעבאַטים האָבן פאַר אָשר'קען טאַקע פּשוט מורא געהאַט.

און ווען איינמאָל בא אַ געהיימער פאַרזאַמלונג האָט מען זיך דערוואוסט, אַז הינטערן פענסטער שטייט ריאורקא דער פּאָלי־ציסט, און אַז אָט באַלד וועלן אַלע אַרעסטירט ווערן, איז געוואָרן אַ שטיקל מהומה. האָט אָשר'קע אַלעמען באַרואיקט. ער איז דורך אַ פינסטערן פענסטער אַדורכגעבראָכן, זיך פאַר'גנב'עט אונטערן פּאָליציסט, אַ זאַק איבער זיין קאָפּ אַרויפגעטאָן. און צו אים געזאָגט בזה הלשון: „הער, בחור, ווילסטו בלייבן לעבן, טאָ שוויג שטיל, וואַרף שוין אַרונטער דיין געווער און מאַך דעם וועג; ווען ניט — דערשטיק איך דיך גלייך.

ריאורקא האָט געפאָלגט, אַרונטערגעוואָרפן ס'געווער, און איז אַזוי שטיל געשטאַנען ביז אַלע פאַרזאַמלטע זיינען זיך צו־גאַנגען. נאָכדעם האָט אָשר'קע דעם זאַק אַרונטערגענומען און געזאָגט צו ריאורקא'ן: „נאַ, זע, דאָס בין איך, אָשר'קע דער „יאַט", נאָר וויים וואָס דו האָסט צו טאָן...

דאַן האָט אָשר'קע נאָך די זעלבע נאַכט געמוזט פאַרלאָזן דאָס שטעטל און אַנטלויפן פון פּוילן — אַזוי האָט די פּאַרטיי געפאָדערט.

* * *

אָשר'קע איז פון פּוילן אַליין שוין ניט געפאָרן. הגם ער איז געווען שטאַרק פאַרנומען מיט פּאַרטיי־אַרבעט האָט ער דאָך באַ־וויזן צו באַמערקן די חנ'עוודיקע בריינדל און האָט זיך טאַקע אין איר פאַרליבט.

די חנ'עוודיקע בריינדל האָט דאָס געוואוסט און האָט שטאַרק הנאה געהאַט, וואָס אַזאַ בחור, ווי אָשר'קע דער יאַט, האָט זי ליב; זיי האָבן אָבער וועגן דעם קיינמאָל ניט גערעדט.

ווען די חברים האָבן באַשלאָסן, אַז אָשר'קע מוז אַנטלויפן, כדי מען זאָל אים צום צימבל ניט נעמען, איז בריינדל צו אים געקומען און געזאָגט: אָשר'קע, כ'וויים, אַז דו האָסט מיך ליב,

און לאָמיר צוזאַמען פאָרן. אַשר׳קע האָט זי אַ קוש געטאָן און נאָך די זעלבע נאַכט זיינען זיי ביידע פון שטאָט אוועקגעפאָרן.

2.

אַשר׳קע דער יאַט, וואָס איז געוואָרן אַ קאַנאַדער איינוואוינער, האָט זיך אין כאַראַקטער ניט געענדערט. טאַקע אמת, אַז אַ לעבן צו מאַכן איז אָנגעקומען שווער, און אַ פאָר „קאָטינקעס״, ווי ער פלעגט רופן זיינע צוויי קינדערלאַך, זיינען אויך צוגעקומען. אין דער באַוועגונג מוז מען דאָך אָבער זיין טעטיק...

און ס׳איז געוועזן אַזוי: יעדע פרייע שטיקל צייט פלעגט אַשר׳קע אוועקגעבן דער באַוועגונג, וואָס איז שוין אַוועק אַ ווייטן מהלך. אַשר׳קע איז שוין געווען אַ מיטגליד פון דער קאַנאַדער קאָמוניסטישער פאַרטיי. פלעגט ער פאַרשפרייטן קאָמוניסטישע ליטעראַטור און ניט איין פּאָליצייאישן „קלאָב״ כאַפּן דערפאַר. האָט מען אים ניט איין מאָל אין געריכט געוואָרנט: „בחור, דו וועסט דיינע יאָרן אין תפיסה פאַרברייננגען!״

אַשר׳קע האָט זיך ניט געשראָקן. איינדערפרי אוועקגייענדיק צו דער אַרבעט פלעגט ער זאָגן צו זיין בריינדל׳ען: „הער, בריינדל, טאָמער קום איך ניט צוריק, זאָלסטו זיך ניט ערגערן, מסתמא וועל איך פאַר אַ פאָר שטונדן פאַרברענגען אין קוטשעמענט״.

פירט מען דורך דעמאָנסטראַציעס און פּאָליציי שטערט, נעמט אַשר׳קע אונטערן מאַנטל אַ צענדליק פּלאַקאַטן, און ווען פּאָליציי צעררייסט איינעם בײַ די דעמאָנסטרירנדיקע, ווייזט זיך באַלד אַ צווייטער, אַ דריטער און אַז. וו. פּאָליציי ווערט אויפ־גערעגט, וואַרפן זיך צו די דעמאָנסטראַנטן, פּאַקן אַשר׳קען מיט די פּלאַקאַטן און ער זיצט שוין ווידער הינטער די גראַטעס פאַר אַ פאָר טעג.

אָט אַזוי האָט אַשר׳קע געלעבט. יאָרן זיינען ניט געשטאַנען. אַזאַ סאָרט לעבן האָט אפילו אַף אַשר׳קען געווירקט, שוין אָפּגע־רעדט פון זיין פרוי. איז בריינדל אָפּגעשוואַכט געוואָרן. אַ לעבן צו מאַכן איז פאַר זיי געוואָרן נאָך שווערער, אַ טעגלאַכער באַ־זוכער צו דער פּאָליציי האָט שוין אַשר׳קע געמוזט זיין... —

באַשליסן מאַן און ווייב ווייטער צו וואַנדערן. וויל אמעריקע פאַר זיי אויכעט, ניט־מיר־ניט־דיר, די טויערן ניט עפענען. זאָגט אָשר׳קע: „כ׳האָב זיי אין דר׳ערד. די גאַנצע וועלט איז מיינע: דאָרטן, וואו איך וועל אַרבעטן האָב איך א חלק״... און ער קומט צופאָרן קיין אמעריקע אומגעבעטענערהייט...

3.

ווען דער פייף האָט זיך איבערן שאַפּ צוטראָגן און אָנגעזאָגט, אַז ס׳איז צוועלף, איז שוין אָשר׳קע געווען לעבן שאַפּע און פון דאָרטן אַרויסגעטאַשטשעט א גרויסן שקאַרמוץ מיט עסן. נאָכדעם האָט ער זיך ברייטלאַך צוליגט מיטן עסן אויף א ווערקשטאַט, האָט מיט פאַרזשמורעטע אויגן א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, און ווי צו זיך אַליין שטיל געזאָגט: „אי, א וועלט, א וועלט!״...

די אַרבעטער, וואָס זיינען געזעסן לעבן אים האָבן געוואַרט, אַז אָשר׳קע זאָל אָנהויבן צו ריידן און זיי דערציילן פון זיין פאַרגאַנגענהייט, ווי ער טוט דאָס אַלעמאָל.

אָשר׳קע האָט אָבער געשוויגן און ווייטער גענישטערט וואָס דאָרטן אין שקאַרמוץ טוט זיך.

די אַרבעטער האָבן פאַרשטאַנען, אַז וויבאַלד אָשר׳קע האָט געשוויגן ביז איצט וועט ער שוין שווייגן די גאַנצע האַלבע שעה, וואָס זיי האָבן פאַר „לאָנטש״. איינער פון זיי האָט זיך אָפּגע־רופן:

— נו, אַזוי הייסט עס, אָשר׳קע, איז דער ערד־קוגל פאַר דיר צו קליין!...

אָשר׳קע האָט ברייט פאַנאַנדערגעעפנט די אויגן, א שטאַרקן קיי געטאָן דאָס אָנגעפּאַקטע אין מויל און אַרויסגעברומט: צו קליין? ניין, פאַר מיר איז עס ניט צו קליין. הלואי וואָלט דאָס נאָר געווען אין מיין רשות, וואָלט דער ערד קוגל געווען געניג גרויס...

— נאָר? — האָט דער זעלבער אַרבעטער געפרעגט.

אַראָפּשלינגענדיק דעם ביסן האָט זיך אָשר׳קע דערפילט פרייער, א מאַך געטאָן מיט ביידע הענט און געענטפערט:

— נאָר, איך ווייסט דאָך, מיסטער דייוויס׳ן געפעל איך

ניט, אַ צו געפּערלאַכער יונג בין איך פאַר אים, אַ יאַט, וואָס קען זיך אַריינ'גנב'ענען אין זיין גאָלדענעם לאַנד... נו, דאַרף מען ניט, כ'האָב אים אין דר'ערד.

אָשר'קע איז מיטאַמאָל אַנטשוויגן געוואָרן. זיינע אויגן האָבן ערגעץ געקוקט אַף אַ באַלקן, און די ליפּן האָבן געציטערט...

אַ טויטע שטילקייט האָט אַ ווײַלע געהערשט אין שאַפּ. די ביסנס זיינען באַ אַלעמען געבליבן אין די מײַלער ניט קיין דער־פּייטע. ס'ערשטע מאָל, אַז זיי זעען אָשר'קען אַזוי ערנסט.

— וואָס איז אָשר'קע? וואָס איז?

אָשר'קע האָט זיי באַרואיקט.

— כ'בין צו ערנסט געוואָרן, חברה, כ'ווייס! כ'האָב שטענדיק געטאָן ערנסטע אַרבעט, אָבער ערנסטקייט אַף מיין פּנים האָט זיך קיינמאָל ניט געזען. היינט איז עפּעס אַנדערש: אָט, ס'איז נאָך גוט וואָס מיינע פריינט און באַקאַנטע האָבן צוזאַמענגעשלאָגן עטלאַכע הונדערט דאָלער און מיך אַרויסגע־נומען אַף „בעיל", ווען ניט וואָלט איך איצט הינטער די גראַטעס געזעסן. אין עטלאַכע טעג אַרום דערוואַרט איך אַ ידיעה איך זאָל פאָרן... וואוהין זאָל איך פאָרן? קיין פּוילן וואו ס'דערוואַרטעט מיר דאָס טרויעריקסטע!... און מיין פרוי מיט די צוויי קינ־דערלאַך זיינען קראַנק, — דייוויס וויל דאָס ניט וויסן...

— אַמעריקע גנב! — דאָס איז געווען ס'איינציק וואָרט מיט וועלכן די אַרבעטער האָבן געקאָנט טרייסטן אָשר'קען.

דער פייף האָט זיך ווידער אַמאָל געטראָגן איבערן שאַפּ און יעדער איינער איז זיך אַוועק צו זיין אַרבעט.

אָשר'קע האָט אויך געאַרבעט. זיינע געדאַנקען זיינען אָבער געווען גאַנץ ווייט פון'ם ווערקשטאַט. ס'האָט אים וויי געטאָן וואָס ער איז היינט אַזוי געווען. דאָס איז דאָך ס'ערשטע מאָל אין זיין לעבן...

ס'פאַרדריסט אים: מען שיקט אים ניט אַרויס צוליב זיין רעוואָלוציאָנערישקייט. וואָלט געווען אַזאַ פאַל, וואָלט אים הנאה געטאָן און באַפרידיקט כאָטש אביסל.

זיינע יאָרן זיינען לעצטנס פאַרטונקלט געוואָרן. בריינדל, זיין קראַנקע בריינדל, האָט געפאָדערט אַזוי פיל צייט פאַר זיך.

ער האָט געמוזט שטיין אַ ביסעלע ווייטער פון דער באַוועגונג. זיין נשמה איז אָבער געווען דאָרטן מיט די קעמפנדיקע אַרבעטער, און אַפּט פלעגט ער דאָך אַפּרייסן אַ שטיקל צייט... אָבער ניט פאַר דעם שיקט מען אים אַרויס, ניט „אַשר'קען דעם יאַט" שיקט מען אַרויס, נאָר אַשר'ן, דעם מאַן און טאַטע פון בריינדל'ען מיט צוויי קינדער, וועלכע זיינען קראַנק געווען און האָבן געמוזט צום שפּיטאָל אָנקומען. אַזוי האָט מען זיך דערוואוסט, אַז אַשר'קע איז געקומען אומגעבעטענערהייט און מ'בעט אים גיין צוריק פון וואַנען ער איז געקומען... — וואָלט איך געווען אַליין — טראַכט אַשר'קע, — וואָלט איך זיי געהאַט ערגעץ אַנדערש... מיט אַשר'קען דעם יאַט וואָלטן זיי זיך ניט געשפּילט. האָט זיך מיר פאַרגלוסט צו זיין גראַדע באַ דייוויס'ן אין לאַנד — וואָלט איך שוין געווען... איז אַשר'קע אָבער אַ פאַמיליע מאַן, אַ טאַטע פון צוויי קינדער, און ס'איז ניט גוט...

זיצן יעדן טאָג די אַרבעטער אַרום אַשר'קען און הערן זיך צו צו זיינע רייד. ער דערציילט זיי פון אַלץ, ווייל ווי ער זאָגט: „וועמען זאָל איך דערציילן, אויב ניט מיינע ברידער אַרבעטער?"

קוקן זיי אַף דעם פאַרעלטערטן אַשר'ן מיט'ן איינגעקנייטשטן פּנים. זיי מאָלן זיך אין די געדאַנקען אַשר'קען דעם יאַט, וואָס האָט אַריינגעשאָטן זאַלץ און פעפער אין פלעשל אַריין, און אַשר'קען, וואָס האָט דעם פּאָליציסט אַ זאַק איבער'ן קאָפּ אָנגעטאָן...

— דו ווייסט, אַשר'קע, — האָט זיך איינמאָל אַן אַרבעטער צו אים אָפּגערופן, — ס'טוט באַנג. כ'וואָלט וועלן זען אַשר'קען אָפּטאָן דאָ, עמיצן פון אונזערע אונטערדרדיקער אַזאַ שפּיצל.

און אַשר'קע האָט געענטפערט: „וואַרט וואַרט, חברה, אַנ־דערע אַשר'קעס וועלן דאָס נאָך טאָן, און אַ שפּיצל אַליין וועט שוין פאַר זיי ווינציק זיין"...

* * *

און איין פרימאָרגן איז אַשר'קע צו דער אַרבעט ניט געקומען.

די אַרבעטער האָבן זיך איבערגעקוקט און מיט טרערן איינער דעם צווייטן געפרעגט: „אַ סברה, אַז שוין?"...

צוועלף אַזייגער, ווען אַלע האָבן גענומען עסן, איז אַשר'קע

אריינגעקומען אין שאַפּ. ער איז געווען יום־טובֿ'דיק, ניט בלויז אין אָנטאָן, נאָר אויך אין אויסזען. זיינע אויגן האָבן ווי מיט פייער געשפריצט. נאָך באַ דער טיר שטייענדיק האָט ער מיט א הויכן געלעכטער געלאָזט וויסן, אַז ער קומט.

אַלע האָבן אים אָנגעקוקט: וואָס איז געשען?

— פאַר אָשר'קען דעם יאָט איז דער ערד קוגל ניט צו קליין, — האָט אָשר'קע צו יעדן איינעם געגעבן די האַנט און געהייסן מען זאָל אים באַגריסן.

— וואָס איז?

— כ'פאָר אָפּ פון אמעריקע, ס'ווערט מיר אָנגעבאָטן א זעקסטל חלק פון דעם ערד קוגל... דאָרטן קען איך זיין וואו איך וויל...

און פאַר אַלעמען איז קלאָר געוואָרן: אָשר'קעס ארבעט האָט זיך באַצאָלט. ס'לאַנד, וואו דער אידעאַל זיינער איז פארווירקלאכט געוואָרן, האָט אים איינגעלאַדן פאַר זיינע אמאָליקע פארדינסטן.

ער איז געפאָרן קיין סאָוועט־רוסלאַנד.

שלמה דאווידמאַן

# ווען מ'דופט

חיים איז געשטאַנען אינמיטן צימער און זיך געשלאָגן מיט די פויסטן אין קאָפּ אריין. דער קאָפּ האָט זיך געשאָקלט, גע־הוידלט, ווי א קלויסטער־גלאָק. ווייטאָג־געדאַנקען האָבן זיך צע־כוואַליעט אַף סטעליע, איבער ווענט, צעהאַנגען זיך ארום די פענצטער, ווי די טרויעריקע טענער פון גלאָק, וואָס ווארפן אָן א מורא אַפן פאָלק, אז ס'זאָל פארגעסן אין לייב און לעבן און קניען פאר א גאָט.

חיים האָט זיך אַף א מינוט אָפּגעשטעלט. ער איז צו מיט רציחה־אויגן צום פענצטער. ער האָט צעשאָטן הויפנס בייזע בליקן אַף די גאַסן, מאַשינעס און מענטשן. — זיי לאָזן אים ניט טראַכטן. זיי שטערן אים פירן א ויכוח מיט זיך אליין. ער האָט מיט צאָרן פאררוקט די פאָרהאַנגען און האַסטיק אראָפּגעשלעפּט די שטאָרן.

חיים האָט זיך א וואָרף געטאָן אין בעט אריין, אז די פּרוזשינע האָט זיך אַזש צעשריען און שיר ניט געפּלאַצט. א שפּיץ פון דער קאָלדרע האָט זיך, ווי אַף צו להכעיס, אריבערגעבויגן איבער זיין קני און זיך אים פונקט אַוועקגעשטעלט אַנטקעגן זיינע אויגן מיט א רייץ. חיים איז אויפגעבראַכט געוואָרן. ער האָט אָנגע־כאַפּט דעם שפּיץ, ווי מ'כאַפּט אָן א מענטשנס גאָרגל, און א שלייד־דער געטאָן מיט כעס, אז די קאָלדרע האָט זיך אַזש דערהויבן, ווי צוויי קאַטשקעס אַף פליגלען. אָנגעמאַכט א ווינט און איז אַוועק־געפאַלן אויף דער פּאָדלאָגע א צעשפּרייטע, מיט א מין קלאַפּנדיגן אויפבלאָז, ווי א לעצטער אָטעם פון א באַשעפעניש.

ערשט איצט־אָ, ווען ער האָט דערזען אַפן טיש דאָס בריוול, האָט זיך חיים קלאָרער דערמאָנט, פאַרוואָס ער איז אזוי ווילד

געוואָרן. ער האָט נאָך אַמאָל געפּירט זיינע אויגן איבער די שורות. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז יעדער אות איז אַ האַמער, וואָס קלאַפּט אים איבערן מוח:

„חבר חיים!

„אין קאָנווערט וועט איר געפינען אַ טשעק אויף הונדערט און אכציק דאָלאַר. די סומע וועט דעקן די הוצאות, וואָס איר האָט אויסגעלייגט אויף מיין רייזע קיין אַמעריקע. פאַר די דריי חדשים, וואָס איך בין געווען אייער ווייב, זאָג איך זיך אָפּ פון קריגן באַצאָלט.

מיט חבר׳שן גרוס,

מ י נ י".

חיים האָט דערגרייכט אַ מדרגה פון סאַרקאַסטישער רואיקייט. ער האָט זיך אויסגעצויגן אויפ׳ן בעט און האָט אריינגעשטאָכן זיינע בליקן אין דער סטעליע.

פון דער סטעליע האָט זיך געעפנט אַ פענצטערל. און ער האָט זיין בעסאַראַבער קאָלאָניע דערזען:

אָט לויפט מיני מיט אַ פאַרפלאַמט פּנים׳ל. די שוואַרצע צעפלאָך טאַנצן אַרום איר קאָפּ. ער, חיים, אַ בלאָנד אינגעלע, ווי אַ שייגעצל, כאַפּט זי ביי אַ צעפל און שרייט: „וויאָ". מיני — זיין פערדעלע. ער — דער אונטערטרייבער.

אָט זיינען זיי ביידע פאַרפּוצט, יום־טוב׳דיק. זיי האָבן גראַדואירט פון פאָלקשול. זיי זיינען שוין גרויסע פערצן־יאָריקע. אין דאָרף האַלט מען זיי פאַר חתן־כלה. עלטערן שמייכלען, האָפן.

מיני׳ס פאָטער איז דער רופא. פאַר אים זיינען אַלע צייטן גוט. חיים׳ס טאַטע איז אַ פויער. ערד — איז אַמאָל אַ שטיף־מאַמע.

מיני פאָרט קיין אָדעס זיך לערנען.

חיים פאָרט מיט פערד־און־וואָגן אין פעלד אריין. אויפן וואָגן, אין די פאַרטאָגן און פאַרנאַכטן, האָט חיים אויסגעגאָסן זיינע בענקענישן. די פעלדער האָבן אים שטיל געהערט און מיטגעפילט. די פערד זיינען געגאַנגען פּאַוואָליע, נאָכ׳ן טאַקט פון חיים׳ס טראַכטונגען. דער וואָגן האָט שטיל געקרעכצט. דער הימל האָט געשאָקלט מיט באַדויער.

מיני — דאָרט אין אָדעס.

טעג ציען זיך, ווי די בלאָטעס אין דאָרף. חברים לאַכן אים אויס: „די געליבטע איז אַוועקגעפלויגן". אַנדערע דער־קלערן אים: „דעם רופא'ס טאָכטער וועט ווערן אַ דאָקטאָר. ווי קומסטו, אַ פּויער'ס זון, צו איר?"

מיני איז געקומען אַף וואַקאַציע. זי לאַכט אַזוי הויך, אַז דאָס גאַנצע דאָרף האָט אַ פּנים ווי חוזק. זי קוקט אַף יעדן מיט אַזאַ שטאָלץ, ווי אַן אַראָפּגעפאַלענע פון אַ פרעמד גרויס לאַנד.

ביי מיני'ן אין הויז איז אַ שמחה. ער גנב'עט אַ קוק דורכ'ן פענצטערל: קורסיסטקעס און סטודענטן הוליען. דעם קרעמער'ס זון, דעם רב'ס טאָכטער, דעם וויינשיינקערס צוויי קינדער און נאָך און נאָך. קיין פּויערשע קינדער זיינען דאָרטן ניטאָ. חיים האָט זיך שטיל צעוויינט און איז אַוועק אַף די פעלדער.

ער איז געגאַנגען זוכן די שאָרף, וואָס האָט זיי צעשיידט. ער האָט געוואָלט אויפכאַפּן דעם שטורם, וואָס האָט זיי אַזוי וויים פאַרטראָגן איינער פון צווייטן. אפשר וועלן אים די פעלדער דערציילן ביינאַכט, אין דער שטיל, דעם סוד, ווי אַזוי מ'גיים צוריק צו מיני'ן, ווי אַזוי מ'ברייננגט מיני'ן צו זיך.

כעס האָט זיך אָנגעזאַמלט, אָנגעזאַמלט אין חיים'ס האַרץ, אין אַ פאַרטאָג האָט עס אויסגעריסן און געפּלאַצט.

יענער טאָג:

חיים נעמט אַ זעקל אַפּ'ן פּלייצע און שפּאַנט. שפּאַנט פון דאָרף צו דאָרף, אַף פרעמדע וועגן, הונגערט, וואָגלט, טראָגט זיך אַוועק אין דער וועלט אריין.

אָפּגעשניטען דאָרף פון זיך, אָפּגעשניטן אייגענע. אַלע וויל ער פאַרגעסן. מיני'ן — מער ניט זען. ער וויל קיינעם מער ניט זען. ער וויל נאָך אַמאָל געבוירן ווערן ערגעץ. אַליין געבוירן ווערן, זיך נערן און דערציען.

קישינעוו — שטאָט גרויסע, מיט קליינשטעטלדיקע גאַסן. חיים — פּלייצעס ברייטע, הענט אייזערנע, ערדישע פאַרגרעבטע. הענט אייזערנע קענען אַלץ: וואַשן, ווישן, קערן און באַדינען. הענט ערדישע טראָגן ציגל, טעסען שטיינער, זעגן האָלץ.

שטאָט. מענטשן נייע. קוקט מען אַף חיים'ען פרעמד און ברוגז. חיים אַנטלויפט פון זיי. ער האָט מורא, קומט נאָך דער

ארבעט אין זיין צימער און לייענט. ביכער זיינען דאָ אַ סך, אַזוי פיל. חיים האָט גערולד און צייט אַ סך, אַזוי פיל. לייענט ער, שלינגט ער. אין די ביכער זיינען דאָ אַזוי פיל וועלטן. אַלע מאָל געפינט חיים נייע וועלטן.

עפּעס האָט ווער אים אַמאָל פאַרנאַרט, פאַרפירט אין אַ שטיבל, אַף אַ פינסטערן געסל. ווי מאָדנע ס'האָט אים אויסגעזען די חברה דאָרטן: אַ פּאָר אָפּגעריבענע סטודענטן און קורסיסט־קעס, אַ פּאָר אַרבעטער. מ'זיצט צעלייגט, צעשפּרייט. מיידלאַך בלאָזן רויך. איינער פּאָכעט מיט די הענט און רעדט, ווי ער זאָל דאָס אויסלייגן די ווערטער אַפן טיש, אַזוי קלאָר און פּראָסט: „פאַרשטייַ, חיים, די וועלט געהערט צו דיר". נאָר חיים האָט די ערשטע טעג אויסגעשטעלט דערשראָקענע מויל און אויערן, ווי אַ נייע ציג, וואָס מ'פירט מעלקן, און זי מיינט — קוילען.

און וואָך נאָך וואָך איז אים דאָס קרייזל געוואָרן ליבער און טייערער. אים איז ערשט איצט קלאָר געוואָרן די וועלט־מלחמה, וואָס האָט זיך אַזוי ווייניק אָנגעקערט מיט אים אין דער היים, אין דאָרף. ער האָט אָנגעהויבן פאַרשטיין די רעוואָלוציע, וואָס איז געלעגן ביים פּאָדאָליער ברעג פון דניעסטער, אָן אָפּגעשניטענע פון אים, פון בעסאַראַביע.

איין אָוונט איז חיים אַריבער די שוועל פון שטיבל און געבליבן שטיין, ווי צוגעוואַקסן צום פּלאַץ. פון סאָפקע האָט זיך מיני געגעבן אַ הויב און אויסגעשריען: „חיים, דו לעבסט?" און איז געבליבן אַ פאַרגאַפטע מיט אַרויסגעהאַנגענע בליקן. חברים האָבן אַרומגעפירט זייערע אויגן פון שכן צו שכן, פון חיים'ען צו מיני'ן, און געוואָלט ערגעץ טרעפן דאָס רעטעניש.

ביי אים אין צימער איז מיני געזעסן. די אויגן האָבן איר געלויכטן פון פרייד, וואָס זיי האָבן זיך באַגעגנט. זי האָט דאָך אַזוי פיל צו דערציילן.

מיני האָט די רעוואָלוציע ניט פאַרשטאַנען, פּונקט ווי זי האָט ניט דערקענט חיים'ען, ווען זי איז געקומען אַף וואַקאַציע. האָבן די שטורעמדיקע טעג אָנגענומען מיני'ן ביי די האָר און זי אַ שליידער געטאָן, איז זי אַראָפּגעפאַלן אין דאָרף אַריין, אָן אויס־געשפּיגענע.

און אָנגעהויבן האָט זיך איר אַזוי בענקען נאָך דעם שטור־רעמדיקן, וואָס האָט געווירבלט דאָרטן אין אָדעס. און אָנגעהויבן האָט זיך איר אַזוי בענקען נאָך חיים'ען, איר קינד־חבר, וואָס איז אוועקגעפלויגן פון דער היים אין דער גרויסער פרעמדער וועלט זיך געלאָזט.

מיני האָט געפירט אירע ווייסע הענטלאַך איבער חיים'ס געדיכטע האָר, איבער זיינע רויטע באַקן, איבער זיינע געזונטע הענט. זי האָט אים געגלעט און האָליובעט, ווי אַ קליין קינד. אירע אויגן זיינען געווען באַגלאַנצט מיט אַ פייכטקייט, וואָס האָט ארויסגעלויכטן אַזוי נאַאיוו און אויפריכטיק פון איר נשמה. איר פרייד האָט זיך צעגאָסן איבער די ברעגן פון איר הארץ, פון איר פרויאישן שכל און טאַקט.

חיים איז אָבער געזעסן פעסט און ניט־באַוועגלאַך, ווי אַ שטאָלענער קאַסטן, וואָס האַלט זיכער אין זיך די סודות. געוואָלט האָט ער זאָגן: „מיני, דו ביסט סענטימענטאַל, ווי עס פּאַסט פאַר אַ רופא'ס אַ טאָכטער, וואָס לערנט אַף דאָקטאָר. ווי קום איך צו דיר, אַ זון פון אַ פויער. דו ביסט געקומען אין די רייען פין קעמפער נ י ט פון נויט געטריבן, נ י ט פון אייגענעם באַוואוסט־זיין, נאָר דורך בענקען נאָך די שטורעמדיקע טעג דאָרטן אין אָדעס. ביזט געקומען צוריק צו מיר ניט פון וואנדער און זוכן, נאָר דורך אַ נס. ביסט סענטימענטאַל. ס'איז אַ מינוטנדיקער אויפברויז."

חיים האָט געוואָלט, ער האָט עס אָבער ניט געזאָגט. ווייל געזעסן איז ער פעסט, ווי אַ שטאָלענער קאַסטן, וואָס האַלט זיכער אין זיך די סודות. חיים האָט זיך דערמאָנט, ווי ער האַלט מיני'ן ביים צעפּל און שרייט: „וויאָ". חיים האָט זיך דערזען אין יום־טוב'דיקע קליידער מיט מיני'ן. זיי האָבן גראַדואירט פון פאָלקסשול.

און באַלד זיינען געקומען ציטערדיקע טעג אַף חיים'ס קאָפּ: דורכפאַלן. געמאַטערט חברים אין פינסטערע קעלערס. קעניג פערדינאַנד רופט אים אין זיין אַרמיי... שטאָטישע גאַסן, לופט, ווערט פאַר אים ענג, געדיכט, פאַר דער שיין זיך ניט צו ווייזן. מיני איז צוריק אַנטלאָפן אַהיים, אין דאָרף אַריין.

האָט זיך חיים אויפגעהויבן און איז אַריבערגעשוואומען קיין ניו יאָרק. ניו יאָרק האָט געעפנט ברייט די טויערן. ניו יאָרק האָט ליב געזונטע הענט און רויטע באַקן. חיים האָט זיך אָפּגע־געבן פרייוויליק.

און נאָך שווערער מי און אַרבעט האָט ער אַרומגעבלאָנ־דזשעט אַף די גרויסע גאַסן און עוועניוס ברייטע. ער האָט זיך געזוכט.

חיים ווערט אַקטיוו. ווידער פאַרגעסן דאָרף און אייגענע. אָפּגעשניטן פון זיך זיין לאַנד און מיני'ן. ווי אַ פיש אין וואַסער, איז חיים אַרומגעשוואומען אין דער באַוועגונג: קאָמ־פּאַרטיי, פראָפאַריין, אַרבעטער רינג. אומעטום אַ באַאַמטער. יעדער הערט מיט ליבע זיין וואָרט. מ'פילט זיין אַרבעט ביי יעדן וויכטיקן שריט. חיים איז אַ שטענדיקע באַוועגונג. ער האָט קיין צייט ניט צו טראַכטן וועגן זיך.

שפּעט ביינאַכט האָט ער אין זיין צימער געפונען אַ בריוו. דער פיר־עקיגער פעטער קאָנווערט האָט דערציילט, אַז ער קומט פון יענער זייט ים. מיט אַמאָל האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער האָט ערגעץ אייגענע. אמת, שוין לאַנג ניט קיין א י י ג ע נ ע. דעם בייזן טאַטן האָט ער נאָך פון קינדערווייז פיינט געהאַט. שטיף־מאַמע און שטיף־שוועסטער זיינען שטענדיק געווען צו אים פרעמד.

„גאָר פון מיני'ן. אַ שיינע האַנטשריפט“.

ער האָט געלייענט די שורות מיט אַ שמייכל אַף די ליפּן. מיני'ס ווערטער זיינען שוין נייע. זי האָט זיך שוין אָנגעליטן. האָט זי באַקומען אַן אַנדער שפּראַך. אַ טרויער ליגט צעשפּרייט אַף די בלעטלאַך: „דער רופא איז געשטאָרבן; אַ הונגער שפּאַצירט אַכזריות'דיג אין דאָרף; פעלדער טריקענען; די באַוועגונג דערשטיקט; העלף, אויב דו ווילסט“.

חיים האָט אַ נאַכט געטראַכט.

אַריבערגעבראַכט מיני'ן קיין אַמעריקע.

פריער האָט מען זיי אויף עלים איילאַנד חתונה געמאַכט לויט'ן געזעץ, אַז אַ חתן בריינגט אַהער אַ כלה.

דערנאָך האָבן זיי זיך חבר'יש געלעבט און געקעמפט.

מיט אמאָל האָט זיך חיים אַ הויב געטאָן און זיך אַרויס־געוואָרפן פון בעט, ווי הייסע שפּילקעס וואָלטן פון די קישנס געשטאָכן.

ער האָט דערזען די נאַכט זיך גנב'ענען דורך די פענסטער. ער האָט אָנגעשטעלט דעם פינגער אַפ'ן עלעקטרישן קנעפּל: „ניין, מ'דאַרף ניט קיין ליכט, אין דער פינסטער וועט ער זיך שנעלער דערמאָנען".

געזאָגט האָט מען אים אַף אַ שפּאַס: חבר לייבל שפּאַצירט עפּעס צופיל מיט דיין מיני'ן". ער האָט דעמאָלט געשמייכלט. געטראַכט האָט ער אָבער:

— איז דאָס מעגלאַך?

— מעגלאַך.

— איז זי דען אַ שקלאַף?

— אַ פרייע. אַ באַלעבאָסטע איבער איר לייב.

— דאָך.

— פּאַרוואָס־זשע איז ער, חיים, דער אַקטיווער קעמפער, אַרומגעגאַנגען טעג און געטראַכט וועגן מיני'ס באַציאונגען צו אים און צו לייבל'ען? פּאַרוואָס האָט ער ניט געהאַט קיין מוט צו פרעגן מיני'ן: „דו שלאָפסט מיט לייבל'ען, זאָג?" פּאַרוואָס איז מיני ניט אויפריכטיג?

חיים האָט זיך ווידער געשלאָגן מיט זיינע קולאַקעס אין קאָפּ אריין און זיך געזידלט: „אַ זון פון אַ פויער, ווי קומסטו צו זיין אַ פירער? — מ'דאַרף דיך פירן".

חיים האָט האַסטיק אַ קוועטש געטאָן דאָס קנעפּל, ליכט האָט אַ פלאַם געטאָן. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין דער פּאָזע, פּונקט ווי ווען ער האָט האַסטיק אַ צועפן געטאָן די טיר און דערזען מיני'ן מיט לייבל'ען אין זיין בעט.

געלעגן זיינען זיי פויל, מיט אַ צופרידן שמייכעלע, ווי נאָך אַ פּאַרקער. געוואָלט האָט חיים זיך אַ וואָרף טאָן, ווי אַ וואָלף, און זיי וואַרגן ביידע מיט איין מאָל.

ער האָט געוואָלט, נאָר ער האָט עס ניט געטאָן.

חיים איז געבליבן שטיין, ווי אַ בראָנזענע סטאַטוע מיט חיה'שע אויגן.

פריער האָבן זיי אַרויסגעשטעלט די קעפּ, וואָס זיינען גע־בליבן הענגען אַף אָנגעשפּאַרטע הענט אָן מאַטראַץ. היפּנאָטי־זירט געוואָרן. די בליקן זיינען ביי זיי פאַרגליווערט געוואָרן. זיי האָבן אויסגעקוקט, ווי צוויי מתים, וואָס זיינען געשטאָרבן זיצנדיק.

דערנאָך האָט זיך לייבל אַ וויג געטאָן, האָט זיך דורכגע־שמועסט מיט מיני'ס אויגן. זיי זיינען ביידע אַראָפּ פון בעט, אַרויפגעצויגן די קליידער און זיינען שטילע, שווייגענדיקע אַרויס פון צימער.

און אים האָבן זיי געלאָזט שטיין, ווי אַ גולם.

„ווי האָט עס חיים, דער רעוואָלוציאָנער, געהאַט דאָס רעכט אַזוי האַסטיק אָן עפן צו טאָן די טיר? אמת, קיינער האָט אים ניט אָנגעזאָגט. נאָר דאָס האַרץ האָט אים געקלאַפּט, און געוואָלט האָט ער זיי טרעפן אין אַזאַ פּאָזיציע. נאָר פאַר־וואָס האָט ער, חיים, אַזוי געוואָלט? האָט ער געמעגט אַזוי?”, האָט זיך חיים גע'הרג'עט מיט די פויסטן.

און איצט־אָ האָט אים מיני אָפּגעשיקט אַ טשעק. אַ קורץ בריוועלע.

אַזאַ חוזק. אַזאַ אויסלאַכן.

חיים האָט זיך שטיל אָוועקגעזעצט, באַדעקט זיין פּנים מיט די הענט, די וועלט זאָל ניט וויסן, אַז ער, חיים, וואַשט זיינע באַקן מיט אַזאַ וואַרימער פייכטקייט.

---

דער טעלעפאָן האָט זיך צוקלונגען, ווי אומיסטן, צו דער־מאָנען חיים'ען, אַז ס'לעבט ערגעץ אַ וועלט.

חיים האָט זיך ניט גערירט פון אָרט. זאָל די וועלט וואַרטן. דאָס פלעשעלע איז שיר צוזעצט געוואָרן, נאָר איז געבליבן שטיל.

חיים האָט זיך ווידער גענומען צום קאַמף מיט זיך. גע־דאַנקען האָבן זיך געווירבלט אין זיין מוח. מאַסן־געדאַנקען זיינען מגולגל געוואָרן אין פאַרביקע בילדער, וואָס האָבן זיך געהוידלט, ווי מענטשן־ווענט. חיים'ס קאָפּ איז געוואָרן שווער. ער האָט זיך אָנגעהויבן וואַקלען, אָט פאַלט ער אַוועק.

קלינג־קלינג־קלינג, ווידער טעלעפאָן: „חיים, מ׳רופט דיך, נעם מיין פלעשעלע צום אויער“.

חיים האָט זיך אויפגעכאַפּט, אויפגעהויבן דאָס פלעשעלע, און ווי אָפּצופּטר׳ן: „נו? וואָס ווילן דאָרטן? הא? דער גאַנצער עולם וואַרט? איך מוז קומען? כ׳האָב צוגעזאָגט? —“

מיט אַמאָל איז אַרויפגעשוואומען אַ ים מיט פאַראַנט־וואָרטלאַכקייטן. ווי האָט ער עס געקענט אַריין אין אַזאַ פאַר־צווייפלונג?“

ער האָט האַסטיק אַריינגעשריגן אין טעלעפאָן: „איך קום באַלד!“

חיים האָט זיך אויפגעשטעלט, ווי אַ סטרונע. די קליידער געבראַכט אין אָרדנונג.

— איך?

— ניט איך.

אין צימער האָט ער אַף גיך ריין געמאַכט. ער האָט פאַר־רויכערט. מיט׳ן רויך האָט ער צעשפּרייט אַ נייע האָפנונג, פרייד און קאַמף, אויפברויז איבער ווענט און סטעליע, איבער פענסטער און טיר. ער האָט אַ שמייכל געטאָן צום טעלעפאָן און איז אַרויס פון צימער.

מאַקס פּערלאָוו

# בערקע קאָזאַק'ס זיג

בערקע קאָזאַק איז אַ יונג מיט ביינער. דער צונאָמען „קאָזאַק" אַליין זאָגט שוין, אַז קיין אַבי וועמען רופט מען ניט אַזוי. דאָס וואָס בערקע איז אַ יונג אַ כוואַט מיט ברייטע פּלייצעס און געזונטע מוסקולן, איז אָבער ניט די אורזאַך, פאַרוואָס מען רופט אים „קאָזאַק". אמת איז טאַקע, אַז ווען מען גיט אַ קוק אויף זיין העלדישן אויסזען מיט דער בלאָנדער קוטשמע האָר, וואָס רייסט זיך פון אונטער דער היטל ווי אַן אַרעסטאַנט פון פּאָליציייאישע הענט, און וואַרפט זיך פון פאָרנט אַרויס איבער'ן דאַשעק, קען קיין אַנדער וואָרט און געדאַנק ניט קומען ווי: „קאָזאַק".

דערפאַר מוז עס נאָך אַמאָל געזאָגט ווערן: אפשר האָט זיין אויסזען יע אַ קליינע שייכות מיט דעם צונאָמען, אין דער אמת'ן אָבער האָט מען בערקע'ן צוגעלייגט דעם נאָמען „קאָזאַק" דערפאַר, ווייל ער האָט געהאַט אַ חוצפּה'דיקע האַלטונג, ווייל זיין מויל פלעגט שטענדיג שיטן מיט פלאַמענדיקע ווערטער געגן די גרעסטע מענטשן אין אונזער געזעלשאַפטלאַכן אַרבעטער־לעבן.

— סטייטש! — פלעגן זיינע חברים אָפּט צו אים טענה'ן, — ווי וואַגסטו צו זאָגן אַ מיינונג איבער אַזאַ און אַזאַ וויכטיקער פּראַגע און דוקא געגן אַזאַ גדול, ווי דער און דער?

פלעגט בערקע אויסגלאָצן זיינע חוצפּה'דיקע אויגן, אַ סאַרקאַסטישן שמייכל טאָן און ענטפערן: וואָס מיר גדול, ווען מיר גדול, אָט, איך האָב אַ פּראָלעטאַרישן חוש...

ווען יענע פלעגן אָנהויבן לאַכן פון זיינע ווערטער, פלעגט ער שוין מיט כעס צוגעבן:

— אָט איך, ווערנדיק עקספּלואַטירט אין שאַפּ, פיל מער פון

זיי, איך פיל אינסטינקטיוו, אז זיי זיינען ניט מער ווי אינטעלי־גענטן...

בערקע׳ן פלעגט נאָכדעם באַנג טאָן פאַר אַזעלכע שאַרפע ווערטער, און קומענדיק אַהיים, פלעגט ער נאָכטראַכטן, אז אַ פראָלעטאַריער דאַרף אַזוי ניט ריידן, ווייל אינטעליגענץ צו פאַר־מאָגן איז זייער נוצלאַך... אנטשלאָפן ווערן פלעגט ער אָבער מיט דער איבערצייגונג, אַז גערעכט איז טאַקע ער, בערקע דער קאַזאַק, ווייל אינטעליגענטן זיינען זייער גרינג אויף דער דעה...

ביי בערקע׳ן אין קאָפּ האָבן זיך געפּלאָנטערט אַ סך געדאַנקען וועגן אָט דער פראַגע. בערקע האָט אַליין געאַכט בילדונג און וויסן; בערקע אַליין פלעגט אָפּזיצן נעכט איבער די קלייניניקע אותיות׳לאַך און שטודירן — דאָך אין זיין הארצן האָט ער געטראָגן אַ שנאה צו אינטעליגענטן.

גענומען האָט זיך די שנאה צו אינטעליגענטן באַ בערקען נאָך פון יענער זייט ים. יענער מאָמענט איז דער שרעקלאַכסטער אין זיין לעבן געווען; יענע שרעק טראָגט ער נאָך אויך איצט אין זיין הארצן, און עס גיט נאָך אים איצט דעם קוראַזש צו שטיין שטאָל און אייזן פאַר זיין מיינונג.

געווען איז נאָך דאַן בערקע אַ יונגער אינגל, ווען ער איז אַ מיטגליד פון „בונד״ געוואָרן. ווי אַזוי ער איז געוואָרן אַ מיטגליד פון „בונד״ איז אויך פאַראַן אַ סך צו דערציילן. בערקע האָט דאַן געאַרבעט ביי שמעיה דעם שוסטער און האָט זייער ווייניק פאַר־דינט; געדאַרפט האָט ער נאָך אויך אויסהאַלטן זיין מוטער, אַן אַלמנה, מיט אַ קלענערן ברודער׳ל. בערקע׳ס נשמה איז געווען אָנגעפילט מיט פאַרדרוס קעגן אַזאַ לעבן, דערפאַר האָט ער מיט דורשט געלייענט די אַלע ביכלאַך און בראָשורן, וואָס מען האָט געשריבן קעגן דער איצטיקער אָרדנונג. בערקע פלעגט זיך טראַכטן: אַך, אָט ווען איך וואָלט געקאָנט אָנפירן אַן ארמיי, וואָלט איך גלייך אַלע אַרבעטער צונויפגערופן און געמאַכט אַ רעוואָלוציע... באַנאַכט אין די חלומות פלעגט טאַקע בערקע אַזוי טאָן.

אָוונט נאָך אָוונט פלעגט בערקע זיצן באַ זיך אינדערהיים, אויפ׳ן פריזבע אין הויף, און לייענען.

האָט זיך געדאַרפט מאַכן, אַז דאָס מיידל, וואָס גיט אַרויס די ביכער אין ביבליאָטעק זאָל קוקן מיט פרעגנדיקע אויגן אויף בערקע'ן, בעת ער פלעגט די ביכער בייטן; זי פלעגט אויך אַזוי האַרציק צו אים זיין; בערקע'ן האָט זיך אָנגעהויבן דאַכטן, אַז זי רעדט צו אים מיט מערער צוגעלאָזנקייט און סימפּאַטיע, ווי צו עמיצן אַנדערש פון די, וואָס קומען נאָך ביכער אין ביבליאָטעק. בערקע האָט טאַקע קיין טעות ניט געמאַכט, ווייל אָט אין איין אָוונט האָט צו אים יענע מיידל אַ זאָג געטאָן:

אַנטשולדיגט, לייענט איר טאַקע איבער אַזויפיל ביכער וויפיל איר נעמט?

בערקע האָט ניט פאַרשטאַנען אַזאַ פראַגע. וואָס הייסט? מסתמא, אַז ער נעמט און ברייננגט זיי צוריק, לייענט ער זיי דאָך איבער — ווי דען אַנדערש?

מיט אָט דער פראַגע האָט ער זיך געווענדעט צו יענער מיידל, און דאַן האָט ער דערזען אַף איר פּנים אַן אמת'ע פאַראינטערעסירטקייט, ער שעמט זיך ניט אויסזאָגן, אַז ער האָט אפילו דערזען אירע שוואַרצע אויגן און ליכטנדיקן פּנים. אין זיין האַרצן האָט זיך עפּעס אָנגעהויבן אימפּעטיק באַוועגן...

בערקע איז פון יענעם טאָג אָן געוואָרן באַפריינדעט מיט דער מיידל. אַנשטאָט צו לייענען יעדן אָוונט אין וואָך פלעגט ער שוין אַ פּאָר אָוונטן פון וואָך פאַרברייננגען מיט לאה פּערקין און שמועסן איבער דעם, וואָס ער האָט געלייענט.

הגם בערקע האָט זיך נאָך ביז דאַן ניט אינטערעסירט מיט פּאָליטישע באַוועגונגען, דאָך האָט ער זיך ניט געהאַט וואָס צו שעמען קעגן איר, ווייל ער איז געווען זייער אַ סך אָנגעלייענט, איצט האָט זיך אויך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס ביסל בילדונג, וואָס ער האָט געקראָגן, איידער דער טאַטע זיינער איז געשטאָרבן, קומט צוניץ...

בערקע איז געוואָרן אַ מיטגליד פון „בונד", און עס פאַרשטייט זיך, אַז וויבאַלד ער האָט געאַרבעט האַנט אין האַנט מיט לאה פּערקין, איז ער שוין אויך געוואָרן איינער פון די אָנפירער אין יענער שטאָט.

בערקע איז באַליבט געוואָרן בא אַלעמען. ער האָט נאָך אַלץ

געאַרבעט בא שוסטעריי און ווייניק פאַרדינט. בערקע׳ס מאַמע, די אַלמנה מיט׳ן קליינעם אינגל, האָבן נאָך אַלץ געלעבט אין דחקות.

בערקע׳ן איז נאָך דאַן ניט איינגעפאַלן צו מאַכן אַן אונטער־שייד צווישן אים און זיינע גוטע חברים, די אָנפירער פון „בונד", וואָס זיינען אַמערסטן לערער און אינטעליגענטן. פאַרקערט, מיט דעם זיינען זיי נאָך אים געווען טייערער, ווייל אָט, מענטשן וואָס קאָנען שיין לעבן, ווילן אויך אַ רעוואָלוציע...

בערקע האָט קיין חכמות ניט געוואוסט אַפילו ווען ער איז עלטער געוואָרן, אָט פונקט ווי אינגלווייז האָט ער גע׳חלומ׳ט וועגן ריזיקע אַרמייען פון אַרבעטער...

איין חילוק: איצט איז שוין דער חלום באַלד געוואָרען אַ ווירקלאַכקייט, אָט הערן זיך שוין די טריט פון דער רעוואָלוציע...

בערקע גייט אַרום אַ צורודערטער, זיין וועזן איז אָנגעפילט מיט דערוואַרטונג. ער לויפט שוין אַרום פון דאָרף צו דאָרף און נישטערט וואָס צווישן די פויערים טוט זיך... ער רעדט שוין אויף געהיימע פאַרזאַמלונגען און קערט וועלטן.

דאָס זעלבע טוען זיינע חברים, נאָר אייניקע פון זיי מיט בערקע׳ן בראש טוען דאָס עפּעס מיט מער האַסטיקייט, מיט מער רעוואַלט.

די שטאָט איז אָבער געווען אין יענע געגנטן, וואו די רעוואָ־לוציאָנערע אַרמייען זיינען לאַנג ניט געשטאַנען, באַלד האָבן זיך די מאַכטן אָנגעהויבן בייטן.

זיינען פאַר בערקע׳ן אָנגעקומען חדשים פון ליידן. ער האָט זיך ניט געקאָנט שיינקען פאַרוואָס ער איז מיט די רעוואָלוציאָנערע אַרמייען ניט אַוועקגעגאַנגען...

נאָר וואָס איז געשען? זיינע חברים זיינען ניט צופרידן מיט דער רעוואָלוציע, ס׳אַרט זיי וואָס די באָלשעוויקעס האָבן גע־וואונען. האַ? וואָס? באָלשעוויקעס זיינען דאָך רעוואָלוציאָנערן! באָלשעוויקעס קעמפן דאָך פאַר אַן אַרבעטער־מאַכט!... טאָ ווי־אַזוי זשע איז דאָס לאַה פערקין געגן? בערקע דיסקוטירט און קריגט זיך מיט די חברים. בערקע איז אומגעדולדיק; די באָלשע־וויקעס הויבן זיך אָן דערנענטערן און אָט איז ער שוין ווידער

צווישן די פּויערים, אָט פירט ער שוין אָן אַן אויפשטאַנד, אָט איז ער שוין אין זייער אַרמיי...

עס איז דאָך געווען אַזאַ שטאָלץ פאַר בערקע'ן צו ליגן אין ד „אָקאָפּעס", און שיסן קעגן די שונאים פון אַרבעטער־קלאַס.

נאָר וואָס איז ווידער געשען? ווען די פּעטליוראָווצעס האָבן געדאַרפט אַריינקומען, האָבן זיך די חברים זיינע געפּרייט, די נאַנצע אינטעליגענץ פון שטאָט האָט זיך געפּרייט, און בערקע איז מיט די באָלשעוויקעס אַוועק.

די פּעטליוראָווצעס האָבן פאַר דער פרייד באַצאָלט: זיי האָבן גע'הרג'עט אַ פּאָר צענדליק אַרבעטער און טוער פון „בונד", צווישן זיי האָט זיך אויך געפונען לאה פּערקין.

ווען בערקע האָט זיך דאָס דערוואוסט, האָט זיין האַרץ ווי געטאָן מיט אַזאַ מאָדנעם ווייטיק, און אָט מיט יענעם ווייטיק האָט זיך שוין אויך געטראָגן דער האָס צו זיינע חברים — די אינטעליגענטן...

* * *

ווען בערקע איז געקומען קיין אַמעריקע, איז ער שוין געווען אַן אַנטלאָפענער פון פּוילן, וואוהין ער איז ניט ווילנדיק אַריינגעפאַלן. דאָס איז געווען אויפ'ן צווייטן יאָר פון דער רעוואָלוציע. בערקע האָט נאָך אַלץ געלעבט אָט מיט יענעם גייסט און ער איז אַריינ־געטראָטן אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

און דאָ האָט זיך בערקע ווידער באַגעגנט מיט פירער, קעגן וועלכע ער האָט רעוואָלטירט. ער האָט דערפילט, אַז זיי פירן די אַרבעטער אויפ'ן פאַלשן וועג. ווען בערקע איז געוואָרן דער בונטאַר, האָט ער געקראָגן דעם צונאָמען „קאָזאַק".

בערקע האָט אַרונטערגעריסן די פירער, נאָר עס האָט אים ווי געטאָן.

אין וואָס איז באַשטאַנען זיין ווייטיק?

קיינער האָט ניט געוואוסט, אַז אין אָט דעם חוצפּה'דיקן בערקע'ן טראָגט זיך אַזאַ ווייטאָק. קיינער האָט ניט געוואוסט, אַז ער ליגט גאַנצענע נעכט אויף זיין געלעגער, גראָבט איין דעם קאָפּ אַזוי טיף אין קישן, און וויל זיינע געדאַנקען פאַרטרייבן... קיינער האָט דאָס ניט געוואוסט.

אַט די פירער האָבן דאָך אַמאָל אַ סך געשריבן און בערקע האָט עס געלייענט, און לייענענדיק זייערע ווערק, איז ער געוואָרן אַט אַזאַ, ווי ער איז איצטער... איצט דאַרף זיי בערקע אַרונטער־רייסן...

און בערקע פלעגט טראַכטן מיט זיין אייגענעם פילאָזאָפישן געדאַנק: אפשר? אפשר איז דאָס אַזוי אָ מיט דער אינטעלי־גענץ?! די מאַסן אַרבעטן אין די שעפּער און ווייטאָקן שטענדיק דעם ווייטיק פונ׳ם פּראָלעטאַריער... די אינטעליגענטן אָבער — זיי קאָנען אַזוי ניט זיין... זיי אַסימילירן זיך און ווערן פאַר־שיכור׳ט פון אינטעליגענטישן לעבן...

און דאַן ערשט פלעגט בערקע ווערן אומרואיק: זיינען דאָך אָבער פאַראַן אינטעליגענטן, וואָס זיינען אמת׳ע קעמפער, איבער־געגעבענע רעוואָלוציאָנערע פירער און טעאָרעטיקער... וואו זשע איז די אויסגעהאַלטנקייט פון זיין מיינונג?...

זיינען אפשר יענע אויסנאַמען, האַ?...

* * *

בערקע קאַזאַק דאַרף שוין מער ניט קומען מיט צווייפלונגען צו די מאַסן; די פירער האָבן אָפּן פאַרראַטן די אַרבעטער, און בערקע קומט צו די אַרבעטער מיט קלאָרע פאַקטן: אַט האָט איר שוואַרץ אויף ווייס...

און ווען עס ווערט געפאָכטן אַן אָפענער קאַמף צווישן די אַרבעטער און זייערע פאַררעטער, איז שוין בערקע איינער פון די באַליבטסטע טוער און פירער פון די אַרבעטער, און ער אַרבעט טאָג און נאַכט פאַר דער באַוועגונג.

דאָך כאַפּט ער זיך נאָכאַמאָל צו צו אַן אַרטיקל, וואָס עמיצער פון זיינע אַמאָליקע חברים שרייבט, און ער בלייבט שטיין אַ פאַר־טראַכטער: האָט דאָס טאַקע געשריבן דער זעלביקער, וואָס איז אַמאָל זיין רבי געווען? ווי איז דאָס מעגלאַך?...

און עפּעס אַזאַ מאָדנער ווייטאַק נעמט אים אַרומעט: בין איך שוין אפשר אויך אַן אינטעליגענט געוואָרן?...

בערקע באַרואיקט זיך אָבער, ווען ער קומט צווישן די טויזנטער אַרבעטער און ווייסט, אַז די מאַסן פירן די באַוועגונג.

הגם בערקע האָט שוין באַגעגנט, און אַרבעט צוזאַמען מיט

אַ סך אמת'ריק קלאַסנקעמפּערישע אינטעליגענטן, דאָך פאַרענדיקט ער זייער אָפּט זיינע רעדעס צו די אַרבעטער אזוי: חברים, אַרבע־טער! אינטעליגענט צו זיין איז גרויס, נאָר איר מוזט זיך אויס־לערנען צו קאָנטראָלירן די אינטעליגענטן אין אונזערע רייען, ווייל זייער אָפּט זיינען זיי גרינג אויף דער דעה... בעסער פון אַלץ, ווערט אַליין דערוואַקסן צו אַרויסגעבן אַרבעטער־פירער...

און בערקע דער קאָזאַק האָט געזיגט. אַ סימן: די אַרבעטער אַפּלאָדירן און שרייען: דו ביסט אונזער אַרבעטער־פירער!...

שלמה דאווידמאַן

# מיט׳ן סוד צום טיש

מר. פרידמאַן קומט אהיים שבת אין האַלבן טאָג פון דער ארבעט. ער גיט זיך אַ זעץ אַוועק אַפן בענקל, אַז ס׳הויבט אָן אַזש צו טרעשטשען פון שווערקייט. זיין פּנים איז נאָך פול מיט פינטלען פון פאַרשידענע פאַרבן. ער גיט אַ פאַרקאַטשע די אַרבל פון זיין שמוציקן אויבערהעמד, וואָס שטעקט אין די שווערע אָווערראָלס, באַפּוצט מיט פליאַכעס פאַרטריקנטע פאַרבן. ער נעמט זיך צו דער אכילה:

— נו? ! —

דאָס איז אַ מין באַפעל, אַז מרס. פרידמאַן זאָל אָנהויבן דער־לאַנגען די מאכלים. ער נעמט דערווייל דאָס ברויט אין די הענט אריין, גיט עס אַ צופלעכט און הייבט אָן בייסן גרויסע שטיקער.

מרס. פרידמאַן קייקלט זיך פון דעם אויוון צום טיש, פון טיש צום סינק. זי שטעלט אַוועק פולע טעלער און טעלערלאַך. די עסענס זיינען הייס. די פּאַרע הייבט זיך אויף אין דער לופטן און אנטלויפט ערגעץ.

מר. פרידמאַן ארבעט מיט די הענט און מויל. גאָפּל, לעפל און מעסער טאַנצן אַרום אין זיינע פינגער שנעל, כאַפּנדיק ווי ער זאָל דאָס עסן פון שטיק.

אַז מרס. פרידמאַן האָט שוין אַלץ אַפן טיש געבראַכט, זעצט זי זיך אַוועק און עסט אויך. זי פרעגט אים עפּעס, דערציילט אים. ער ענטפערט ניט. ער מרוקעט בלויז, ווי אַ הונט. ממ... ממ...

אָפּגעפּאַרטיקט מיט דער אכילה, שלעפּט ער אַרויס אַ סיגאַר און פאַררויכערט. ער גיט אַ צווייי, דריי ציי און לייגט אַוועק דעם סיגאַר אַפן רויכער־טישעלע. ער פאַרמאַכט פאַוואָלינקע די

אויגן. ער וויל ניט שלאָפן, נאָר גלאט אזוי א דרימל־טאָן, מעשה באלעבאָס. דער קאָפּ זיינער הייבט זיך אָן אראָפּלאָזן. אָט גיט ער א פאַל ווי ער זאָל זיך וועלן אראָפּקייקלען אינגאנצן. ער דערכאפּט אים. עפנט די אויגן. גיט א צי פון סיגאר. פאר־מאכט די אויגן, ניט אָף צו שלאָפן, בלויז א דרימל טאָן, מעשה באלעבאָס.

— גיי ליג זיך צו, יאָסל — בייזערט זיך מרס. פרידמאן מיט א ליבן בייזער — סע שפּארט זיך אָן און סע שלאָפט!

מר. פרידמאן ענטפערט ניט. ער לאָזט בלויז ארויס א מין כאָרעווע כראָפּען, וואָס הייבט זיך אָן מיט א הייזעריקער באס־שטים און ענדיגט זיך מיט א סאָפּראנע־פייפל.

מרס. פרידמאן נעמט זיך צום וואשן די כלים. די קינדער קומען איינציגוויייז. יעדער פאָדערט בא דער מאמען עסן. זי דערלאנגט זיי דאָס עסן קנעכטיש, אונטערטעניג, ווי א דינסט. ווייל וואס איז דען די מאמע? א גרינהאָרן, אזא מין לעבעדיקע זאך, וואָס האָט זיי באדארפט געבוירן פאר אמעריקע, זיי באדינען אינגאנצן לעבן און ווייטער האָט זי איבער זיי ניט וואס צו זאָגן.

* * *

אין אָוונט פּראוועט מען א „פּינאָקל“. ס'קומען מר. גרינ־בערג, דער פּרעזידענט פון דער סאָסייעטי, און מר. שמעלצער, דער שרייער. פריער זעצט מען זיך אויס, ווי פיינע באלעבאטישע מענטשן. אביסעלע שפּעטער, ווען מען צערייבט זיך אביסל די הענט, די שפּיל צופייערט זיך, הייבט מען זיך אָן צו רופן מיט די היימישע נעמען, מיט עקן: מר. פרידמאן ווערט צוריק יאָסל פּיפּערנאָטער, מר. גרינבערג — בערל די טעלעצע, און מר. שמעלצער — ניסעלע גנב.

די פּנים'ער צופלאמען זיך ביי זיי, די אויגן הייבן אָן צו גלאנצן און די הענט און מיילער ארבעטן פליסיק. אָט האָט יאָסל פארשפּילט א פּאָר זילבערנע מטבעות, און איבער וואָס, ווייל ניסעלע גנב האָט אים גענומען אָפּן צימבל. נו, איז אים יאָסל פארפאָרן מיט די שענסטע ברכות ביז אדם הראשונען אריין.

אז איין שפּיל גייט אָפּ פּוסט, ניטאָ קיין גוטע קאָרטן, האָט

מען צייט אויסצוגרעבצן זיך פון אלע מיילער, מע פארדרוי־
בערט סיגארן, דער רויך זאל פארטרייבן דעם ריח ניחוח.

* * *

אין צווייטן צימער ליגט מרס. פרידמאן אפן סאפקעלע. זי
איז שוין צוגעוואוינט. שוין אכט־און־צוואנציק יאר, ווי זי לעבט
מיט יאסלען. אמת, ווען עס קומען די שבת'ע־נאכטסן, די טרא־
דיציאנעלע פינאקל־צייט, דערמאנט זי זיך אין דעם טאג פון איר
חתונה. זי איז זייער ברוגז אף גאט. ווען זי זאל געווען זיין
אביסעלע שענער, כאטש איין ביסעלע, וואלט זי אים, אזא גראבן
יונג, ניט אנגעקוקט אפילו. זי איז פארט פון דער גרויסער
משפחה. פון אזא יחוס, איין קליינינקייט, איר זיידע איז געווען
א שוחט.

וואס האט זי געקענט טאן? אז די גאנצע וועלט האט
חתונה, אף איר וויל קיין לייטישער בחור זיך ניט אומקוקן, האט
זי גענומען יאסעלע פיפערנאטער.

אך, די קינדער. זי האט דאך זיי אזוי ליב, פארוואס פאר־
שטייען זיי די מאמען ניט? וואס איז זי שולדיג, אז זי קען קיין
ענגליש ניט?

דוואסיע פארקוקט זיך אפן יארצייט־ליכטל. דאס פלעמל
אין גלאז הוידלט זיך און דרייט זיך, ווי רעקסי פלעגט טרייסלען
זיין צונג, ווען ער איז געווען הונגעריק. היינט איז געווארן
פונקט א יאר, ווי איר זון האט אים גע'הרג'עט מיט דער מאשין.
א גוטער פריינט געווען, דער הונט. ווען אלע קינדער פלעגן זיך
צוגיין, דער מאן איז אוועק צו א מיטינג ערגעץ, פלעגט רעקסי
ליגן נעבן איר, זי פלעגט מיט אים שמועסן, ווי מיט א נאענטן
מענטשן. אלץ פלעגט זי אים דערציילן: „ס'איז גוט געווען,
וואס רעקסי האט ניט געקענט ריידן".

זי האט טיפער ארייגעשטאכן אירע בליקן אין פלעמל. איר
האט זיך אויסגעוויזן, אז רעקסי קוקט פון הארטן ארוים מיט
אזעלכע פארבענקטע אויגן, ווי ער פלעגט זי באגעגענען ווען זי
פלעגט קומען פון א ווייטן וועג.

ס'האט איר א נאג געטאן באם הארצן, צוויי טרערן האבן זיך
באוויזן בא די ברעגן פון אירע אויגן. זי האט באהאלטן איר פנים

אין קישן און שטיל געשעפּטשעט מיט די ליפּן: „רעקסי, רעקסי, גוטער פריינט מיינער".

* * *

בא מר. פרידמאַן איז די קאַרט היינט ניט געגאַנגען, כאָטש גיב זיי אַ קרענק. און אַלץ דערפאַר, ווייל ער האָט קיין מזל ניט. דאכט זיך, אַז ס'גייט ניט אין ליבע, גייט אין קאַרטן, נאָר ניט בא יאָסלען. ער האָט אריינגעקראָגן אַזאַ מאַלפּע. ער ווייסט ניט וואו זיינע אויגן זיינען געווען דעמאָלט. נאָר אַ ניט־גוטער האָט אים אָפּגעטאָן דעמאָלט אַ שפּיצל. ער איז אַזאַ שיינער מאַן, דאַרף ער אריינקריגן אַזאַ „מאָנקי־פּיים", ווי דוואָסיע. אמת, זי איז ניט פון די פּראָסטע בעלי־מלאכות, שטאַמט פון גרויסן יחוס. אַ גע־שעפּט האָט ער, יחוס־שמיכעס.

— סעי, ניסעלע גנב, האָסט מיר אריינגעהאַקט, אַ כאָליערע זאָל דיך באַלד אויסציען — האָט זיך מר. פרידמאַן אויפגעכאַפּט ביי אַ שלעכטער קאַרט, ווי פון אַ בייזן חלום.

— וועמער איז דיר שולדיג, מיין טייערער פּיפּערנאָטער, אַז דו ביסט אַ פאַרטראָגענער מלאך — האָט מר. שמעלצער אריינגעצויגן אַ היפּש ביסל רויך און עס אַרויסגעבלאָזן, ווי אַ גרויסער העלד.

מר. גרינבערג האָט זיך צולאַכט און גלאַט אַזוי זיך אויסגע־קערעוועט זיינע אויגן צום צווייטן צימער:

— זע נאָר, יאָסל, דו הייסט שוין שטעלן אַ יאָרצייט־ליכטל נאָך דיינע פּאָר גראָשן?

יאָסל האָט זיך אביסל פאַרטראַכט: „דאכט זיך, אַז היינט האָבן מיר ניט קיין יאָרצייט". באַלד האָט אים אָבער אַזעץ געטאָן אין קאָפּ. אַ פּאַק נייע דערמאָנונגען: „אַ, ס'האָט דוואָסיע גע־שטעלט אַ יאָרצייט ליכטל נאָך רעקסי'ן".

— נאָך וועמען? — האָבןביידע פריינט טשיקאַווע איבער־געפרעגט.

— מיר האָבן געהאַט אַמאָל אַ הונט, רעקסי, איז אים דזשעק איבערגעפאָרן. נו, האָט עס מיין ווייב געשטעלט אַ ליכטל פאַר זיין נשמה.

ביידע האָבן זיך צעלאַכט.

— לאַכט ניט — האָט עס יאָסלען פאַרדראָסן, — געווען

א ליבער הונט רעקסי, א קלוגער חברה׳מאן. ער האָט זיך גע־שטעלט אַף צוויי פיס, געהיט די הויז, ווי אַן אמת׳ער „וואטשמאַן״. זי האָט אים געהאַלטן, ווי אַן איינגן קינד. אים אויפגעהאָדעוועט, געוואַשן און געבאָדן. אַלע טאָג גענומען מיט אים א שפּאַציר.

איינמאָל איז דוואָסיע געבליבן אַליין אין הויז. פּלוצים הערט זי קלאַפּן אין טיר. „ווער איז דאָרט?״ פרעגט זי. מע ענטפערט ניט. האָט זיך רעקסי געריסן צו דער טיר און זיך אַזוי צעהאַווקעט, אַז יענער איז אַוועק קוים א לעבעדיגער. ביז היינט ווייס זי ניט ווער דאָס איז געווען. איז דאָס ניט געווען קיין גנב?

דעם טאָג, ווען דער הונט איז געשטאָרבן, האָט דוואָסיע א גאַנצן טאָג ניט געגעסן. זי האָט געהאַלטן אין איין וויינען און קלאָגן.

א רחמנות, א טייערער הונט געווען.

— זע נאָר, ווי ער האָט זיך צעיאָמערט, ווי א אידענע — האָט בערל די טעלעצע אַרויסגעגרעבצט — גיב שוין א קאָרט, גיט שוין, די נאַכט שטייט ניט.

— טאַקע אַזוי — האָט ניסל אונטערגעכאַפּט — און מיר זיצן, ווי צוויי בהמות, און הערן אויס זיינע באָבע־מעשות. שיס, יאָסל.

און ווייטער האָבן זיך קאָרטן צוליייגט אַפן טיש. איינינע האָבן זיך געוואַרעמט אין זייערע פינגער. אַנדערע זיינען גע־לעגן מיטן סוד צום טיש.

מאַקס פּערלאָוו

# „חברים"

.1

ווען וועלוול האָט זיך דערוואוסט, אַז זיין פֿאָרן קיין אַמע־ריקאַ איז שוין אַ זיכערע זאַך, איז ער געבליבן שטיין אומבאַ־וועגלאַך פּאָר עטלאַכע מינוט; ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז אָט אין דער מינוט האָט זיך אָפּגעריסן זיין גאַנצע פֿאַרגאַנגענהייט, איז אַריינגעפֿאַלן אין די טיפֿענישן פֿון די ימים, און ער טראָגט זיך אין דער הויך צו אַ נייער וועלט, אַ פֿרעמדער און אַ קאַלטער.

און וועלוולען האָט דאָס ווי געטאָן, ווייל אויב זיין לעבן דאָ אינ׳ם קליין שטעטעלע איז ניט געווען בכח צו שטילן דעם הונ־גער און אָנטאָן אַ גוטן מלבוש, איז עס אָבער יאָ געווען בכח אַריינצוגיסן אין זיין נשמה אַ האַרציקייט, אַ ליבשאַפֿט. דאָ אין דעם שטעטל האָט ער זיינע קינדערשע יאָרן אָוועקגעגעבן, גע־ליטן קבצנ׳ישקייט און דחקות, זיך געיאָגט נאָך לערנען און דעם לערער ניט געקאָנט באַצאָלן, דאָך זיך געלערנט, אַליין געלערנט, מיט נאָך אַזעלכע קבצנ׳ישע קינדער: אין באַליאַסטרעס זיך אויפגענומען, געזוכט, גענישטערט אין ספרים און אין ביכער.

און געשמאַק איז געווען איצט צו טראַכטן וועגן דעם. איצט איז שוין וועלוול אַ בחור פֿון ניינצן יאָר. אויסגעוואַקסן להכעיס די באַדינגונגען, זיך געלערנט להכעיס אומעגלאַכקייטן, געלעבט להכעיס די אויסזיכטן...

אַלץ איז געווען להכעיס...

איצט האָט דאָס וועלוול אַזוי גוט פֿאַרשטאַנען; דערפֿאַר טאַקע ווען ער טראַכט וועגן פֿאָרן קיין אַמעריקע דערמאָנט זיך אים:

אין אַ קליינעם שטיבעלע, וואָס באַשטייט פון איין חדר מיט אַ קיך, וואו קיין פּאָדלאָגע איז ניטאָ, נאָר די רויע ערד איז גלאַטיק צוגעקערט; אָט פון יענעם קליינעם שטיבעלע, אין אַ הינטערשטער געסל פון שטאָט, טראָגט זיך אַ זיסע, קלינגענ־דיקע שטים פון אַ יונג מיידל. דאָס מיידל איז אינגאַנצן זיבעצן יאָר אַלט, שטייט זי לעבן טיש און שניידט מיט אַ שערל פאַר־שידענע שטאָפן פאַר בלוזקעס און קליידלאַך פאַר די דאָרפישע שיקסעס; שניידט זי און זינגט בעת מעשה: „אין אַ קליינעם שטיבעלע באַ אַ לאַנגען טיש, זיצן דאָרטן מיידעלאַך און דרייען מיט די פּיס"...

גייט נאָכדעם דאָס מיידל און הויבט אויכעט אָן צו דרייען מיט די פּיס באַ אַ מאַשין: זי איז אָבער אַליין, איינזאַם. דרייט זי ס'רעדל, ציט די שטאָפן פון אונטער דער נאָדל און זינגט בעת מעשה: „דרייען די מאַשינדאַלאַך פון אינדערפרי ביז נאַכט, און אַזוי ווערן טוצנווייז העמדאַלאַך געמאַכט"...

צוטראָגט זיך דער קול איבער אַלע ווינקעלאַך פון'ם שטי־בעלע, פאַרבאַהאַלט זיך דאָרטן דער קול; קוקן די טענער פון די ווינקעלאַך אַרויס איינער צום צווייטען, ווינקען זיך איבער, און דאָס גאַנצע הויז ווערט אָנגעפילט מיט אַזאַ מין איינזאַמקייט און בענקשאַפט, אַז...

אַז דאָס קליין קינד, וואָס עסק'ט זיך באַ אַ גריבל, וואָס עס האָט אין אַ ווינקל פון קיך אויסגעגראָבן, דערפילט עס, שטעלט עס אָפּ די אַרבעט און קוקט מיט אומעטיקע אויגעלאַך צו דער שוועסטער; און די שוועסטער דאָרטן באַם מאַשין דערפילט דעם קינד'ס בליקן, קערט זי אָפּ דעם קאָפּ פון מאַשין, לויפט און כאַפּט ס'קינד אַף די הענט, זיי קושן זיך און עפּעס ניט ווילנדיק וויינען זיי ביידע.

און ס'דערמאָנט זיך נאָך: ווען ער איז עלטער געוואָרן, האָט ער זיך דערוואוסט, אַז זיין טאַטע איז אין אַמעריקע; אַז ער איז דאָרטן אַף צרות און קען קיין געלט ניט שיקן; אַז די שוועסטער האָרעוועט שוין זינט זי איז דרייצן יאָר אַלט געוואָרן, כּדי צו דערנערן די פאַמיליע; אַז זיין פאָטער איז אַנטלאָפן פון

מלחמה און זיין מוטער גייט אַרום איבער די דערפער צו פאַרקויפן די אויפגעניייטע זאַכן...

פלעגט ער זיך ניט וואונדערן, וואָס זיין מוטער און שוועסטער וויינען אַזוי אָפט... ער פלעגט אָבער ניט קאָנען פאַרשטיין פאַרוואָס אַלע מענטשן וויינען ניט, פאַרוואָס ס'זיינען פאַראַן פריילאַכע און טאַנצנדיקע, און פאַרוואָס זיינען אַלע טאַטעס קיין אַמעריקע ניט אַנטלאָפן... און שפּעטער: פאַרוואָס אַלע קינדער גייען אין די חדרים לערנען זיך און ער?...

איז דאָס קינד געוואָקסן; און ס'געדענקט זיך: דאָס קינד האָט אָנגעטראָפן נאָך אַ כאָפּטע קבצנ'ישע קינדער און זיי האָבן זיך געלערנט, געזוכט און גענישטערט, געהונגערט און געליטן; בײַ אַלעמען פון זיי האָט זיך אַ חשב'קייט אױף די פּנים'ער אוועקגעלייגט און אַ ביטערקייט איז אין די אויגן געשוואומען.

און מיט אָט דער ביטערקייט אין די אויגן, חשב'קייט אױף די פּנים'ער און חשק צו וויסן, האָט זיך אָט די כאָפּטע קבצנ'ישע קינדער אַוועקגעלאָזט אין די גרעסטע שטעט. זיך געוואַלגערט אױף די האַרטע בית־המדרש בענק, געגעסן „טעג" בײַ די גבירים פון שטאָט, געלערנט אין ישיבה און געלערנט אין דער היים, און געזונגען: „בעסער עסן בײַ זיך ברויט אַליין, איידער בײַ אַ פרעמדן פלייש מיט כריין"...

און אַזוי האָבן וואָכן טעג איינגעשלונגען, חדשים האָבן די וואָכן צונויפגעשטיקעוועט, און יאָרן באַשאַפן.

און פונ'ם קינד איז געוואָרן דער נייַנצן יאָריקער וועלוול.

וועלוול איז איצט צוריק אינ'ם שטעטעלע געוועזן. ער האָט געאַרבעט בײַ גאַרבערייַ און פון דעם דערנערט זיין משפּחה.

איז וועלוול געוועזן אַ חבר פון אָט יענער אַמאָליקער קבצנ'ישער כאָפּטע. זיי האָבן איצט אויך צוזאַמען געלערנט, געלערנט אָבער עפּעס אַנדערש, געלערנט די ביכער פון קאַרל מאַרקס.

און די טעאָריעס און לערעס האָבן געוואונקען צו אָט דער כאָפּטע און זיי געזאָגט: ווער־ווער, איר ווייסט זיכער וואָס אָט דאָס באַדייט: איר פאַרשטייט זיכער וואָס די איצטיקע געזעלשאַפטלאַכע אָרדנונג מיינט...

און זיי אַלע האָבן עס געוואוסט.

דערפאַר טאַקע איז עס וועלוול אַרומגעלאָפן איבער די דער־פער און געהאַט געהיימע פאַרזאַמלונגען מיט די פּויערים און זיי געזאָגט, אַז ס׳גייען אָהער די באָלשעוויקעס און מיר דאַרפן שטיין מיט זיי...

וועלוול מיט זיין כאַפּטע זיינען געווען באָלשעוויקעס.

איז דאָס געווען אין דער צייט, ווען די גאַנצע וועלט האָט געשיקט סאָלדאַטן און געוואָר צו שלאָגן די באָלשעוויקעס; איז דאָס געווען אין דער צייט ווען מען האָט די באָלשעוויסטישע חילות צוקלאַפּט און זיי פאַרטריבן צו די הויפּט־צענטערן... אָט אין יענער צייט האָט מען דאָס אַרומגעזוכט וועלוול׳ען און ער האָט זיך באַהאַלטן אין אַ צווייטער שטאָט אונטער אַ פרעמדן נאָמען...

דאַן איז עס אָנגעקומען די ידיעה פון זיין טאַטן, אַז זיי זאָלן פאָרן קיין אַמעריקע.

און באַנג, שרעקלאַך באַנג האָט געטאָן פאַר יענעם קליין שטיבעלע מיט דער כאַפּטע קבצנ׳ישע חברים. וועלוול האָט געפילט ווי זיין גאַנץ לעבן רייסט זיך, ברעקלט זיך אויף שטיק־לאַך און עפּעס איין ברעקעלע פון אָט די אַלע וועט זיך יע אָפּ־שטעלן, נאָר וועלכע?...

און נאָך מער האָט באַנג געטאָן, וואָס ער וועט ניט זיין, ווען די באָלשעוויקעס וועלן זיגן...

נאָר...

אַזוי איז וועלוול קיין אַמעריקאַ געפאָרן!

אַזוי איז וועלוול קיין אַמעריקע געקומען!...

.2

הערשל איז אויך געווען אַ קבצנ׳יש קינד, וועלוול׳ס אַ חבר נאָך ווען זיי זיינען געווען גאָר קליינע קינדער, ניין יאָריקע.

און יענע ניין יאָריקע קינדער זיינען געווען גוטע, האַרציקע חברים.

איז דער ניין יאָריקער הערשעלע צוזאַמען מיט זיין מאַמען,

שוועסטער און ברידער, אוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע צו זיין טאַטן.

קינדער, וואָס פאַר אַ גוטע חברים זיי זאָלען ניט זיין, וועלן אָבער ניט האָבן קיין פאַרבינדונג דורך בריוו, ווען זיי צעשיידן זיך. איז אויב הערשעלע מיט וועלוועלען האָבן זיך צו איינציקע בריוולאַך יאָ געשריבן, האָבן זיי עס באַלד אויפגעהערט. הערשעלע איז געקומען צו אַן אָרימען טאַטן. זיי האָבן געוואוינט אויף עלען סטריט. דער טאַטע זיינער איז געווען אַ פּעדלער און נאָך אַ טאָג שווערע אַרבעט, זיך אַרומשלעפּן מיטן פּושקאַרט, פלעגט ער קומנדיק אַהיים אַנידערפאַלן אפן בעט און גלייך איינשלאָפן. אינדערפרי פלעגט שוין אים הערשעלע ניט טרעפן.

הערשעלע האָט אָבער וועגן דעם זיך ניט געקימערט, ווייל ער האָט פּשוט קיין צייט ניט געהאַט פאַר די זאַכן.

ער איז גיך אַסימילירט געוואָרן צווישן די פּושקאַרטס און שמוץ פון עלען אָרטשאַרד גאַסן: ער האָט זיך געוואָרפן אין באָל מיט די קינדער, זיך אָנגעהאַנגען אויף אויטאָמאָבילן און וועגענער, געלייגט פייערן אין די גאַסן און געשלעפּט צעבראָכענע קאַסטנס און ברעטער. הערשעלע האָט זיך געפילט גוט אין אָט דער סביבה... וואָס דאַרף דען אַ קינד?...

און הערשעלע איז אויך געגאַנגען אין „סקול”.

דעם אמת זאָגנדיק, האָט ער צו דער סקול ניט אַזאַ חשק געהאַט, נאָר ס'זיינען געווען אַזעלכע שעה'ן, ווען הערשעלע פלעגט זיצן און זיך צוהערן צו דער לערערינס רייד מיט גרויס אינטערעס. דאָס זיינע געווען די שעה'ן, ווען זי פלעגט דערציילן צו די קינדער וועגן די גרויסע העלדישקייטן פון אונזערע עלטערן, די פּיאָנערן פון אמעריקע, די קעמפּער פאַר פרייהייט...

הערשעלע איז מקנא געווען אָט יענע, די שטאַרקע מענטשן מיט די ביקסן און האַרמאַטן, וואָס האָבן זיך אַזוי פיין געשלאָגן און צעקלאַפּט דעם שונא; ער האָט ליב געקראָגן אָט יענע העלדן, און ער האָט ליב געקראָגן דעם פלאַג, פאַר וועלכן זיי האָבן זיך געשלאָגן.

און ס'האָט אים אויך אינטערעסירט, ווען די לערערין פלעגט דערציילן ווי אַזוי אין אמעריקע איז גוט, און ווי אַזוי אָרימע

אינגלאַנד ווערן גרויסע גבירים. הערשעלע פלעגט זיצן מיט אַן אָפענעם מויל און זיך צוהערן צו אירע רייד; אָפט פלעגט ער אַרויסמורמלען: „אָ, דזשי, וואָט איי וואָנדערפול קאָונ־טרי!"...

און נאָך אָפטער פלעגט ער טראַכטן: „וואַט עי פול מאַי פאַטהער איז!"... געמיינט האָט ער דאָס, וואָס זיין טאַטע איז ניט פּייאַיק אויסצונוצן די געלעגנהייטן און ווערן אַן עושר...

אזוי איז הערשעלע געוואַקסן.

נאָך ווען ער איז געגאַנגען אין פּובליק סקול, האָט ער שוין געזוכט אויסצונוצן די „אָפּאָרטוניטיס" אין פאַרקויפן שיך־בענד־לאַך איבער די ניו יאָרקער גאַסן.

ווען הערשעלע איז אַלט געוואָרן דרייצן יאָר, האָט ער שוין אַף אַן אמת געמוזט אָנהויבן טראַכטן וועגן אַ לעבן, ווייל זיין פאָטער האָט שוין אים מער ניט געקענט אויסהאַלטן.

אזוי זיינען עטלאַכע יאָר פאַראיבער. הערשעלע איז שוין איצט ניינצן יאָר אַלט. ער פאַרדינט דרייסיק דאָלער אַ וואָך אַלס קלוירק אין אַ גרויסער פאַבריק.

זיין נאָמען איז, פאַרשטייט זיך: הערי.

הערי'ן רופן אַלע „ספּאָרט": ער קליידט זיך לויט דער לעצ־טער מאָדע; ער איז דער פּייאַיקסטער אָפּצושטעלן אַ מיידל און שליסן באַקאַנטשאַפט אין מיטן גאַס; אין אַלגעמיין איז ער ניט קיין פאַרשלאָפענער יונג; ער קען גוט שפּילן אין באָל, און יענעם דערלאַנגען אַ קלאַפּ ווייס ער אויך ווי אזוי.

זאָגט מען הערי'ן פאַראויס אַ שיינע צוקונפט: ער וועט נאָך ווערן אַ פּרייז־פייטער, אַ בייז־באָל שפּילער, אַן עושר, אַ וואָס ניט?

הערי'ס פאָטער קרעכצט אַמאָל אונטער, נאָר דאָך האָט ער דרך־ארץ פאַר זיין זון, און ווען הערי זאָגט אים אַמאָל, „דו פער־דישע קאָפּ", שמייכלט דער טאַטע אונטער די וואָנצעס...

ווע־לוול, זיצנדיק אָפּ'ן שיף אַ פאַראומערטער, אַ פאַרטראַכ־טער, האָט זיך דערמאָנט וועגן הערשלען, זיין קינדהייטס חבר. זיינע אויגן האָבן אויפגעלויכטן. ס'האָט זיך אים אָנגעהויבן דערמאָנען, וואָס פאַר אַ גוט קינד הערשעלע איז געווען, און

ס'האָט זיך אים געטראַכט: אָט, אַזאַ בחור וועט דאָך מיך פאַר־שטיין: ער געדענקט נאָך וואָס מיר האָבן זיך אָנגעליטן. מיר וועלן זיך אָפּט דערציילן און דערמאָנען פון אַמאָל...

און דאָרטן, אָט ווי אַמעריקע איז צוריקגעשטאַנען אין באַוואוסטזיין, (אַזוי האָט וועלוול געהערט), וועלן מיר מסתמא געפינען נאָך אַזעלכע ווי מיר זיינען, און אויך דאָרטן שאַפן אַ חבר'שע אַרבעטער־סביבה.

דערפאַר טאַקע ווי נאָר וועלוול איז קיין אַמעריקע געקומען, האָט ער זיך נאָכגעפרעגט אויף הערשל'ס משפחה, און האָט געבעטן מען זאָל אים פירן צו זיי.

ביידע טאַטעס זיינען געווען גוטע ברידער, ביידע פעדלער, ביידע קבצנים, און צו דערפילן זיין פאַרלאַנג האָט וועלוול לאַנג ניט געדאַרפט בעטן.

פריער זיינען טאַקע הערשל'ס טאַטע־מאַמע צו זיי געקומען, נאָר וועגן הערשלען האָבן זיי אים ניט געהאַט וואָס צו זאָגן, ווייל הערי האָט גאָרניט געוואוסט וועגן וועלוול'ס אָנקומען.

— פאַרוואָס? — האָט וועלוול געפרעגט.

— ווייל ער געדענקט אייך זיכער ניט.

און וועלוול האָט זיך ניט געקענט גלויבן: סטייטש, פאַר־וואָס געדענק איך אַזוי גוט?...

אין אַ פאַרנאַכט האָט וועלוול געטראָפן הערי'ן בא זיינע עלטערן אין הויז.

וועלוול האָט, ווייזט אויס, פאַרגעסן אַז צען יאָר זיינען אַריבער זינט יענער צייט, ווען זיי זיינען חברים געווען, ווייל לויט דער פרייד, וואָס ער האָט אין זיך געטראָגן גייענדיק צו „הערשלען", איז קאָנטיק געווען, אַז ער דענקט צו טרעפן פונקט אַזאַ שטילן, גוטן איבערגעגעבענעם חבר...

ווען וועלוול איז אָבער אין הויז אַריינגעקומען, איז ער געבליבן שטיין ווי אַ פאַרגליווערטער: באַם טיש איז געזעסן אַ הויכער בחור מיט אַ האַרטן ברוגז'ן אויסזען: ער האָט איילנדיק געשלונגען דאָס עסן און בעת מעשה געקוקט אויף בילדער פון „פערד־געיעג".

וועלוול איז אַ ווײַלע געשטאַנען און באַטראַכט דעם בחור;

ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז זיין אַמאָליקער חבר. ס׳וואָלט זיך וועלן צולויפן צו אים, אַרומכאַפּן. יענעמ׳ס פּנים, יענעמ׳ס „פּייפּער“, און יענעמ׳ס קאַלטער זיצן האָט אים אָבער צוריקגע־האַלטן.

הערי׳ס מוטער האָט פאַרגעשטעלט:

— הערי, דאָס איז דיין פריינד פון דער היים.

הערי האָט אַ שמייכל געטאָן: „האַו דו יו דו?“

ער האָט זיך שוין געוואָלט נעמען צוריק צום לייענען, נאָר איבערלייגנדיק זיך, איז ער אויפגעשטאַנען און צוגעטראָגן וועלוועלען די האַנט.

— האַו איז איט אין די אָלד קאַנטרי?

— כ׳פאַרשטיי נאָך ניט קיין ענגליש, הערשל, — האָט וועלוועל באַמערקט.

— כ׳פרעג: וואָס מאַכט יוראָפּ? וואָס דו מאַכסט?

— אָ, גוט! גוט!

— אָלרייט?

— אָלרייט! וואָס מאַכסטו עפּעס, הערשל?

— אָ, מיך מ׳רופט הערי! — האָט ער באַמערקט צו וועל־וועלען, — איך מאַך אָלרייט!

און הערי האָט זיך צוריק גענומען קוקן אין די בילדער.

גאַנץ אַנדערש, מיט אַ גאַנץ אַנדער געמיט, איז וועלוועל צוריק פון זיין קינדהייט־חבר׳ס הויז אַרויס. ס׳האָט אים ווי געטאָן דאָס האַרץ; ס׳איז עפּעס געוועזן אַזוי וויסט אױף דער נשמה און וועלוועל האָט געפילט, אַז אַלץ, אַלץ האָט זיך אָפּגעריסן. איז דערטרונקען געוואָרן אין די טיפעניש פון די ימים...

* * *

צוויי יאָר זיינען פאַריבער. פאַר די צוויי יאָר האָט וועלוועל דורכגעמאַכט קאַלטס און וואַרימס: וואו ערגעץ אַ שאַפּ האָט ער זיך אויסגעוואַלגערט און קיין לעבן ניט געקאָנט מאַכן. די על־טערן האָבן אים אויך ניט געקאָנט אַרויסהעלפן. איז וועלוועלען ניט איינמאָל אויסגעקומען אונטערצוהונגערן אביסל, אַרומזוכנ־דיק גאַנצע טעג „דזשאָבס“ און ניט האָבנדיק פאַרוואָס עפּעס צו קויפן איבערבייסן.

פלעגט ער ארומבלאנקען איבער די ניו יארקער גאסן און קוקן אף די לוקסוס ארטיקלען, וואס שטייען אין די שויפענצטער אויסגעשטעלט; אף די פארפוצטע, באדימענטע פרויען און מענער, וואס שלייכן זיך זארגלאז איבער די גאסן: פלעגט ער לייענען אין די צייטונגען וויפיל מיליאנען די מיליאנערסקע קינדער פארשווענדן, און פון דער טיפקייט פון זיין נשמה פלעגט זיך אלעמאל ארויסרייסן:

— גאדעמעט!...

אין איין זאך האט ער זיך אבער טועה געווען: וועלוול איז ניט געבליבן אפגעריסן פון זיין פארגאנגענהייט. ניין! וועלוול האט זיך ארומגעזען, אז אויך אין אמעריקע איז פאראן א ווינקל אן אנדערער, א מוטיקער, א קעמפענדיקער.

וועלוול איז געווארן א מיטגליד פון דער קאמוניסטישער פארטיי און מיט דעם אביסל בארואיקט זיין אנגעווייטיקטן געמיט...

געווען איז דאס אין אן אוונט, ווען וועלוול איז געזעסן בא הערי׳ן אין הויז. ס׳איז בא זיין אמאליקן חבר׳ס עלטערן עפעס א שמחה׳לע געווען, און הגם וועלוול איז שוין געווען ווייט פון זיי האט ער דאך נאך עפעס געפילט א פארוואנדשאפט מיט דעם, וואס ער פלעגט זיך קאנען אריבערטראגן צו די קינדערשע יארן.

איז מיט וועלוולען געקומען זיין אינגערע שוועסטער, אויך א קאמוניסטקע, און זיי האבן זיךביידע געשמועסט וועגן פארשידענע זאכן.

מיטאמאל האט זי זיך צעלאכט: וועלוול מיטן אמעריקאנעם „פלאג!״...

וועלוול האט זיך ארומגעזען, אז בא אים אין לאץ איז אנגעטשעפעט אן אמעריקאנער „פלעגעלע״. דאס האט מען אים אנגעשפילעט נאך נעכטן אוונט, זייענדיק בא א יוניאן אונטערנעמונג. ס׳האט זיך אים געדאכט, אז דאס איז דער סימבאל פון פארשקלאפונג... אז אונטער אט דעם פלאג ווערן אפגעטאן די נידעריגסטע טאטן... וועלוול׳ס הארץ האט געווייטיקט פריער אונטער דער צארישער פאן און איצט...

און כאטש ס׳איז דאך מער ניט ווי א שטיקל מאטעריע,

דאָך האָט עס װעלװל באַ זיך אין לאַץ ניט געװאָלט האָבן און עס אַרונטערגעװאָרפן.

מיטאַמאָל האָט װעלװל דערפילט אַ שלעפּ פאַר׳ן קאָלנער:

— העי, יו דעמן פול!

װעלװל האָט זיך אומגעקוקט: פאַר אים איז געשטאַנען הערי, אַ פאַרפלאָמטער און צערייצטער. זיין פּנים איז געװען צונטער רויט און די אויגן האָבן זיך װילד געדרייט איבער װעלװל׳ס געזיכט.

װעלװל האָט ניט פאַרשטאַנען װאָס דאָ קומט פאָר.

— װאָס איז הערי? װאָס האָט געטראָפן?

װעלװל האָט געמיינט, אַז ס׳איז אַ װיץ: ער האָט זיך אָבער באַלד אַרומגעזען, אַז ס׳איז ערנסט.

— האָסט אַרונטערגעװאָרפן מיין פלאַג, דו סאָן אָף עי גאָן!

— האָט הערי װייטער געשריען.

װעלװל האָט זיך צעלאַכט. איצט האָט ער שוין גוט פאַר־שטאַנען װאָס דאָ קומט פאָר. ער האָט געפרעגט:

— דיין פלאַג? װאָס האָסטו פון אים, הערי? דיינע עלטערן זיינען אָרעם, דו ביסט אַ שקלאַף!

— כ׳ניט הערן, דו גרינהאָרן!...

— הערי, לאָמיר דיסקוטירן, מיר׳ן זען װער ס׳איז גערעכט

— האָט װעלװל געפּרופט בעטן.

הערי האָט אָבער נאָך מיט מער צאָרן זיך אַ לאָז געטאָן צו אים:

— קאָם דאַון סטערז, יו בעסטאַרד!

װעלװל איז שוין גאַנץ ערנסט געװאָרן. אַלע אַרומיקע זיינען געװען דערשראָקן און זיך געבעטן באַ הערי׳ן, ער זאָל אויפ־הערן.

יענער האָט אָבער געהאַלטן אין איין שרייען: „קאָם דאַון סטערס! דהיס איז מאַי פלעג, מאַי קאָונטרי!“

װעלװל איז געשטאַנען אַ צעטומלטער. אין דער אמת׳ן איז ער ניט אויסן געװען צו דערצאָרנען הערי׳ן. ער האָט געװאוסט, אַז ניט דאָס איז דער װעג צו אויפקלערונג. ער האָט דאָס אָבער

געטאָן ניט אַרומזעענדיק זיך און ניט ריכטנדיק זיך אַף אַזאַ גע־שיכטע.

ער איז געשטאַנען און באַטראַכט זײַן אַמאָליקן חבר און איצטיקן שונא. אין זײַנע געדאַנקען האָבן איצט פאַרבײַגע־שװעבט צענדליקער בילדער פון זײַן לעבן. ס'האָט אים באַנג געטאָן פאַר זײַן גוטן חבר הערשעלע...

מיטאַמאָל האָט זיך װעלװל אױסגעגלײַכט, אַף זײַן פּנים האָט זיך באַװיזן אַן אַנטשלאָסענער אױסדרוק און מיט פאַר־שטשעמעטע ליפּן האָט ער זיך צו הערי'ן געװענדעט:

— אָלרײַט, קאַם דאַון סטערס!...

שלמה דאַווידמאַן

# אפֿן רוסישן בערגל

.1

אפֿ'ן ראַג פֿון הונדערט און זעקס און זיבעציקסטע גאַס שפּיגלט זיך אַ פֿינף־שטאָקיגע געביידע אין פּאַרק. פֿון ציגל מיט ווייסע סטענגעס געקעסטעלט, מיט שליאַמערס פֿון אַשיקע שטיי־נער, מיט אייזערנע רויטע גאַניקס און לייטערס, מיט ציכטיקע פֿענצטער, מיט קווייטלדיקע שפּיצנדיקע ווייסע פֿאָרהאַנגען, און רעגן באַשיצערס פֿון טערקישע קאָלירן באַפּוצט.

אפֿן דריטן גאָרן וואוינט אסתר סאַפּיראָ אין אַ צימער בײַ אירער אַ שוועסטער. זינע, איר שוועסטער, איז אַנדערהאַלבן צענדליק יאָרן אין לאַנד. צען יאָר, אַז זי האָט שוין פֿאַרלאָזן דעם שאָפּ און חתונה געהאַט. שעלט שוין אירע צוויי קינדער אויף ענגליש. שוין אָנגעזאַמלט אַ פֿינפֿפֿודיקע פֿעטקייט אַף זיך, מיט אַ גוידער אַ קלאָרן, וואָס הענגט אַראָפּ, ווי אַ וואָגשאָל פֿון איר באַפּוידערטן געזיכט, מיט שמאַלציקע, באַרויטלטע באַקן און שאַרפֿע וויינשל־קאָליר באַשמירטע ליפּן, וואָס שעמען זיך פֿאַר די צוויי גרויסע שוואַרצע אויגן און שוואַרצן קאָפּ האָר.

געטראַכט האָט זינע אַזוי: אסתר וועט קומען אין ניו יאָרק, פֿון אַן אויסגעהונגערטן לאַנד מיט שרפֿות, מגפֿות, פּאָגראָ־מען, קריגן און רעוואָלוציעס, וועט איר געפֿעלן דאָס פֿרייע, טייערע און גאָלדענע לאַנד אַמעריקע, וועט זי חתונה האָבן און לעבן און לאַכן און וויגן די קינדער און קלייבן פֿעטס אַף די ביינער.

איר מאַן בעני, אַ בוכהאַלטער, נעבאַך, אַ בלייכער, שטענ־דיק מידער, פֿאַרזעסענער ביי די טויטע ציפֿערן און טרוקענע בוכשטאַבן, וואָס האָט ערגעץ ביים ציילן און רעכענען פֿאַר־

לוירן זיין קלאָרן שכל און די וועגן פון געדאַנקען־געראַנגל, מיט זיין לאַנגער נאָז צווישן די ברילן, מיט נעגערישע ליפּן און עט־לאַכע און דרייסיק האָר אַף זיין קאָפּ, האָט אויך אַזוי געטראַכט ווי זינע.

אסתר איז אָבער צוגעפאָרן צו דער געביידע מיט קלינגענדן געלעכטער, מיט צוויי לאַנגע צעפּ, מיט אַן אוקראַיניש קאָפּטל און שוואַרץ ברייטן קליידל, מיט שאַוראָווענע שטיוול־שיך, האָט געטאַנצט און געדרייט זיך אַף די לעדערנע קאַריקעס און גע־שאָסן מיט בליקן, מיט שוואַרצע אויגן, מיט סימפּאַטישן שמייכל און אַרויסשטראָם געלעכטער, ווי אַ פּינע אַ ווייסע, אַ זודיקע, פון פלעשל ביר אָדער בראָנפן, וואָס שוימט נאָכ'ן קאָריק־אַרויס־זעץ.

די ערשטע פּאָר וואָכן האָט זינע געוויזן אסתר'ן איר געניץ און פוילקייט, ווי מען זאָרגט ניט פאַר קינדער, מען לאָזט זיי אַף הפקר, אַף שמוץ אין די טומלדיקע גאַסן, ווי מען דאַרף אַלץ פאַרגלעטן, באַפּוצן פון אויבן אין הויז און אין גאַס אַפּ'ן קערפּער, און נאַשן און זויפן און לעקן און קייען דורכאַנאַנד.

האָט אסתר אַוועקגעמאַכט מיט איר האַנט זינע'ן מיט בעני'ן, מיט זייער טויט־פּעטן לעבן, מיט פּליישיקע שמועסן און מאָנאָ־טאָנע מאָנאַטן, מיט די קינדערשע וויצן און נאַאיווע געלעכ־טערס און גראַמאָפאָן־מוזיק און איז אַוועק אין פאַבריק צו דער אַרבעט.

.2

אינדערפרי כאַפּט זיך אסתר אויף צו דער מינוט, קליידט זיך אָן, וואַשט זיך אַרום, פאַרדרייט אירע לאַנגע האָר אין אַ קובליק, שלינגט אַראָפּ אַ גלאָז מילך און שפּרינגט צום לעקסינג־טאָן עוועניו באַן.

זי באַגעגנט זיך מיט די זעלבע האַלב־געוואַשענע, געלאָשענע, פאַרמאַטערטע, פאַרכמורעטע אויגן. זי דערקענט די פאַרגעלטע, פאַרבלייכטע, איינגעפאַלענע, ניט־דערשלאָפענע געזיכטער, פאַר מאַנגל אין סעקונדן זיינען ביי די מענער די קנעפּלאַך צושפּי־ליעט. דער שניפּס אין דער קרום, דער קאָלנער הויקערדיק,

דער קאפעליוש אף א זייט און די שיך פארשטויבט. די מייד־לאך דערענדיקן זייער פוידערן, פארבן און קעמען אין וואגאן, מיט א שעלמישן בליץ און א נארישן וויץ און אומיסטנדיק טרייסלען און שאקלען און פאלן צו מענער, מיט א קוויטש און א ריטש און פוסטן געלעכטער דורך די גערויטלטע, עקלדיקע ליפן, וואס מעלה־גרה'ן דעם „טשואינג־גאם".

אייניקע גראבן זייערע נעזער און קיילעכדיקע גלעזער אין צייטונג „נײיס". שלינגען די בילדער פון פארפאלענע קינדער, אנטלאפענע מענער, ארטיסטישע גט'ן און אינטעליגענטע פאר־ברעכער.

גראבליפנדיקע נעגערס, וואנצנדיקע איטאליענער מיט שוואר־צע און בלויע ארבעט־קאסטיומען, זיצן זיך ברייטלאך מיט היט־לען צעקנייטשטע און דרימלען אוים ווייטער פאר בעסערע צייטן.

און אלע צוזאמען, — אין א שטילן כאר — דרימלען, מיט קלעפנדיקע אויגן, אין האלבע און פערטל און אכטל פארמאכטע, פירט דאס א שטאל־אייזערנער באן פארשידענע פעלקער פון ווייט־ווייטע לענדער, פון מזרח און מערב און צפון און דרום, געמישטע קאלירן פון שווארצע און רויטע און געלע און ווייסע צוויי־פיסיקע שקלאפן פאר דער ריזן־פאבריק.

„אסתר געלעכטער", איר געקרוינטער שאפ־נאמען, שטעכט מיט דער נאדל, שיסט מיט די אויגן, מוילט מיט די ליפן אין אלע פיר זייטן: אט זינגט זי רוסישע, אידישע, אוקראאינישע לידער, אט לאכט זי און קאכט זיך און חוזק'ט פון יעדן, מורמלט די מיידלאך אין אויער אריין וואס, האלט זיך אין איין שושקען מיט סאשא דעם רויטן, רייסן און שניידן און שארפן די רררייישן: „רויטער פראפינטערן", „שאפ־קעמערל", „דער טרייד איז אין דר'ערד".

מיטאגצייט־שטונדע דערציילט אסתר אירע חברים געשע־ענישן פון איר לעבן: א בארעמהארציקע שוועסטער איז זי גע־ווען, מיט א צלם א רויטן אינמיטן די ברוסטן, פלעגט זי פאר־בינדן די וואונדן פון ארבעטער און פויערים, סטודענטן און גימ־נאזיסטן. די רויטע בארוויסע העלדישע ארמייער, מיט צושא־סענע שינעלן, צעבארעטע קאשקעטן, פארוואקסענע בערדלאך, נאר

ליכטיקע, פריידיקע, קעמפנדיקע אויגן. מיט שטאָלצע און פעסטע באַשלאָסענע פּלייצעס און אייזערנע הענט, וואָס לאָזן די ביקס פאַר דער נשמה ניט אַרויס.

ענדע מערווערטצייט לויפט אסתר געלעכטער צו צו בערל „אַראָפּגעלאָזטע נאָז”, דערלאַנגט אים אַ טראַסק אין דער פּלייצע: „העי, דו יונג, גלייך אויס דיינע אַקסלען, שפּרייט אויס דיין שטערן, צעברייטער די אויגן, דאָס לעבן איז אַ וואָגשאָל אַ שווערער, וואָס שלעפּט צו דער ערד, דו דאַרפסט דיינע הענט האַלטן זייער פעסט, די מוסקלען זאָלן זיך הוידלען ביי דיר און קעמפן און לאַכן און לעבן מיט פרייד פון דער צוקונפט!”

צעלאַכן זיך אַלע, צעלאַכט זיך דער שאָפ, צעלאַכט זיך אויך בערל, און אַלע צוזאַמען מיט אסתר׳ס געלעכטער אַנטלויפט מען פון שאָפּ ווי פון גיהנם.

אַהיים פאָרט אסתר מיט דריטע עווענ‍יו באַן. זי וויל נאָך פאַרכאַפּן עטלאַכע שפּיזלאַך פון זון, אַ פאָר הימל פלעקן, רייטוואָגן כמאַרעס, שוואַרצ־בלויע טייכלאַך און אינזלען, וואָס רירן און ציען זיך איבער, צעוואַקסן זיך ברייטער און באַהעפטן צוזאַמען אין קאַמף קעגן די פייערדיקע, פלאַקערדיגע ברעגן, וואָס טונקן זיך אונטער די בערג.

### .3

זי וואַשט זיך אַרום און עסט אָפּ. כאַפּט אַ צייטונג און אַ ביכל אין האַנט און לאָזט זיך אַראָפּ אין קראָטאָנאַ פּאַרק. פריער מאַכט זי אַ שפּאַציר איבער אַלע אַלייען, שפּיגלט די בערגלאַך, די פעלזן, דאָס וואַסער אין זיך, גלעט אַ פּאָר צווייגן און בוימער אַרום, דערנאָך לייגט זי זיך אַוועק קוקן אין צייטונג און מישן אַ בוך.

איינציקווייז, צווייענווייז, דרייענווייז קומען זיך צוזאַמען חברים מידע פון טאָג־אַרבעט. נאָר מיט ליכטיקע אויגן. אָנהיטלדיקע, אָנרעקלדיקע, נאָר מיט אויסגעשפּרייטע הענט, מיט פּריילאַכע שמועסן און שמייכלדיקע ליפּן. און פּשוט׳ע קליידלאַך, אָן קונצן, אָן קווייטלאַך, מיט פאַרבלייכטע, פאַרברוינטע געזיכטער; אָן פאַרב און אָן פּודער קומען די חבר׳טעס מיט געזאַנג

אין די מיילער, מיט הויכן געלעכטער, מיט שפרונג און מיט טאנץ, שליסן זיך, רינגלען צוזאמען ארום אפ׳ן רוסישן בערגל.

פארק־שפאצירער, ארום באוואוינער, די טראמוואיס און אויטאס, וואס לויפן דארט דורך, דריטע און לעקסינגטאן עוועניו פארער דערהערן דארט שאלן דאס ליד פון דער ארבעט, פון מי און פון נויט. לידער פון בענקען צו פאלק און צו לאנד, לידער פון האס און פון צארן און קאמף. פון פרייהייט און פרייד פון דער צוקונפט, אף אלערליי שפראכן, פון פארשידענע לענדער און איין גרויסן כאר.

דאס זיינען די חוצפה׳דיקע יאטן, די רויטע קאמוניסטלאך, פון היימען פארטריבענע, אנטלאפענע פון טורמעס, פון אונטער די שווערדן פון עסטרייך און פוילן און ליטע, פון דעניקינס קאזאקן און פעטליורישער אוקראאינע.

זיצן זיי שטונדן, אוונט נאך אוונט, מיט אויגן און מחות צום „סערפ מיט׳ן האמער" און שניידן די לופט מיט פרייען געלעכטער און קלינגען אוים לידער, אז פונקען אזש פליען.

פלוצים ווערט שטיל: א בחור א טונקעלער, מיט ברענענדיקע אויגן, פארקאטשעטע ארבל און צעכראסטעטן העמד שטעלט זיך אויף, הויבט זיך אן הוידן, מיט פינגער זיך גראבן און שווערן אין זיין געדיכטן קאפ האר, מיט די הענט איבערצייגן, און ווייזן, אילוסטרירן און פירן די הערער קיין מאראקא און כינע, צו פעלקער פארשקלאפטע, צו טויטע, פארשאטענע אין מינען, אין שאכטעס, צו בלייכע געזיכטער און פאבריקען און שעפער: „די מענטשן, וואס בויען די וועלט, אט די שיינע, וואוינען אין קעלערס, לעבן אין קברים, און יענע, די פוילע מיט פעטע געזיכטער הוליען אין רייכע פאלאצן".

און ער זידט דאס מיט ווערטער, אזש די סלינע צעשפילט זיך, און צארנט און כעס׳ט מיט פראגן, ווי שפיזן, וואס שטעכן אין הערצער, אין מחות און אויגן.

מיט שמייכל און ליבע הייסט ער זיי קוקן צום לאנד דעם באפרייטן, צום האמער וואס וועקט די פעלקער פון ארבעט, צום סערפ, וואס רייניקט דעם שמוץ פון דער וועלט.

צופליעסקען זיך הענט, צופונקלען זיך אויגן, ווערן זיי אלע

צוזאמען געצווינגען מיט פריידיקן ציטער און הילכיקן ליד, פון לעצטן קאמף פון באפרייאונג.

### 4.

אמאָל, אין אַ רעגנדיקן פאַרנאַכט, בלייבט אסתר אין הויז מיט בענקנדיקע צוויי אויגן. זי דרייט זיך אַרום איבער דער שוועסטער׳ס פינף צימערן ווי אַ פרעמדע, אַ פאַרבלאָנדזשעטע. זי פרעגט ביי די טראָפּנס אויף די פענצטער: „וואָס איז זי געקומען אהער?” זי כאַפּט אַרום דעם זעקס־יעריקן איזע׳לען, איר שוועסטער׳ס אינגעלע, ציט אים צו זיך, קוועטשט אים צו איר ברוסט און קושט אים אין שטערן. אַ פּאָר מינוט הייבט עפּעס אָן קראַכן ביי איר אין האַרצן, זי שטעלט אָפּ אירע אויגן און קוקט אין אירע געדאַנקען אריין, באַלד אָבער לאָזט זי אָפּ איזע־לען, וואָס קוקט אַזוי נאַאיוו אויף זיין ליבער מאָדנער מומען, ציט אויס איר באַשלאָסענע פיגור און מיט אַ שאַרפן פּאַרטרייב פון נאַטירלאַכע געפילן פאַרמאַכט זי זיך אין איר צימער.

איצט טאָר זי ניט אויסוואַרעמען אין איר טראַכט קיין לע־בעדיק ווערק, וואָס וועט פאָדערן פון איר יאָרן פון וויגן און שפּילן און פיינען, פּוצן זיינע טעג. איצט איז אַ היסטאָרישער מאָמענט, אַ שטורמדיקע צייט אויף דער ערד. די פעלקער פון ארבעט און מי און פון נויט פירן זייערע לעצטע שלאַכטן מיט הערשער. די וועלט וואַרפט אַראָפּ אירע מיאוס׳ע וואונדן פון זיך, וויייטיקט און שיילט זיך און ציט זיך און דעקט זיך מיט נייער זוניקער הויט.

זי, אסתר, איז גאָר אַן אָפּשיין פון אַ שפּריץ — פון אַ כוואַליע פון די גרויסע מענטשלאַכע אָקעאַנען; נאָר אויב זי פאַר־גיכערט, פאַרשנעלערט מיט אַ פינטל פון אויג פון דער לעצטער סעקונדע פון ליידן, אויב זי שטרעקט מיט איר האַנט צוזאמען מיט׳ן פאָלק, מיט גוואַלד אויפצורייסן דעם ערשטן טאָג פון באַ־פרייאונג, געהער זי צום פאָלק, זי מיט אירע יאָרן און טעג און געדאַנקען, געלעכטער, האַרץ און נשמה און קערפּער. איצט טאָר זי ניט אויסוואַרעמען קיין לעבעדיק ווערק אין איר טראַכט, דאָס פאָלק דאַרף זי אַ פרייע.

אזעלכע געדאנקען־בילדער צעשפרייטן זיך אף אסתר׳ס פיר ווענט און באגלייטן אירע אויגן, וואס שווימען אין ים׳ן פון ווער־טער פון רויטע סמנים און צייכנס אף ווייסן פאפיר, וואס שעפער פון פאלק, פון לאסטן פון שווערע, האבן מיט קינצלערישע פינגער אריינגעבלאזן נשמות אזעלכע, וואס עפענען אויגן און מחות און הערצער צו דערקענען די שיינע, נאקעטע וועלט.

אויגן און הענט און אקסלען דערפילן זיך מיד, שטעכן גע־דאנקען מיט שפיצן און ביסן, ווינקען מיט גיפטיקע בליקן אף זארגן פון ארבעט אף מארגן אין שקלאפישן שאפ. ציט אסתר אוים איר קערפער, קנייטשט אים און דרייט אים, קנעפלט זיך פונאנדער און קלייבט זיך אויסצוואשן איר לייב.

און ווען זי פירט מיט די פינגער שמעקעדיקע זייף איבער ווייסער און קלארער און זיידענער הויט, גלעט און פלעכטלט שווארצינקע האר: צעצינדן געדאנקען, צעפלאקערט זיך קערפער, צעפלאמען די פים אין הוידלדיקן ציטער, און א גרויל אזא שטע־כיקער, אזא ליבלאך און פריידיקער גראבלט זיך דורך פון די שפיץ־פים פינגער ביז צו לאנג־שווארצע צעפ.

.5

אירע דרימלענדיקע אויגן דעקט איר צו ברוך: אט דער פוי־לישער נאאיווער בחור מיט מעלאנכאלישע אויגן. קאלירטע פאנ־טאזיעס און אן אוצר אין קאפ. נאר בליקן נאך יונגע, דאס צינגל נאך שטומפיק, מיט טריט מיט געוואקלטע קוקט ער אף אסתר׳ן מיט אן אפענעם מויל, מיט א פינגער אפ׳ן שטערן, א פראגע־צייכן האט זיך בא אים איבערגעקערט: — אסתר׳ל טייערע, — שטאמלט ער ציטערנדיק, — אין צווייען איז שטארקער, צוזאמען איז פעס־טער, קאמף און ליבע איז א הייליקער בונד, איינער דעם צווייטן בינט רויטע סטיינגעס אין מאמענטן פארנאכטיקע, אין שיין פון זונפארגאנג, פון לאנגע ווינטער־נעכט און אין דערוואַרטונג אף מארגן.

צושמייכעלט זיך אסתר — זי, אט די גרויסע, די ריזיקע, פון ברוך דעם קליינינקען, אט דעם קארליקל.

— ברוכ׳ל נארישער, קומסט דאך צוזאמען מיט מיר אפ׳ן

רוסישן בערגל, באַמערקסטו מיט דיינע פּאַעטישע אויגן אין טונ־קעלע אַלייען און אונטער בוים־פּלעצער די פאַרלאָך געשלאָסענע אין קייטן פון ציטער און אויפרייץ, מיט אויגן פאַרטראָגענע אין וועלטן חלומות׳דיקע, אויסגעטראַכטע, פון קאַרדאָנדלאָך געשניטענע פאַר קינדער צו שפּילן. דאָס האָבן מענטשן פאַרבלאָנדזשעטע אַף לופטיקע וועגן אויסגעטרוימט אַ פוסטע טרייסט. שליסן זיך נאָר צוויי לייבער צוזאַמען, ווערט דער גאַנצער חלום צובלאָזן.

אין אַן אויגוסט־בלויער נאַכט, ווען די איינזאַמע לבנה האָט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ געבלאָנדזשעט צווישן די שטערן־וועגן אַפ׳ן הימל, האָבען חברה יאַטן, אַפ׳ן רוסישן בערגל, געפירט אַ הייסן וכוח מיט עלנבויגנשטויסן, מיט טראַסקעס אין פּלייצעס, מיט אויסלאַכערישע ווערטער און בליצן מיט שאַרפע.

איגנאָרירט גאָר אינגאַנצן דעם אויסגעטראַכטן הימל מיט די פאַלשע אָפּשפּיגלדיקע ליכט. פאַר זיי האָט געשיינט און געלייכט מיט מיליאָניקע שטראַלן, אַ שטערן אַ רויטער מיט לבנות אַף דר׳ערד, געריננלט מיט זילבערנער שאַרף פון דעם סערפּ, און מיט גאָלדענע פייערדיקע פונקען פון האַמער, וואָס שמידט אַ ניי לעבן פאַר אונז.

האָט זיך ברוך דאַמאָלט אויפגעשטעלט און מיט געשניטענע ווערטער געציילט אַ ניי ליד פאַר דער חברה:

„העי, איר בוכשטאַבן טויטע, שטעלט אייך אויס צו זעקסן אין אַ רייע,

מיר פון פאָראויס, יאַטן רויטע, מיט נשמות שטורמדיקע, פרייע,

וועלן מאַרשירן פאַר דער פרייהייט, מיט הילכעדיקע לידער, נייע".

חברים האָבן צוגענומען ברוך׳ס ליד, וואָס האָט זיך נאָך גע־שאַפט מיט אַ צענדליק שורות, ווי עס שטייט און גייט. און ברוך איז יענעם אָוונט געווען דער גליקלאַכסטער, זיינע לידער ווערן אַף דעם גרינעם גראָז גיכער אָנגענומען ווי אין די רעדאַקציעס.

און אסתר, וואָס איז געלעגן אין מיטן דער חברה, מיט אַ פוס אַף מישאַ׳ן און דעם קאָפּ אַף שרה׳קען און זיך געוויצלט און פון

ברוכ׳ן גע׳חוזק׳ט, האָט זיך פּלוצים אויפגעהויבן, אָנגענומען ברוכ׳ן און איז מיט אים אוועק.

## 6.

ברוך איז נאָכגעגאַנגען אסתר׳ן אַ מיד־שכור׳ער, אויסגעמאָסטן די פינף אָנגעוואָרפּענע, אין אומאָרדנונג דעקאָרירטע צימערן, וואָס האָבן דערציילט, אַז די באַלעבאָסטע האָט זיי אַף הפקר פאַרלאָזט און איז אַוועק אַף אַ פּאָרם זיך ברוינען און בראָטען די הויט אויף די לייבער.

אסתר האָט ברוכ׳ן געשלעפּט באַם אָרבל, ווי אַ פּערדל אַ מידס. פון אַ לאַנגן גניעג, אים אוועקגעזעצט, קאַווע מיט ברויט און פּוטער געגעבן, און דערנאָך, באַם אָפענעם פענצטער אין פּאַרק אריין, געקייט נודנע, גענייצדיקע שמועסן.

ווען ברוך האָט שטיל, ווי אַ גנב, זיך ארויסגערוקט פון אסתר׳ס הויז, האָט נאָך דאָס ווינטל געטרונקען דעם דינעם שוויים־טוי אַף זיין שטערן. זיינע וואַקלענדיקע, ציטערנדיקע פיס האָבן אים פאַר־פירט אַף קרומע וועגן און שטעגן, אַף פרעמדע הינטישע געסלאַך, און אין קאָפּ האָבן זיינע געדאַנקען געפירט אַ בירגער־קריג.

ער, דער גרויסער העלד, וואָס נעמט אויף דעם קאַמף, דעם שטורמדיקן, וואָס זיין וואָרט, זיין ליד קלינגט אָפּ אין טויזנטער הערצער אין פאַרשיידענע טיילן פון לאַנד, וואָס גרייט זיך צו זיין אַ פירער פון מחנות מיט מויל און מיט הענט — ער איז דאָס היינט אַזאַ לעמעלע געווען, ניט געוואוסט די נאַטירלאַכע וועגן פון לעבנס־פּראָצעס, איז געלעגן איינגאַנצן אַ פאַרלוירענער, זיך געטרייסלט און געוואָרפן אין אַ טייך קאַלטן שוויים. און אסתר האָט אים געגלעט, זי האָט אים בארואיקט מיט אַ שמייכל, נאָר אַן אויסלאַכנ־דיקן, אַ צו גאָרנישט מאַכנדיקן.

און שפּעטער, ווען ברוך האָט זיך צושפּרייט אַפ׳ן בעט אַ פאַר־מאַטערטער, אַ שווערמאָטעמדיקער, אַ צושפּיליעט־צוכראַשטשעטער, אַ הפקר׳דיקער, האָט ער געפרעגט די געדיכטע היציקע פאַרדרייע־נישן אַן ענטפער אַף זיין רעטעניש.

אסתר איז אוועק אין וואַש־צימער, זיך דאָרטן געפּאָרקעט; וואַסער־שאָרכן האָבן זיך בלויז דערטראָגן צו זיינע אויערן. דער־

נאָך איז אסתר געקומען אַ פרישע, אַ געוואַשענע, אים געגעבן אַ קוש אין שטערן און געהייסן אַהיים גיין.

— און וואָס וועט זיין ? — האָט ברוך שטיל געשעפּטשעט.

— גאָרניט, — האָט אסתר מיט אירע פינגער געשפּילט אַף זיין לייב דורך די קליידער, — דו ביסט פריי, איך בין פריי.

— און טאָמער וועט קומען אַ קינד ? — האָט נאָך ברוך ניט פאַרשטאַנען.

— כ׳גלויב, אַז ס׳וועט ניט קומען — האָט אסתר גע־שמייכלט. — און אויב יאָ, וועל איך שוין פאַרזאָרגן.

ברוך האָט נאָך געוואָלט עפּעס ריידן, געוואָלט ווערן קלאָר, זיך אין עפּעס פאַרענטפערן, נאָר אסתר האָט ניט געלאָזט, און מיט מוטערלאכע טריט אים אַרויסגעשטעלט אַף יענער זייט טיר.

## 7.

און שפּעטער, ווען ברוך האָט דערזען אסתר׳ן אַף פאַרטיי־מיטינגען, איר מענערישע האַלטונג מיט׳ן סיגאַרעטל אין מויל, איר אַמפּערן זיך איבער פּונקטן פון טאַקטיק, איר אַנטיילנעמען אין פאַרשיידענע אויפגאַבן, אירע באַריכטן פון געטאָנענער אַר־בעט, — האָט ער פאַרשטאַנען, פאַרוואָס זי וויל זיין פריי.

ניט־ווילנדיק פלעגן זיינע אויגן שווימען איבער קעפּ און גע־זיכטער און זיך אָפּשטעלן קעגן גראָבע וואָלקן־נעפּלען רויך אין אַ ווינקל ערגעץ, וואו אסתר איז געשטאַמען און געמאָלן מיט׳ן מויל און געשניטן מיט די הענט.

אפילו אַף די גרויסע הילכיקע פרייליכע אונטערנעמונגען, וואו פּאָליטישע שמועסן ווערן ניט דערמאָנט, בלויז יונגוואַרג מיט פליגלען, אין צווייען, אין דרייען, אין געשלאָסענע רייען, שרייען און לאכן, טאַנצן און שפּרינגען ; וואו טויזנטער קערפּער פון קינדער און אַלטע ווערן באַהעפט דאָרטן מיט אַ שכינה אַ רויטער, אַ פרייד אַזאַ נייער פון געזאַנגען פון פרייע, — איז אסתר דאָרטן ניט קיין מיידל, קיין פרוי, זי איז אַ קינד פונ׳ם פאָלק. לאכט זי צוזאַמען, מאַכט זי די ריידלאַך פון חברה שטיפערס, פאַרקויפט זי מיט שרייענדיקע קולות די ביכער, מיט דעקן מיט רויטע, וואָס בלויז זייער אויסזען רופט שוין צום קאַמף. שטעכט זי די בלימלאַך די רויטע, מיט ליבע,

מיט שמייכל, אין לאצן פון רעקלאך און קאפטלשע ברוסטן, אף שנעל, אף גיך, ווי זי וואלט דאס געארבעט פון שטיק.

געקליידט איז זי דארטן שטענדיק אין רויטן. די האר פאר־דרייט מיט א סטייגגע א רויטער. א בורשטינענער פאס, געצויגן פון לינקן אקסל ביז׳ן רעכטן דיך מיט געדרוקטע שארפע בוכשטאבן, וואס בלינדע קאנען דערזען.

אסתר איז אומעטום און שטענדיק די ערשטע. זי קענען שוין אלע: די פירער, די שרייער, די טוער און די מאסע. מ׳פארטיילט איר שוין כבוד און ארבעט אונטער די אויגן. זי דערפילט אלץ, ווי א סאלדאט א געטרייער, מיט שטאלץ און מיט פרייד און גע־לעכטער.

וואלט נאך אסתר זיך וועלן באפרייען פון די בליקן פון איר שוועסטער און שוואגער, וואס לאקערן און נישטערן און בייסן זיך און בעס׳ן זיך אין אירע געדאנקען; טרויערן, באדויערן, וויינען שטיל און בעטן זיך בא איר, ווי בא א קליין קינד, מיט אזעלכע נאאיווע, נארישע, קליינבירגערלאכע קלאץ־קשיות; שטרעקט אויס די הענט צו איר, עלטער־שוועסטער־מוטערלאך און פארצאמען איר געדאנקען־וועג מיט ביטערן טרערן־שנור.

.8

אף חבר קאפלען טראגט אסתר א ליבלאכן כעס. אט דער הויכער ברונעט מיט ברענענדיקע אויגן און שטענדיקן שמייכל אף די ליפן. מיט פאכנדיקע אייזערנע הענט, מיט׳ן שטאלצן, פעסטן גאנג, מיט אפגעצויגענע ציכטיקע קליידער, מיט זיין לייבעשן געשריי, דער שטענדיקער ארדנער און ביי־טיר־שטייער, דער וויצן־ווארפער, דער שטענדיק־רירעוודיקער. איינער פון די טויזנ־טער חברים, וואס האבן קליינערהייט אפגעכאפט אביסל לייענען און שרייבן, קיין מוט פון עלטערן אדער סביבה איז ניט געווען, איז מען אוועק ארבעטן און פירן א גלאטיק לעבן, זיינען די געדאנקען ביי זיי געווארן פשוט׳ע, וואכנדיקע, גלאטיקע. איי־נער פון די גאר עטלאכע, אויפריכטיקע, אמת׳ע סאלדאטן, וואס טראגן אף זייערע פלייצעס גרויסע שוועריגקייטן פון פארטיי־לעבן מיט דער לייכטקייט פון א שמייכל.

אַט דער קאַפּל האָט דאָס אינמיטן אַ פּריילאַכן אָוונט אַפּ'ן רוסישן בערגל, אַנגעכאַפּט אסתר'ס הענט. זיי געשלאָסן אונטער אירע פּלייצעס און איר צוקושט די אויגן, די באַקן און די ליפּן. חברה האָבן אויסגעשאָסן אַ געלעכטער און געקלאַפּט בראַוואָ. און אסתר האָט אים דערלאַנגט אַ ליבלאַכן פּאַטש אין באַק און אַ קוש אין שטערן פאַר זיין דרייסטקייט.

נאָר אין שפּעטער נאַכט, ווען קאַפּל האָט מיט פינקלענדיקע אויגן און פייכטע ליפּן, מיט הילכיקן געשפּרונג און פרייד פון ביינער־קנאַקן געציילט די טרעפּ אַראָפּ פון אסתר'ס הויז, איז אסתר געבליבן ליגן אַף איר בעט אַ מידע. דאָס מאָל האָט איר אביסל באַנג געטאָן. אירע געדאַנקען האָבן זיך צעבייזערט אַף קאַפּל'ען פאַר זיין ציניִשן טראַכטן.

באַלד האָט אָבער אסתר געגלעט די לופט, וואו זיינע קוילן־לאָקן זיינען געהאַנגען, וואו זיינע אויגן האָבן מיט פונקען גע־שפּריצט, וואו זיינע ליפּן האָבן פייער אַרויסגעשטראָמט. זי האָט צו זיך געמורמלט שמייכלענדיק:

— ווי שנעל, ווי גיך! — אַ האַלב וואָרט האָט זיך נאָך געצאַפּלט הענגנדיק אַף אירע ליפּן, און ער האָט שוין איר גאַנצן קערפּער צעציטערט, צוגרוילט, צודרענדזשעט מיט פייערדיקע שאַרפן, מיט גליענדיקע שפּיזן.

דערנאָך האָט זי אַלע געדאַנקען פאַרטריבן מיט אַ הילכיקן ליד אין אַ שטילן טאָן.

זי האָט זיך געפּלאַכטן די צעפּלאָך אין שפּיגל און זיך דאָרטן דורכגעשמועסט מיט נאָך אַן אסתר'ן. און מיט ליבלאַכן כעס אַף חבר קאַפּל'ען האָט זי אירע אויגן צוגעדעקט.

## 9.

באַ זינען אין הויז איז היינט יום־טוב'דיק, ס'איז געקור־מען אַ גאַסט, סאַלאַמאַן, דער קאָזין פון באָסטאָן. ער איז גע־שוואומען מיט אסתר'ן אויף איין שיף קיין אמעריקאַ. נאָר ער איז „אָל־רייט", שמייכלען דאָס בעני מיט זינע'ן, דאָס איז אַ מענטש, אַ ביזנעסמאַן.

סאַלאָמאָן זיצט באַם געגרייטן טיש אַ שטאָלצער, קייט

זיך און דרייט זיין סיגאר אין מויל און אלעמאל לאזט ער ארויס עטלאכע באריטאנע ווערטער: „מאכט גוטע ביזנעס". „פיינע סטאר", „א פאר טולער אין באנק". און אסתר זיצט אין זייט, אין איר ביינקל זיינען אנגעקלאפט פייערדיקע שפילקעס, זי דרייט זיך אף אלע זייטן, פארפירט א שמועס מיט די קינדער, אבי אויסצומיידן דאס אנגעפרעסענע זאטע פנים פון איר קרוב, וואס זי האט אמאל געליבט. זי קאן ניט פארליידן זיין בלאזן זיך, זיינע גנב׳יש־סוחר־שע בליקן. שטעכט איר דער גאלדענער אפגלאנץ פון רינגל אף זיין פינגער, פון זיין קייטל־זייגער אפ׳ן בייכל. ברומקעט זי אונטער א ניגון צו פארטרייבן איר נור־דיעניש.

די שטונדן האבן זיך געצויגן ווי לעמעשקעס, לאנגע, צוקרא־בענע, קלעפעדיקע, נארישעוואטע, נמאסדיקע. אט האט סאלאמאן ארויסגעגענעצט א ווארט א פוסטן, האט אים אסתר אפגעהאקט. האט אסתר פארפירט א שמועס, אים דערמאנט אן זיינע אמאליקע אידעאלן, האט איר סאלאמאן נאכגעגעבן, דערציילט, אז ער שטיצט די פארטייאישע פרעסע, ער סימפאטיזירט, ניט מער, ער האט קיין צייט ניט, ער איז „ביזי".

אין שפעטער נאכט, ווען אלע נארישע געשפרעכן האבן זיך שוין אויסגעלאזט, האט זיך סאלאמאן אויסגעהוסט און זיך אוועק־געלאזט אף די וועגן פון זייער אלטער ליבע.

אסתר האט זיך מיט א שמייכל אפגעטרייסלט, אים אוועק־געטריבן פון אזעלכע געדאנקען, אים דערציילט, אז זי איז איצט אן אנדערע און ער איז אויך אן אנדערער.

סאלאמאן האט אלע אירע דערציילונגען צוגענומען און אף זיי קיין אכט ניט געלייגט. פארקערט, ער האלט אויך, אז מען דארף ניט זיין פארשקלאפט צום מאן אדער צו דער פרוי. זי וועט קאנען טאן איר פארטייאישע ארבעט. ער האט זי ליב מיט אלע אירע חסרונות און מעלות.

דערנאך האט ער זיך אוועקגעזעצט זי בעטן ווי א קליין קינד. זי דערמאנט אן זייערע אמאליקע שיינע יארן, זייערע פלענער און פאנטאזיעס. ער האט איר צוגעזאגט גאלדענע בערג, זי וועט ניט דארפן ארבעטן שווער אין שאפ, אלע מאל דערמאנט איר ווארט,

איר הייליקן צוזאָג. נאָר אסתר איז געווען האַרט ווי אַ שטיין, געשאָקלט מיט אַ שמייכל אַכזר׳יש אַף ניין.

און ווען סאָלאָמאָן האָט גענומען איר האַנט אין זיינע און זיך אַ וואָרף געטאָן מיט אַ שטילן געוויין אַפ׳ן קישן, האָט אסתר אַראָפּ־געשלונגען אַ פּאָר לעפּל מוט און מיט אַ ריר פון איר פינגער אַף זיין פּלייצע האָט זי געמורמלט:

— סאָלאָמאָן, איך בין ניט קיין מיידל.

סאָלאָמאָן האָט זיך אויפגעטרייסלט ווי אַ בין, ווען זי טרוימט אויס האָניק, מיט אַ זשומען אין קאָפּ, מיט גיפטיקע צוויי אויגן, גרייט צום אָנגריף, מיט אויסגעשפּרייטע אויערן נאָך צו דערכאַפּן שטיקלאַך עכאָס פון אסתר׳ס לעצטע ווערטער. דערנאָך האָט ער פאַרביסן די ליפּן, געקנייטשט דעם שטערן און די צוויי שטיקלאַך פלייש לעבן די קוקערס, אַרונטערגעלאָזט זיין קאָפּ האָר, אַף אַ מאָמענט אַראָפּגעבויגן זיין געזיכט און מיט אַ גיכן באַשלוס פון אַ פלינקן דערפאַרענעם סוחר, וואָס וויל קויפן אַן אַרטיקל פאַר יעדער פּרייז, האָט ער שאַרף געציילט:

— מיך אַרט דאָס ניט, איך פאַרגיב דיר.

אסתר האָט איינגעשלונגען זיינע ווערטער מיט אַ סאַרקאַסטישן שמייכל און מיט אַ זיגערישן טאָן זיך אויפגעהויבן:

— אַ דאַנק פאַר דיין גוטסקייט, נאָר דער סוחר האָט סיי־ווי־סיי פאַרשפּילט.

### 10.

אַפ׳ן צווייטן טאָג האָבן אסתר באַגעגנט קאַלטע זעקס אויגן. די מאכלים האָבן זיך נעבעכדיקע געדרייט אין זייערע מיילער, געבלאָנדזשעט אַפ׳ן וועג צום גאָרגל, אָן פּירער. די לעפלען און גאָפּלען האָבן געהילכט און געריצט זיך מיט דער שטילקייט באַם טיש. אסתר און זינע און בעני און סאָלאָמאָן האָבן זיך אַרומגע־דרייט אין עס־צימער, ווי לויה־נאָכגייער, ווער עס האָט זיך דורכ־געשמועסט מיט וואָלקנדלאַך רויך און ווער עס האָט געקריצט גע־דאַנקען אויפ׳ן פענצטער.

זינע האָט אסתר׳ן אַריינגערופן אין צווייטן צימער מיט אַ וואונק. פריער האָט זינע אויסגעשאָסן אַן אַמעריקאַנער ש״ס

תחינה: וואָס וועט זיין דער סוף, דער תכלית, די חברה וועלען זי אראָפּפירן אַף זינדיקע וועגן, פאַרטרייבן אין אַ זומפּ און דערנאָך זיך אויסלאַכן. און טעג לויפן שנעל, דער שאָפּ זויגט זי אויס, איר בלוט און מאַרך — ס'וועט ווערן שפּעט, ס'וועט איר באַנג טאָן. דערנאָך האָט זי אַרומגענומען אסתר'ן, זי געגלעט און געקושט און מיט טרערן געוואַרמט.

אסתר האָט זיך אָנגעהויבן פאַרלירן, דערפילט, אַז איר אָנהאַלט רוקט זיך אַראָפּ באַ די זייטן, איר קאָפּ ווערט שווער, האָט זי זינע'ן אָפּגעטיילט פון זיך, אָנגעכאַפּט ברויזנדיקע כוואַליעס פון מוט און קאַמף, און מיט אָנגעשאַרפטע גליענדיקע בליצן האָט זי זיך אויפגעשטעלט און הויך אויפ'ן קול, אַז בעני מיט סאָלאָמאָנ'ען זאָלן אויך הערן:

— איך בין ניט קיין סחורה, וואָס פאַרקויפט זיך פאַר געלט אָדער טרערן. — און מיט אַ שטילערן טאָן האָט זי געגאָסן אַף זינע'ן אומזיסטיקע פראַזן, ווייל זינע האָט ניט געוואָלט און ניט געקאָנט פאַרשטיין. אסתר האָט איר געוויזן, אַז זיי זיינען באַזונדערע צוויי וועלטן. זינע'ס וועלט איז אַ קליינינקע: בעני, צוויי קינדער, געניצן מיט געפּרעגלטע פּרוכטן, פאַלשע געוואוינהייט צו בעני'ס עקלדיקן קערפּער. אסתר'ס וועלט איז גרויס ווי דער ערדקוגל, פול מיט פרייד און ליבע און קאַמף, אַ משפחה אַן אומצייליקע, אַ חבר'שע, מיט געפלאָכטענער ליבע אין נשמות, אין ביינער מיט שטאָלץ, מיט דרייסטקייט און הילכיקע לידער.

— פאַרגיב מיר, שוועסטער, — האָט אסתר געבעטן. — דו פאַרשטייסט ניט, ס'איז די שולד פון דער איצטיקער אָרדנונג. לעב ווי דו ווילסט, נאָר מיך לאָז צורו. איך געהער ניט צו דיר, ניט צו מיר, איך בין אַ גליד פון ארבעטער־קלאַס, וואָס פירט איצט אַ קאַמף פאַר באַפרייאונג. און מיין ניט, אַז איך האָב ניט קיין פרויען־געפילן, טראַכט ניט, אַז עס קלאַפּט ניט קיין מוטערלאַך האַרץ אין מיר, איך וואָלט אויך וועלן דערפילן דער נאַטור'ס רוף, נאָר איך טאָר ניט און קען ניט. און ווען איך וועל עלטער ווערן, וועל איך זיצן צוזאַמען מיט מענער, מיט איינגעפאַלענע באַקן און טיפזיניקע אויגן, באַ טישן פאַרוואָרפענע מיט גרויסבוינגדיקע פאַ־

פירן און אויסרעכענען פּלענער און צייכענען וועגן פאַר'ן אַלמענטש־לאַכן גליק פון דער צוקונפט.

.11

באַם פענצטער אין וואַגאָן פון שנעלצוג, וואָס שוועבט אױף די וועגן פון ניו יאָרק קיין באָסטאָן, זיצט סאָלאָמאָן און טריקנט זיינע טרערן אױף די ווינטלאַך, וואָס לויפן אים נאָך פון די פעלדער. א מידער, אַ צובראָכענער בלאָזט ער אַוועק צוזאַמען מיט'ן רויך, אױף פרעמדע וועגן און שטעגן, געדאַנקען און זכרונות פון זיינע אינגלשע יאָרן, פון מילכיק־בלויע טרוימען, פון הייסע אסתר'שע נעכט און חרוב'ע הימלען, וואָס ליגן צושמעטערט אין ניו יאָרק.

זינע איז געלעגן אין איר בעט מיט אַן אַרומגעוויקלט טיכל איבער'ן שטערן, פעסט געבונדן, איר קאָפּ זאָל זיך ניט צופאַלן, צושפּרינגען פון אסתר'ס האַרמאַטנע ווערטער.

בעני איז געזעסן נעבן בעט און זי באַרואיקט און אױף זיין בוכהאַלטערישן פינגער אויסגערעכנט, אַז סלווינט זיך גאָרניט אריי־בערצוברייינגען „גרינע" פון „יוראָפּ".

נאָר אסתר, די ריזיקע זינגערין, האָט זיך געלאָזט מיט צו־שפּרייטע פליגלען אין פּאַרק אריין. ארייננעשעפּט די גראָזן און בוימער, וואָס זי האָט שוין ניט געזען צוויי טעג.

אַפּ'ן רוסישן בערגל איז געווען פריילאַך און לעבעדיק, ווי שטענדיק. אייניקע חברים האָבן אַלע מאָל אױף זייערע ליפּן דער־מאָנט: „עפּעס זעט מען ניט אסתר'ן". און ווען מ'האָט איר פון דערווייטנס דערזען, לאָזנדיק זיך צו זיי, האָבן אַלע זיך איבער־געקוקט, און מיט אַ ליד אַ שאַלנדיקער, באַגריסט אסתר'ס אָנקומען, מיט אויסגעשפּרייטע הענט זי אריינגעפּלאָכטן אין מיטן.

פון גרויס שמחה האָבן זיך אסתר'ס אויגן געוואָלט צוטרערן, נאָר אסתר האָט זיך אויפגעשטעלט, צושאַרט מיט אירע הענט אַ ראָד און אונטער'ן געפּליעסק פון חבר'שע באַר־הענט, האָבן אירע פיס אויסגעטאַנצט אַ פריידי.

יענעם אָוונט האָבן העכער געקלונגען די לידער פון רוסישן בערגל — דאָס האָט אסתר ארייגגעבלאָזן מער מוט און געוואָרפן פונקן.

מאַקס פּערלאָוו

## אין דער לעצטער שעה

— דאַכט זיך, אַז דאָס איז סרול׳ס אַ זון?

— יע, סרול׳ס.

און אָט דאָס איז שוין געווען אַ גוטע רעקאָמענדאַציע פאַר׳ן יונגן סטאָליאַר, מאיר, סרול׳ס זון.

ווייל סרול׳ן האָבן אַלע גוי׳אים ליב געהאַט. סרול איז ניט גע־ווען ווי די אַלע אַנדערע „זשידקעס״: יענע זיינען געווען פרום און האָבן געציטערט זיך צוצורירן צו עפּעס פון די גוי׳אישע עסנס; אויסער געבאַקטע קאַרטאָפל האָבן זיי ביי גוי׳אים גאָרנישט פאַרזוכט, און חוץ דעם האָבן זיי זיך עפּעס געהאַלטן ווי באַזונ־דערע, העכערע מענטשן פון די גוי׳אים.

סרול אָבער איז געווען אַ „נאַש בראַט״, אַ מענטש מיט ברייטע פּלייצעס און אַ געזונטן געלעכטער. ווען ער איז אריינגע־קומען צו אַ גוי אין הויז האָבן אַלע ווינקלאַך אָנגעהויבן לאַכן צו אים; די גוי׳אים זיינען פון די אויווגס אַרונטערגעקראָכן, די גוי׳עס האָבן זיך פון דער ארבעט אָפּגעקערט, די יונגע חברה האָט זיך אויך אָנגעהויבן אַנדערש פילן, און אַלע פלעגן זיי זיך אַרומזעצן אַרום דעם גרויסן טיש, אַוועקשטעלן אויפ׳ן טיש אַ גרויסן טאָפּ מיט קאַרטאָפל, אַ פּאָר שיסלען זויערמילך, אוגערקעס און אַנדערע ביטערע און געזאַלצענע צושפּייזן. סרול פלעגט אָנרייבן דעם ברויט מיט קנאָבל, אריינבליאָבען מיט אַפּעטיט דעם קאַלטן בוריקעס־באָרשט און בעת מעשה דערציילן די מיטשפּייזער שטאָטישע מעשיות.

און נאָך מערער האָט סרול באַ די גוי׳אים אויסגענומען צוליב דעם, וואָס ער האָט זיך געהאַלטן פריש און מונטער. הגם ער האָט געהאַט אַ באָרד גלייך ווי אַלע „זשידקעס״, איז אָבער

זיין באָרד געווען שיין, ברייט און צוקאַמט; זיי פלעגן אים אַלע רופן: סרול, דער „פּאַניטש“.

דערפאַר טאַקע האָט די גוי'אים ווי אַ דונער געטראָפן די נייס, אַז דער פריילאַכער סטאָליער, דער „נאַש בראַט“, וועט שוין מער איבער די דערפער ניט שפּאַנען, און אַז מער וועלן זיי שוין ניט הערן אַזוי קלאָר די נייס, וואָס עס קומט פאָר אין שטאָט.

און ווען מאיר, סרול'ס פערצן יאָריקער אינגל, האָט זיך צום ערשטן מאָל מיט זיין באַלעבאָס ארויסגעלאָזט איבער די דערפער, האָבן די גוי'אים אָנגעשטעלט די אויגן, זיי האָבן אריינגעקוקט אין דעם יונגן העלפער'ס פּנים און געפרעגט:

— דאַכט זיך, אַז דאָס איז סרול'ס זון?

— יע, סרול'ס.

און מאיר'ן האָט שוין גאָרניט געפעלט אויפ'ן דאָרף...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

טאָ צוליב וואָס זשע זאָל מאיר איצט טראַכטן וועגן דעם? איצט איז שוין דאָך מאיר אַליין אַ טאַטע פון קינדער, איצט איז דאָך שוין זיין קאָפּ באַדעקט מיט גרויע האָר; טאָ צוליב וואָס זשע זאָל מאיר איצט טראַכטן וואָס מיט פינף און צוואַנציק יאָר צוריק איז געווען?...

איצט גייט דאָך מאיר ניט איבער די דערפער מיט'ן האַמער און זעג. ער שטייט דאָך אין אַ שאַפּ או אַרבעט בא מעבל, טאָ צוליב וואָס טראַכטן וועגן יענע צייטן?

און דאָך טראַכט זיך: די מאַמע האָט מיך פאַר אַ למדן גע־וואָלט מאַכן, זי האָט מיך געקיכלט און געציטערט איבער מיר, און ווען דער טאַטע וואָלט געווען לעבן, וואָלט עס טאַקע אַזוי געווען זיין... נו, דאַרף זיך אַזוי מאַכן, אַז איך מוז אוועקוואַרפן ס'לער־נען, כדי צו זוכן אַ תכלית פאַר מיר...

און די מאַמע האָט דאַן אַזוי ביטער געוויינט, די אָרימע גע־טרייע מאַמע. זי איז מיר אויפ'ן האַלז געפאַלן, און הייסע קיילעכ־דיקע טרערן האָבן זיך איבער די באַקן געקייקלט: מיין קינד!...

טאָ צוליב וואָס זשע ווידער טראַכטן וועגן דעם, אַז די מאַמע זיינע איז שוין פון אַזוי פיל יאָרן טויט. און אַז ער אַליין איז שוין דאָך אַ טאַטע פון קינדער?...

און דאָך טראַכט זיך:

די גוי'אים זיינען געווען ווארימע, גוטע מענטשן. ס'אַרא ווארימע סביבה ס'איז געווען צווישן זיי.

און דאָ, דאָ איז קאַלט, שלעכט, ביטער ווי דער טויט!...

מאיר האָט זיך פון זיין פּלאַץ אויפגעהויבן. איצט האָט ער דערזען וואו ער איז: אַ טויטע שטילקייט האָט געהערשט אַרום. אָט־דאָ אין שאַפּ, וואו אַ גאַנצן טאָג באַוועגט די עלעקטרישע קראַפט, וואו די רעדער און פּאַסן יאָגן זיך ווי די טייוואָלים — אָט־אָ־דאָ איז איצט אַזוי שטיל ווי אויף אַ בית־עלמין: ווי טויטע, דער'הרג'עטע שטייען די מאַשינען. וואָס פאַר אַ סודות באַהאַלטן זיי אין זיך? אָ, וואָס פאַר אַ סודות? און די פענסטער, די פאַר־שטויבטע, פאַרשמירטע פענסטער, וואָס קוקן ארויס צו די הורבעם האָליץ. וואָס דערציילן זיי דאָרטן? און וואָס וויל דאָ מאיר דער־גיין בא זיי דאָס ער געפינט זיך איינער אליין אין שאַפּ?

— ששאַ־ששאַ, ס'איז אַ סוד! קיינער טאָר ניט וויסן, אַז מאיר האָט אַמאָל אַ טאַטן פרול געהאַט, וואָס אַלע גוי'אים האָבן אים ליב געהאַט; קיינער טאָר ניט וויסן, אַז מאיר האָט אַמאָל אַ ליבהאַרציקע מאַמע געהאַט, וואָס האָט אַף איר זונ'ס האַלז הייסע טרערן געלאָזט פאַלן: קיינער... קיינער...

און אָט האָבן דאָך, דאַכט זיך, די מאַשינעס זיך אַ באַוועג געטאָן: קיינער, קיינער...

איצט איז מאיר אַ מעבל־אַרבעטער, וואָס וויל זייער אָפט פאַרבלייבן נאָך דער אַרבעט אליין אין שאַפּ, נאָר די באַלעבאַטים לאָזן אים ניט פאַרבלייבן אליין... זיי שיקן אים ארויס און פאַר־שליסן דעם שאַפּ...

פאַרוואָס־זשע לאָזן זיי אים ניט פאַרבלייבן אליין?...

מאיר הויבט אָן ארומשפּאַנען איבער'ן פינסטערן שאַפּ און ווי טרויעריקע שאָטנס גייען אים די מאַשינעס נאָך... איינגעהויקערטע, אויפגעהורבעטע זיינען זיי, אָט די מאַשינעס. זיי קלייבן זיך, דאַכט זיך, אָנפאַלן אַף מאיר'ן. זיי האָבן צו אים טענות: סטייטש, אַזוי פיל יאָרן, אַזוי פיל צייט אַז דו אַרבעטסט אַף אונז... דו מוטשעסט אונז פּשוט אויס...

און מאיר שטעלט זיך אָפּ: עס ווילט זיך אים האָבן אַ ויכוח

מיט זיי — אדרבא, לאָמיר זען ווער וועמען עס איז עפּעס שולדיק: אָט איז ער, מאיר, געווען אַ געזונטער יונג, פול מיט לעבן, זיינע שוואַרצע געקרייזלטע האָר זיינען שטענדיק מיט לאָקנס איבער די אויגן אריבערגעפאַלן און זיך הארמאָניזירט מיט זיין יונגן חנ'עוו־דיקן פּנים; זיין פיגור איז געווען אַ שיין געבויטע. שטאָלץ פלעגט ער זיין קאָפּ אַף די ברייטע אַקסלען טראָגן און מיידלאַך פלעגן פאַר אים די כפּרה ווערן... נו, היינט זיינע הענט. שטאַרק זיינען זיי געווען, אָט די הענט; אַז ער פלעגט איינקלאַמערן אַ מיידל אין זיינע אָרימס, האָט זי שוין פון זיי ארויסגיין ניט געוואָלט...

און צו געדיינקען זיי טאַקע נישט, אָט די מאַשינעס, ווי אַזוי בערטאַ האָט אים ליב געהאַט, און אויב זיי ווייסן ניט וועט ער זיי דערציילן, אַז בערטאַ האָט אים פאַר קיין מינוט ניט אָפּגעלאָזן, איז אים נאָכגעגאַנגען אַף שריט און טריט. אים פאַר אַ חתן מוז יי קריגן, האָט בערטאַ גע'טענה'ט. נו, און ווען זי האָט שוין אים יאָ געקראָגן, ווייסן זיי דען ניט, די מאַשינעס, ווי שטאַרק זיי האָבן זיך ליב געהאַט: שטיקער פלעגן זיי איינער פון דעם צווייטן רייסן... „מיין געליבטער, מיין געליבטער..." פלעגט בערטאַ מורמ־לען, ווען זי פלעגט זיך אין זיין לייב איינעסן, „איך האָב דיך פּאַרט געקראָגן"...

און מאיר דערפילט זיך דאָ ווי אַ זיגער איבער די מאַשינעס. ער יאָגט זיך צו צו איינער פון זיי, אַ זעג־מאַשין, און הויבט אָן דרייען די ראָד, וואָס הויבט דעם אייזערנעם „טיש" ארויף און אראָפּ, און ער שרייט אויס:

— ביז אָט די מכשפה האָט צוויי פינגער פון מיין האַנט ארונטערגענומען... צוויי פינגער — דאָס אַלץ...

בערטאַ האָט דאַן געוויינט, געקלאָגט, איז צו אַדוואָקאַטן און דאָקטוירים געלאָפן...

און ער איז עטלאַכע טעג אין שפּיטאָל געלעגן, און נאָכדעם צו דאָקטוירים אַף וויזיטן געגאַנגען, און... די פריילאַכקייט פון זיין פּנים איז פארשוואונדן...

— טאָ ווער איז שולדיג? — וויל מאיר אויסשרייען — איך, צי איר?

נאָר ער דערשרעקט זיך פאַר זיין אייגענעם פאַרלאַנג, ער

ציטערט אויף פאר דער טויטער שטילקייט... ס'דאכט זיך אים, אז דעם סוד ווייסן זיי שוין סיי־ווי־סיי. וואס וועט ער זיי דער־ציילן? געדיינקען זיי דען ניט, אז נאכדעם ווי ער האט זיינע פינגער פארהיילט, נאכדעם ווי די פארזיכערונגס־געזעלשאפט האט אים עטלאכע הונדערט דאלער אויסגעצאלט און ער האט זיך צו דער ארבעט אומגעקערט, איז א פלאכע האלץ פון דער „פרייזינג"־מאשין אפגעשפרונגען און א שטיק זייט אים אפגעריסן; געדיינקען זיי דאס דען ניט, די מאשינעס?...

מאיר טוט זיך ווידער אמאל א ווארף לעבן א מאשין; איצט זעט ער שוין מער ניט דעם יונגן פערצן־יאריקן מאיר'ן, סרול דעם פאניטש'עס זון. איצט טאפט ער זיך בא די אפגעשניטענע פינגער, בא דער אפגעריסענער זייט, און איצט געדיינקט ער מער ניט פין ווארימע סביבות און פון ליבעס, וואו מ'בייסט איינע די אנדערע; ער, מאיר, געדיינקט איצט, אז זיין בערטא האט צום צווייטן מאל די פארזיכערונגס־געלט געקראגן... איצט געדיינקט ער אזוי קלאר, אז שיינע צימערן און גוטע מעבל האט זי פאר אט דעם געלט גע־קויפט, און איצט קלינגען פאר אים די ווערטער פון יענעם אדוואָ־קאט, וואס האט דאס געלט אויסגעכלאפאטשעט:

— מיין ליבע, מיין טייערע, אייער מאן איז דאך שוין א קריפל, א קאליקע אף שטענדיק... איר זייט נאך אזוי יונג, אזוי שיין... איר קאנט איצט לעבן ווי א מענטש, און אויך געליבט ווערן ניט פון קיין קריפל...

און בערטא'ס ענטפער האט מאיר שוין ניט געהערט. בערטא איז געזעסן שטיל און האט צוגעהערט, ווי עפעס עמיצער רעדט אזוי וועגן איר מאיר'ן, איר געליבטן, וועמען די מאשינעס האבן אף אייביק אומגליקלאך געמאכט...

— ווער איז געוועכט? ווער?!

מאיר וואלט איצט וועלן כאפן די מאשינעס אין זיינע ארעמס און זיי צו דר'ערד שליידערן: נו, נו, ווער איז וועמען עפעס שול־דיק? נאר שווער איז מאיר'ן פון ארט זיך אויפצוהויבן; איצט זעט זיך מאיר אן אלטן, א גרויען, א פארשפיגענעם און ארויסגע־ווארפענעם: דאס ווייב און די קינדער לאזן אים, דעם קאליקע, וואס איז שוין נאך א פאר מאל באשטראפט געווארן, אין די אויס־

געפּוצטע חדרים נישט אריין... אין קיך דאַרף ער זיינע אָוונטן פאַרברייגען... מ׳שעמט זיך מיט׳ן „אַלד קריפּלד מען״... מאיר קריצט פאַר ווייטיק מיט די ציין. מאיר קען מער מיט בערטאַ׳ן אין איין בעט ניט שלאָפן, ווייל בערטאַ איז יונג און פריש, און מאיר איז צובראָכן און פאַרקריפּלט...

און נאָך ערגער פון אַלץ איז געווען, וואָס אַלע ארומיקע האָבן געוואוסט מאיר׳ס לאַגע. זיי האָבן געוואוסט, אַז מאיר איז אומ־גליקלאַך אַף זיין גאַנצן לעבן, און זייערע רחמנות־בליקן פלעגן זיין נשמה דורכווייטיקן. מאיר האָט ניט געוואָלט קיין רחמנות־בליקן, ווייל ער פלעגט זיך געדיינקען ווי מאיר סרול דעם פאַניטש׳ס זון, ווי מאיר, דאָס קינד פון אַ מאמע, וואָס האָט הייסע טרערן אַף זיין האַלז געלאָזט פאַלן; ווי מאיר, וואָס האָט אַזוי שטאַרק די מיידלאַך צוגעצויגן, און נאָך וועמען בערטאַ איז נאָכגעלאָפן און נאָכדעם זיין ליבּ געביסן... מאיר זעט זיך אַזוי, און דערפאַר שטעכן אים אַדורך אָט די רחמנות־בליקן...

איצט איז ער איינינקער אַליין אין שאַפּ מיט אַזוי פיל שונאים ארומגערינגלט. די מאַשינעס, די וואָס האָבן אים אַזוי אומגליקלאַך געמאַכט, זיינען אָבער איצט שטיל; זיי בושעווען ניט, זיי יאָגן און אימפּעטן ניט — טאָ זאָלן זיי טאַקע צוזען ווי מאיר נעמט די גראָבע שטריק, מיט וועלכע מ׳לאָזט די מעבל ארונטער; טאָ זאָלן זיי טאַקע זען, ווי ער צופּלעכט זי אַף עטלאַכען און ער בינדט עס צו צום באַלקאָן... זאָלן זיי זען און שווייגן... זיי מוזן שווייגן.

---

אַף איין טאָג האָט דער באַלעבאָס די ארבעט אָפּגעשטעלט מ׳האָט מאיר׳ן צו זיין רו באַגלייט, און די ארבעטער האָבן מיט פאַרביסענע ליפּן און פאַרשטשעמעטע ציינער אַ פּאָר טרערן אראָפּ־געשלונגען.. קיינער האָט אָבער וועגן מאיר סרול דעם פאַניטש׳עס זון, ניט געוואוסט; וועגן דעם קינד, אַף וועמעס האַלז אַ מאמע האָט אירע הייסע טרערן געלאָזט פאַלן, האָט קיינער ניט געטראַכט; מ׳האָט געטראַכט וועגן מאיר, דעם אומגליקלאַכן מעבל־ארבעטער...

## שלמה דאווידמאן

# פ ל י י ש

### .1

בעלא איז געזעסן אין שאפ. די אויגן און די הענט האבן זיך געשפיגלט אין א שטאלענער נאדל, וואס האט זיך געשטעקט אין די לעכלאך פון קנעפלאך און קנעפ.

די ערשטע פאר טעג האט בעלא געציילט, וויפיל קנעפלאך זי נייט אן אין די קליידער: איינס, צוויי, צען, הונדערט, טויזנט, צען־טויזנט. שפעטער איז איר דאס ציילן נמאס געווארן, און דער קאפ טאקע האט אויך ניט גערינט אזוי ווייט.

פלעגט בעלא אהיימקומען פון שאפ א מידע, מיט צעקנוי־דערטע ביינער. זי פלעגט זיך קלאגן פאר דער טאנטע פרידע, אז זי איז קראנק.

אהיים פלעגט זי ניט שרייבן דעם גאנצן אמת. אמאל צו־שיקן א פאר דאלער אף א יום־טוב, א פאטאגראפיע און א ליג־נעריש בריוול: זאלן די עלטערן כאטש ניט האבן קיין צרות.

דער איינציקער יום־טוב אין וואך איז געווען ביי איר שבת־צו־נאכטס, אין קלוב פון יונגע לאנדסלייט. דארטן פלעגט זי פארגעסן אלע אירע צרות און ווייטיקן. טאנצן האט זי געקענט בעסער פון אלע. זי פלעגט אפקלאפן און אפקנאקן די רוסישע קאדרילן און שערס און וואלצן, אז פונקן זיינען אזש געפלויגן.

אלע מיידלאך, אפילו די, וואס האבן געצויגן א העכערן יחום פון שטעטל, האבן געקוקט אף איר מיט קנאה־אויגן. די יונגען זיינען פשוט צעשפרונגען געווארן. יעדער האט זיך גע־ריסן מיט איר כאפן א טענצל.

### .2

איזי באך, — אזוי האט זיך עזריאל'קע גערופן אין אמערי־קע, — האט זיך פאר דער לעצטער צייט צופיל אנגעהויבן רייבן

אַרום בעלאַ׳ן. בעלאַ האָט אים אפילו אַ פּאָר מאָל אוועקגעמאַכט מיט דער האַנט, אַבי פון אים פּטור צו ווערן, ווייל — אין קליי־ניגקייט — אין דער היים איז ער געווען אַ גנב־יונג.

דער בחור האָט זיך אָבער ניט געמאַכט הערנדיג, גלייך ווי ניט אים מיינט מען. ער האָט איר דערציילט, אַז ער פאַרדינט פּופציק דאָלער אַ וואָך. ער האָט שוין עטלאַכע הונדערט דאָ־לער אין באַנק. ער איז איינער פון די בעסטע פלייש־האַקער. ער האָט שטענדיק אַרבעט.

חוץ דעם לאָזט ער זיך קאָסטן אַ פּאָר סענט אין קלוב, איז סאָסייעטי, אַבי מ׳זאָל פאַרגעסן זיינע אַלטע זינד פון דער היים. מ׳זאָל געדענקען מר. איזי באַך, וואָס האַלט דעם גראָבן ציגאַר אין מויל, קוקט אַריין מיט איין אייגל אין צעטל פון מנדבים און גיט די גרעסטע, שענסטע נדבה, מ׳זאָל ריידן פון מר. איזי באַך, דעם הויכן, ברייט־פּלייציגן ברונעט מיט׳ן בלויען קאָסטיום, לויט דער לעצטער מאָדע, מיט אַ גאָלדן זייגערל, קייטעלע, מיט וואָס ער שפּילט זיך אָפט, מיט אַ פינגערל, אין וואָס ער שפּיגלט זיך.

דערפאַר איז ער אומעטום אַ דעה־זאָגער. פאַרנעמט אַ בכבוד׳יקן פּלאַץ צווישן לאַנדסלייט: מ׳טיילט אים אוים מיט אַ וויצע: וויצע־פּאַרזיצער אין קלוב, וויצע־פּרעזידענט אין סאָ־סייעטי.

### .3

זוען די מומע פרידע האָט זיך דערוואוסט, אַז איזי שאַרט זיך צו בעלאַ׳ן, און זי וויל נאָך ניט, איז איר אַריין אַ דונער אין קאָפּ: אַ שיינער „באָי" און אַ גרויסער פאַרדינער. איז ער ניט פון גרויס יחוס. אין אַמעריקע קוקט מען ניט אױף אַזעלכע זאַכן. געלט איז יחוס און כבוד.

האָבן זיך פאַר בעלאַ׳ן אַלע זכרונות וועגן עזריאל׳עקלען אַרויסגעקייקלט פון איר מוח און פאַר די אויגן זיך אויסגעשטעלט. האָט זי דאָס דער מומען דערציילט. די מומע האָט אָבער אירע מעשיות פאַרקנייטשט, איר גענעבן צו פאַרשטיין, אַז וואָס איז געווען איז פאַרפלויגן.

אז בעלא האָט אין שפּיגל דערזען דעם אָנהויב פון די עלטערע טעג, וואָס צוליגן זיך אין די קנייטשן און פּאַסיקלאַך אַף שטערן און בעקלאַך, אַז ס'גיט זיך אַ שטעכעלע אין אַ זייט, און אַ הוסטעלע רייסט זיך פון ערגעץ אינווייניק אַרויס, — האָט זי זיך געבויגן. און אין אַ זונטיק פּאַרנאַכט איז בעלא געזעסן מיט איזי'ן אין פּאַרק. איזי האָט געהאַלטן אין איין ריידן, און זי האָט געשוויגן. מיט אַמאָל האָט זי אַ זאָג געטאָן: „איזי, איך זע, אַז כ'וועל זיך שוין פון דיר ניט אויסדרייען".

האָט עס איזי אַוועקגעשטעלט אַ חתונ'קעלע, אַז גאָט און לייט זיינען אַזש צעזעצט געוואָרן. סאַרווערס האָבן געשוויצט און פּויקן האָבן געפּויקט און טאַצן האָבן געדזשיגעט.

וואָכנלאַנג האָט מען גערעדט און דערציילט אין קלוב און אין סאָסייעטי: אַזאַ ברייטקייט, אַזאַ אָפענע האַנט האָט מען אַף אַ חתונה שוין לאַנג ניט געזען אין פילאַדעלפיע.

**4.**

אַ פּאָר יאָר האָבן זיך ביי איזי'ן מיט בעלא'ן דורכגערוקט מיט „אפשר'ס", „מילא'ס". נאָר וואָס ווייטער איז אַלץ געוואָרן ביטערער.

בעלא האָט געקרעכצט, געהוסט און געוויייטיקט. די פילאַ־דעלפיער דאָקטוירים ווייסן שוין גאָר ניט קיין קרענק, אַזוי האָבן בעלא און איזי באַשלאָסן. מ'האָט זיך שוין אַ פּאָר מאָל מטריח געווען קיין ניו יאָרק, צו די גרעסטע פּראָפעסאָרן. ווי אַלע וואָלטן זיך דאָס אָפּגערעדט: „קיין קינדער ניט!"

בעלא גייט אַרום איבער די שיינע צימערן, ווי אַ פּאַר־משפּט'ע צום הענגען. זי איז פויל, ווי אַ קאַץ. ס'ווייזט זיך איר אויס, אַז אירע גלידער הענגען אַף די קליידער, ניט די קליי־דער אַף אירע ביינער. זי שלעפּט זיך אַרום אַ גאַנצן טאָג מיט די שיך און אין שלאָף־ראָק, ווי אַן אַלטע בייזע שוויגער. זי עסט ניט, טרינקט ניט. האָדעוועט זיך נאָר מיט פּילן און פּלי־סיגע פּאַרביקע וואַסערלאַך, און קרענקט, קרענקט.

איזי דרייט זיך אַרום, ווי אַ צעררייצטער וואָלף. אָט־אָט איז ער גרייט אַ וואָרף צו טאָן זיך אַף איר, זי אָנכאַפּן באַם גאָרגל

און אַ קוועטש טאָן אַט אַ ז ו י ־ אָ... וועט זי אַרויסשטעקן די צונג, אויסגלאָצן אַ פּאָר גלעזערנע אויגן, מאַכן קע־כע־כע און זיך אויסציען, — וועט ער פּטור ווערן און פאַרטיק.

וואָס וועלן אָבער זאָגן די לאַנדסלייט פון קלוב און סאָ־סייעטי? מ׳וועט אויפמישן די בלעטלאַך פון עזריאל׳עקל שאַר־לאַטאַן. ער וועט פאַרלירן זיין כבוד און זיין ווערט. ער וואָלט אודאי וועלן, זי זאָל זיך געבן אַ לייג אַוועק און אַ שטאַרב טאָן. וואָלט געווען אַ פיין, אַ גוט. ער וואָלט איר נאָך דורכגעפירט אַ שיין לויה׳לע אויך, ווי עס פּאַסט פאַר מיסטער איזי באָך... נאָר זי לייגט זיך און שטייט אויף. קריכט אַרום אַ ברוגז׳ע אַף דער וועלט. בייז אַף דער קאַץ און די טעפּלאַך. ניט זי לעבט, ניט זי שטאַרבט. ניט קיין ווייב, ניט קיין מענטש. קרעכצט, אויקעט און דאַרט.

און גט׳ן קען ער זי אויך ניט. דאָס געזעץ לאָזט ניט. וואָס קען ער ווייזן אַף איר? פאַלש איז זי ניט צו אים, און אַז ער זאָל קענען, וועט ער זי דען גט׳ן? ווייסן דאָך אַלע, אַז ער האָט זיך געוואַלגערט ביי אירע פיס, ביז ער האָט איר ליבע אויסגע־בעטלט. איז דאָך איטלאַכן באַקאַנט, אַז ער ברענגט זיך אוים אַף איר, אַבי זי זאָל געזונט ווערן.

דער לעצטער דאָקטאָר האָט אים גאָר אַוועקגע׳הרג׳עט. דאָס פּראָפּעסאָרל גיט זיך אַ זאָג אַרוים מיט אַ שמייכעלע: „האַ, מיינע הערשאַפטן, נאָר ניט זאָרגן. מיט אַזאַ קרענק קען מען לעבן ביז הונדערט און צוואַנציג יאָר, נאָר מ׳מוז זיך היטן!” האָט דאָס פּראָפּעסאָר׳ל אַ פינטל געטאָן מיטן אייגל: „האָבן אַ שטענדיקן דאָקטאָר, זיין רואיק, און דער עיקר — אויסמיידן געשלעכטלאַכע באַציאונגען”.

### .5

יענע נאַכט איז איזי גאָר ניט געשלאָפן. אַלע זיינע קינדער־און־אינגל־יאָרן האָבן זיך אויסגעשטעלט פאַר זיינע אויגן. די בילדער זיינען געשוואומען פאַר אים און זיך געדרייצט אַזוי ווי ער פלעגט זיך רייצן, לייגנדיק קלאַפּטער אַפן דניעסטער מיט גע־שרייען און געלעכטער. האָט זיך אים געבענקט נאָך יענער ברייט־

קייט און פרייקייט אפֿן מארק, אף דער סטאַוויסקער גאַס, צווישן די פלייש־יאַטקעס און שחיטה־הויז.

אין מילכיקן פֿאַרטאָג, ווען די מילך־פֿירער זיינען געשפּרונ־גען פֿון הויז צו הויז און פּלעשלאַך ביי די טירן געשטעלט, און זיין באַלעבאָס, דער בשר־כשר־בוטשער איז אַוועק אין שול׳כל, איז איזי געשטאַנען ביים קלאָץ און אָנגעהאַקט פלייש, די וויי־בער וועלן באַלד אָנהייבן קומען און גאַרגלען ווי קאַטשקעס.

איזי האָט אַרומגעשניטן די פאַרשוואַרצטע אויבערפלאַכן, דאָס פלייש זאָל אויסקוקן פריש און רויט. ער האָט איבערגע־זעגט דאָס קעלבל, אַ האַלב באַהאַלטן אין אייז־שטיבל, און דאָס אַנדערע צע׳חלק׳ט, אויפגעהאַנגען דעם קאָפּ מיט דער צונג און לונג־און־לעבער. ער האָט זיך גענומען צום לעמעלע. ער האָט עס אַוועקגעשטעלט פּונקט אינמיטן קלאָץ, אָפּגעווישט די האַק, זי אַביסל געריבן אַהין און אַהער אין שאַרפשטיין און זיך גע־גרייט איבערצוהאַקן דאָס לעמעלע.

פלוצים האָט פאַר אים בעלאַ אָנגעשוועבט. געמאַכט מיט די פינגערלאַך ווי קינדער רייצן זיך: „אהא, עזריאל׳עקל שאַרלאַטאַן, ווילסט מיך פאַר אַ ווייב, וועל איך קרענקען און קרענקען!“ האָט זיך אין אים זיין גאַנצער כעס צונויפגעקנוילט. דאָס בלוט איז אים אַריין אין פּנים, ס׳האָט אויסגעקוקט ווי אַ רויט שטיק פלייש. די אויגן האָבן ביי אים געזאָטן, ווי ביי אַן אָקס, ווען מ׳פירט אים קוילען. זיין רעכטער מוסקול האָט געגעבן ביי אים אַ ציטער און די האַק האָט זיך געגעבן אַ שווינג און זיך אַריינ־געגעסן מיט דער שאַרף אין קלאָץ.

די אויגן האָבן אָנגעהויבן ביי אים שווינדלען, די פיס האָבן זיך אָנגעהויבן צו וואַקלען, און ער איז אַנידערגעפאַלן, ווי אַן אונטערגעשאָסענע קו.

אפֿן קלאָץ איז געלעגן זיין האַלבער פינגער פון דער לינקער האַנט, זיך געטוליעט אין זילבערנער שאַרפוואַנט פון דער האַק. מיט רויטע אייגעלאַך, וואָס האָבן אַראָפּגערונען אין אַ ריטשקעלע אף אַ וואַנט־זייט פון קלאָץ און זיך געשלענגלט אַרום אַ פּוס, האָט ער זיך גערייצט מיט׳ן פאַר׳חלש׳טן קערפּער.

## מאַקס פּערלאָוו

# „טרעמפּ!"

ראָזע איז פון אויטאָמאָביל אַרויסגעשפּרונגען און זיך געלאָזט גיין צו דער אַנטקעגנדיקער בריליאַנטן־וויטרינע. דאָס קאָלירנדיקע ליכט, וואָס האָט פון די עלעקטרישע לאָמפּן געשפּריצט, איז גע־פאַלן אַף אַ יונגן מאַן, וועלכער איז באַם ראָג פון טראָטואַר געשטאַ־נען. ראָזע האָט זיך אָפּגעשטעלט. אירע אויגן־דעקלאַך האָבן זיך אַף גיך אָנגעהויבן באַוועגן, פּונקט ווי עס זאָל איר שטאַרק אין די אויגן שווינדלען, איר גאַנצער געזיכט איז פון אָנגעשטריינגטקייט אויפגעצויגן געוואָרן און זי האָט טיף די אויבערשטע ליפּ איינ־געביסן.

— איז דאָס מעגלאַך? — האָט זי אַרויסגעשעפּטשעט.

אירע פינגער האָבן נערוועז געציטערט איבער'ן אויטאָמאָביל־טירל. זי האָט אויפגענומען אַלע קרעפטן, אַן אַרויפגעצוואונגענער, אַנטשלאָסענער אויסדרוק האָט זיך אַף איר קיילאַכדיקן פּנים באַ־וויזן און זי האָט געוואָלט זיך לאָזן גיין איר וועג.

— עס איז דאָך פּאָרט ער! — האָט זי ווידער קוים אַרויס־געשטאַמלט.

דער יונגער מאַן האָט געהאַלטן אַ זעקל אַף די פּלייצעס. אַ זעג, אין פּאַפּיר איינגעוויקלט, האָט ער אונטער'ן אָרעם געטראָגן. דער אָנטאָן זיינער איז איינגאַנצן געווען צעשלומפּערט, דורך די צעריסענע קאַלאָשוועס האָט זיך געזען דאָס לייב פון זיינע פיס. זיין פּנים איז געווען באַדעקט מיט אַ צופרידענעם שמייכל, און אַ ליבלאַכער פייערל האָט געשפּריצט פון זיינע אויגן.

עס האָט זיך דערהערט אַ קלונג פון אַ טראַמוואַי, און דער יונגער מאַן האָט זיך אָנגעהויבן באַוועגן אַף אַרויפצושטייגן.

— דזשאָו! — האָט ראָזע אויסגעשריען.

דער יונגערמאַן האָט זיך אַרומגעקוקט, און ניט באַמערקענדיק קיין באַקאַנטע, האָט ער זיך געלאָזט צום טראַמוואַי.

דאָ האָט אים עמיצער באַם אַרבל אַ צי געטאָן: — הזשאָו!

ער האָט זיך אַרומגעקוקט און דערזען פאַר זיך אַ יונגע, רייך פּאַרפּוצטע דאַמע. ער האָט זי גלייכגילטיק באַטראַכט און גע־פרעגט: ווער זייט איר?

אַ סקרוך איז דורכגעלאָפן איבער ראָזע׳ס קערפּער: שטייט דאָ פאַר אירע אויגן דזשאָו, דער פרייליכער, לעבעדיקער יונג מיט די לאַנגע געלאָקטע האָר? איז דאָס דער מענטש, וואָס איז נאָך פון איר געדאַנק ניט אַוועק, זינט ער האָט דעם אוניווערזיטעט פאַרלאָזן? איז דאָס דער אומדערגרייכבאַרער אידעאַל אירער צו־ליב וועלכן זי האָט אַזוי פיל געליטן?

— דערקענסט מיך ניט, דזשאָו? — האָט זי נאָך אַ ווײַלע שווייגן אַ פרעג געטאָן.

דזשאָו האָט געצויגן מיט די אַקסלען.

ראָזע האָט פאַרשטשעמעט די ציינער: ער דערקענט מיך ניט. ווי ס׳ווייזט אויס, האָט ער ווייניק־וואָס געדיינקט וועגן מיר.

מיט אַמאָל האָט זיך אַן אויסגעצויגענער, דעראינערנדיקער „האַא” אַרויסגעקייקלט פון הזשאָו׳ס מויל.

— ענדלאַך! — האָט ראָזע כמעט ווי אויסגעשריען.

— יאָ, איך דערקען דיך, ראָזע, — האָט דזשאָו גלייכגילטיק געענטפערט.

זיין ענטפער האָט ראָזע׳ן ווי מיט מעסערס געשניטן. ניט ווילנדיק האָט זיך אַ געדאַנק געיאָוועט: מיט אַזאַ בראָדיאַגישן אויסזען איז ער נאָך אַלץ גלייכגילטיק צו מיר?!...

דזשאָו׳ס בליק האָט אָבער דעם געדאַנק פאַרטריבן. זי האָט געפרעגט מיט אַ ליבלאַכן טאָן:

— וואָס־זשע איז מיט דיר געשען, דזשאָו? וואוהין ביסטו אַנטרונען פון אוניווערזיטעט?

— פאַראַן צופיל צו ריידן וועגן דעם, — האָט ער געענט־פערט. — איצט איז ניט די צייט.

— אויב אַזוי, וויל איך דיך זען אַן אַנדערס מאָל.

זי האָט אים דערלאַנגט אַ וויזיט־קאַרט, וועלכע ער האָט גלייך אין קעשענע אַריינגעשטופּט.

— ווייסטו וואו דאָס איז ? — האָט ראָזע מיט באַהאַלטענעם שטאָלץ אַ פרעג געטאָן.

— איך וועל טרעפן.

— ריווערסייד דרייוו.

— ניט קיין מיאוס׳ער געגנט, — האָט דזשאָו מיט אַ שמייכל באַמערקט. — איך וועל זיין זונטיק אָוונט.

און זיי זיינען זיך צעגאַנגען.

---

— וואָס איז מיט אים געשען ? — דער געדאַנק האָט ראָזע׳ן רוען ניט געלאָזט פאַר די פּאָר טעג וואָס ס׳זיינען נאָך פאַרבליבן ביז זונטיק. זי האָט ניט געקענט באַגרייפן צוליב וואָס אַ געלערנטער יונגער מאַן זאָל ווערן אַ שוואַרצער אַרבעטער.

ראָזע האָט זיך אָנגעהויבן צו דערמאָנען, אַז די לעצטע צייט, איידער דזשאָו איז פון אוניווערזיטעט אַוועק, פלעגט ער שטענדיק זיין פאַרטראַכט. אין יענער צייט פלעגט זי שרעקלאַך אייפערזיכטיק ווערן מיינענדיק אַז ער טראַכט וועגן אַ געליבטער.

איינמאָל נאָך דאַכט זיך האָט ער איר אַ זאָג געטאָן, אַז זיין מוטער, אַן אַלמנה, האַלט אים אויס...

אָבער וואָס איז דער אונטערשייד ? צוליב וואָס אינטערעסירט זי זיך מיט אים אַזוי ? איצט איז ער דאָך זיכער ניט ווערט איר אויפמערקזאַמקייט...

ס׳האָט איר פאַרדראָסן די באַגעגעניש : — אָט, ס׳זיינען שוין אַוועק דריי יאָר זינט זיי האָבן זיך ניט געזען. זי האָט שוין צוביסלאַך אָנגעהויבן פאַרגעסן אָן אים. זי איז אויך זיכער געווען, אַז ווען דזשאָו דערוויסט זיך ווי רייך איר פאָטער איז געוואָרן וואָלט ער געקומען צו איר און בעטן אנטשולדיקונג... און דאָ גאָר : אַן אָפּגעריסענער, אָפּגעשליסענער בראָדיאַגע און שיינקט איר ניט קיין ליבלאַכן בליק אפילו.

זי האָט זיך געסטאַרעט צו פאַרטרייבן אַזעלכע געדאַנקען. פאַרקערט, ער שעמט זיך געוויס מיט זיין אָפּגעריסנקייט, און דערפאַר האָט ער צו איר קיין סך ניט גערעדט... זי האָט געפילט ווי די אַמאָליקע ליבעס-געפילן דערוואַכן, אַנטוויקלען זיך אַלץ שטאַרקער. זי האָט זיך פאַרגעשטעלט ווי זי וועט דזשאָו׳ען באַקליידן,

אוועקנעמען פון דער מיאום׳ער, שווארצער ארבעט, — דאן ערשט וועט זיך אָנפאַנגען פאַר זיי אַ לעבן: ער וועט זי זיכער ליבן...

ווען דאָס גליקל האָט אַ קלוגג געטאָן, זונטיק אָוונט, איז ראָזע געזעסן אין פאָדער־צימער אין אַ פאָטעל. אַ שטאַרקע פאַרגליי־ווערטקייט האָט זיך אַראָפּגעגאָסן אין אַלע אירע גלידער. זי האָט געפילט ווי די פיס זיינען איר מיט אַמאָל שווער געוואָרן, און דער גאַנצער קערפּער ווי פאַראַליזירט. ווען דזשאָו האָט זיך אָבער אין טיר פון צימער באוויזן איז, ווי אַ לעבעדיקער שטראָם, אַ ים־כוואַליע אַריבערגעלאָפן איבער איר קערפּער און אים אַ טרייסל געטאָן. אַ ברייטער, האַרציקער שמייכל האָט זיך אַף איר פּנים צעגאָסן. זי איז פון פאָטעל אויפגעשפּרונגען און דזשאָו׳ען ביידע הענט אנטקעגן געטראָגן.

— העלאָו, דזשאָו! — האָט זי צופרידן אויסגערופן און אים אין פּנים פאַרקוקט.

— העלאָו, ראָזע! — האָט דזשאָו געענטפערט און באַקוקט דעם אויסגעפוצטן צימער.

ראָזע איז אַ ווײַלע געשטאַנען און אים באַטראַכט. איצט האָט זיך דער אַמאָליקער דזשאָו מער ארויסגעוויזן. זיין קליידונג איז טאַקע ניט געווען די אַמאָליקע, סטודענטישע, אָבער ניט אַזוי אָפּ־געריסן ווי ווען זי האָט אים אין גאַס געטראָפן. זיין געזיכט איז איצט געווען גלאַט אַרומגעגאָלט און די געלאָקטע האָר שיין פאַר־קעמט.

— גאָר אַן אַנדער מענטש, ווי ווען איך האָב דיך אין גאַס באַ־געגנט, — האָט ראָזע זיך ניט געקענט צוריקהאַלטן פון באַמערקן.

— דער זעלבער מענטש, נאָר אַביסל אַנדערש אָנגעטאָן, — האָט דזשאָו געענטפערט.

— אָבער נאָך אַלץ ניט ווי אין אוניווערזיטעט. דו האָסט זיך אַ סך געענדערט פון יענער צייט, — האָט ראָזע ווייטער באַ־מערקט.

— יאָ, דאַן בין איך טאַקע אַן אַנדער מענטש געווען, — האָט דזשאָו לאַנגזאַם די פּאָר ווערטער ארויסגערעדט.

דאָ איז ראָזע׳ן אַ געדאַנק איינגעפאַלן: אַן אָנצוהערעניש אודאי, אַז ער איז דאַן נאַריש געווען...

— אזוי ?... — האָט זי אים טיף אין די אויגן אריינגעקוקט, — זי האָט זיך צוריק אין פאָטעל ארייגעזעצט.

— יאָ, אזוי, אזוי... — האָט דזשאָו אויסגעצויגן דעם וואָרט, און זיין פארטראכטער בליק האָט געקוקט ערגעץ ווייט אין דער פארגאַנגענהייט. ער האָט זיך געמאכט באקוועם אין אַ פאָטעל אנטקעגן ראָזע׳ן און האָט פאָרטגעזעצט: אזוי, אמאָל ווען מיין ארט לעבן איז געווען אַן אנדערער האָב איך געהאט אַ גאַנץ אנדער בליק אפ׳ן לעבן...

— איך וואָלט טאַקע וועלן וויסן, וואָס דו האָסט דורכגעמאכט פאר די דריי יאָר, דזשאָו, — האָט ראָזע וויייך געזאָגט, ווען ער איז שטיל געבליבן. — דערציייל צוליב וואָס ביסטו פון אוניווערזיטעט אוועק און געוואָרן אַ שווארצער ארבעטער ?

דזשאָו האָט אַ קנייטש געטאָן מיט׳ן שטערן. ס׳איז קענטיק געווען, אז ס׳איז אים ניט אנגענעם אָנצוהויבן. באַלד אָבער האָט ער געענטפערט:

— מיין מוטער איז קראַנק געוואָרן... איך האָב קיין גרינגע ארבעט ניט געקענט קריגן... אַ לעבן האָב איך געמוזט מאכן צו ראטעווען מיין מוטער. נו . . .

ראָזע האָט שטיל אַ זאָג געטאָן: און איצט ?

דזשאָו האָט איר פארוואונדערט אָנגעקוקט: וואָס ?

ראָזע האָט זיך צו אים איבערגעבויגן און מיט אנטשלאָסנקייט געפרעגט:

— ווילסטו אוועקגיין פון דיין ארבעט און ווערן רייך ?...

— מיין ארבעט באפרידיקט מיך איצט, — האָט ער געלאַסן געענטפערט.

— ? ? ?

— ווייל, — האָט דזשאָו מיט אַ דערמאנערנדיקן טאָן אָנגעהויבן, — זינט איך בין אריינגעוואָרפן געוואָרן אין דעם גיהנום פון נויט און דחקות; זינט איך האָב זיך באקאָנט מיט דער טרייב־קראפט „הונגער", וואָס טרייבט מענטשן מענטשן אין די טיפענישן פון דר׳ערד און אויף די שפּיצן פון די העכסטע בערג, בין איך אַן אנדער־מענטש געוואָרן... כ׳האָב זיך געטראָפן מיט מענטשלאכע נשמות וואָס בענקען, ליידן און ווערן אין אָט די ליידען דערטרונקען...

— טאַ אנטלויף פון דעם !... — האָט ראָזע זיך געשטאַרקט.

— ניין ! — האָט שוין דזשאָו געוואָלט ענדיקן. — אַלע אַנ־דערע פאַרהאַס איך. אין מיינע פריערדיקע פריינט זע איך קליי־נינקע, נישטיקע מענטשעלאַך...

— איצט וואַנדער איך אַרומעט. איך אַרבעט אין קוילן־גרובן, און איך אַרבעט אַף די העכסטע געביידעס. מיין סביבה באַשטייט פון מענטשן, וואָס שרעקן זיך ניט אָפּ פאַר דאָס שטאַרקסטע אין דער נאַטור : ברענען און ברעכן אייזן און שטאָל ; גראָבן, זעגן און שניידן ; בויערן, האַמערן און האַקן. ס'פעלט אונז נאָר איין זאַך : קענען אָפּשאַצן אונזער אייגענעם ווערט...

דזשאָו האָט זיך אָפּגעשטעלט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן און האָט אַ ברייטן שמייכל געטאָן. נאָך דריי יאָר צייט זיצט ער ווידער אין אַ היים פון אַ רואיקן, גביר'ישן מענטשן. ער האָט אַ קוק געטאָן אַף ראָזע'ן, און פון איר געזיכט־אויסדרוק האָט ער־דערזען אַ גלייכגילטיקייט צו זאַכן וואָס פאַרוואַנדלען זיין לעבן אין אַ וואולקאַן, וואָס רוט ניט. ער האָט דערפילט, אַז די ברע־נענדע לאַווע, וואָס ער האָט איצט פון זיך אַרויסגעשפּיגן, האָט גאָרניט געווירקט...

ראָזע האָט זיך אַ הויב געטאָן :

— איז דען ניט בעסער צו זיין זיכער מיט'ן לעבן איידער צו גראָבן די טיפענישן פון דר'ערד ?...

דזשאָו האָט פאַרקריצט די ציינער, אָבער באַלד האָט ער זיך הילכיק צעלאַכט :

— איך האָב געוואוסט, אַז דו וועסט אַזוינס ניט פאַרשטיין. אָבער ס'מאַכט ניט. דערפאַר פאַרשטייען מיך די וועמעס שותף איך בין צו קריכן אין דר'ערד, צו קלעטערן אַף די העכסטע גע־ביידעס... איך וואַנדער. היינט דאָ, מאָרגן דאָרטן, היינט טיף אין דר'ערד, מאָרגן אַף אַ שפּיץ באַרג ! איך גראָב, מויער און האַמער. איך בין צופרידן.

ווען דזשאָו האָט ראָזע'ס צימער פאַרלאָזן איז זי אַ דערשלאָ־גענע געזעסן אין איר פאָטעל. זי האָט באַגלייט זיין שטראַלנדיקן געזיכט און שטילערהייט האָט זיך פון אירע ליפּן אַראָפּגעקייקלט : „ט ר ע מ פּ !"...

שלמה דאַווידמאַן

# אַ הונט טרויערט

.1

אין אַ הויז אויף אַ ראָג פון הונדערט און דרייסיקסטער גאַס האָבן געוואוינט דריי שכנים: טאָני, אַ ציגלער; דזשאָן, אַ גאַסן־ריייניקער, און הערי, אַ שניידער. אַלע דריי זיינען שוין ניט געווען קיין מענטשן, נאָר שאָטנס אַזעלכע, וואָס פון פיל־יאָריקער געוואוינהייט קייקלען זיך זייערע פיס אַראָפּ פאַרטאָג פון די בעטן, כדי צו לויפן לייגן ציגל, שאַרן מיט'ן בעזים, און ציען מיט דער נאָדל.

ביי די דריי שכנים זיינען אין איין וואָך געבוירן געוואָרן דריי זין, פרענק „קאַפּיש", וויליאַם „די ניגער" און בען „די דזשו". די ניי־געבוירענע זיינען זיך פאַרגאַנגען מיט געוויין און גרימאַסן אין די אָפּגעקראָכענע וויגעלאַך אַרום די בלעכענע קעסלען פון אַש און אָפּפאַל. זיך געיאָגט אויף הילצערנע פערד־לאַך און וועגלאַך צוזאַמען, צווישן די באַלאַגערטע, שמאָלע טראָ־טואַרן, וועלכע האָבן געשווימלט פון מאַמעס מיט פּיצלאַך אין וויגן; האָבן געשליידערט די שווערע אייזערנע פּילקע אין לעדער־נע הענט, אינמיטן די הפקר'שע גאַסן, אונטער די רעדער פון „טעקסים" און „טראָקס" און טראַמווייען. אָן ווילן, אָן חשק, אָן מוט זיינען זיי געגאַנגען צוזאַמען אין שול, וואו מען האָט קוים אַריינגעקלאַפּט, אַז גאָט זיצט אויפ'ן הימל און משפּט די מענטשן אויף דער ערד; אַז אַמעריקע איז דאָס בעסטע און גרעסטע און פרייסטע לאַנד אויף דער וועלט; אַז דער פּרעזידענט איז דער גרעסטער מענטש אין לאַנד, אַז דאָס געזעץ מוז מען פאָלגן און היטן ווי דאָס אייגענע אויג.

דאָס איבעריקע האָבן זיי זיך שוין אַליין אויסגעלערנט אונ־

טער דער פירונג פון אַ מעכטיקער האַנט: מואַווים מיט ברויט, אַ באָל מיט אַ שטעקן און זיפּל. אַ קולאַק אין אויג, אין נאָז, אין דיך אָדער האַרץ.

.2

בען איז אַרויפגענומען געוואָרן אין זיין פּאָטער'ס לאַנדסמאַנ'ס שאַפּ. פריער האָט ער אָפּגעטראָגן פּעקלאַך און איינגעקויפט עסנוואַרג; דערנאָך, שוין אין אַ פרעמדער פאַבריק, האָט ער זיך אָנגעזאָטלט באַ אַ ניי מאַשין און זיך אוועקגעלאָזט יאָגן און טראָגן, אונטער דער בייטש פון הונגער און נויט, פאַר אַ ברויט, אַ קלייד און אַ שיך.

פרענק און וויליאַם האָבן געוואָלט ווערן קנעפּלדיקע העלדן. האָט מען זיי קיין רעוואָלווער מיט אַ שוואַרץ גראָב שטעקעלע ניט געוואָלט געטרויען. אַף די רויטע פייער־וואָגנס מיט די מעשענע שטאַנגען, האָט מען זיי ניט אַרויפגעלאָזט. זיינען זיי אוועק אין אָפּיס פון „דריטע עוועניו טראַמוויי סיסטעם".

פרענק'ן האָט מען געטאָן אַ טובה און אָנגעשטעלט פאַר אַ קאָנדוקטאָר. און וויליאַם'ען האָט מען מיט אַ ביטול־שמייכל אהיימגעשיקט, ווייל זיין הויט איז אַ טונקעלע.

איז וויליאַם געוואָרן אַ באַדינער אין אַ האָטעל.

און פאַרנאַכטן, ווען די דריי חברים זיינען אַרויס אַפּ'ן ראָג נאָך דער אַרבעט, פלעגט רעקס, דער דייטשער פּאָליצייהונט, זיך לעקן אַרום זיי מיט שמחה. ס'איז שוין אַ שטיק צייט ווי זיינע האַרן, וואָס פלעגן מיט אים אויסשפּאַצירן אין פאַרשידענע געגענטן און פּאַרקן פון שטאָט, לאָזן אים אַן איינזאַמן אַף אַ גאַנצן טאָג.

די דריי חברים פלעגן אויסקנאַקן זייערע ביינער מיט אַ שוואַרצן, האַרטן באָל, וואָס איז אַריינגעכאַפּט געוואָרן אין אַ לעדערנער הענטשקע. זיי פלעגן אויסשפּרינגען, אויסטאַנצן און אויסדזשיגען אינדיאַנישע פרייד; מיט אַ קוויטשנדיקן געזאַנג און מיט אַ ליפּן־פייף האָבן זיי דורכגעלאָזט מיט פּוסטן, נאַאיוון, פּרימיטיוון געלעכטער אַלע גאַסן־לידער און קיצל־קופּלעטן.

ווען ביידע וויזערם האָבן זיך שוין אָט־אָט באַגעגנט באַ

צוועלף, פלעגן זיי זיך אַוועקזעצן אויף שטיינער־טרעפּ, דערציילן וויצן וועגן באַגעגענישן פון טאָג.

רעקס האָט זיך איינגעהערט אַ דרימלענדיקער, און ווען ער קאָן ריידן, וואָלט ער זיי זיכער דערציילט, ווי ער בענקט נאָך זיי גאַנצענע טעג, און ווען ער ווייסט וועך עס נעמט זיי צו פון אים, וואָלט ער יענע צעריסן אויף שטיקער.

פרענק און בען כאַפּן צווישן זיך אַ שמועס, אז מ׳וואָלט געדאַרפט זיך באַזייטיקן פון וויליאם׳ען, אויב זיי ווילן האָבן ערפאָלג ביי מיידלאַך.

און וויליאַם קען ניט איינשלאָפן שטונדען־לאַנג. ער דערפילט, אז זיינע חברים רייסן זיך אָפּ פון אים. זיי שעמען זיך מיט אים, דעם שוואַרצן. ערגעץ אין מח האָט זיך ביי אים געעפנט אַ פינטל־פענצטערל און קענען זיין ווילן האָבן אריינגעקאפּעט אַהין גיפטיקע טראָפּנס.

.3

די ערד האָט זיך געשאָקלט און געקייקלט ארום זיך און געציילט וואָכן און חדשים, ווי אַ זאַרגלאָזע זקנה רעכנט די אייגלאַך אין זאָקן; אַמאָל פאַרקוקט זיך אויף די פריילאַכע אייניקלאַך, האָט זיך פאַרהאַלטן אַ לאַנגער גאָלדענער זומער־טאָג, און אַמאָל זיך פאַרדרימלט פון קעלט און שווינדלדיקן שניי, האָט זיך געצויגן און צעצויגן אַ זילבערנע נאַכט.

אונזערע חברים האָבן זיך צעלאָזט אויף באַזונדערע וועגן. אַמאָל, אמאָל פלעגן זיי צופעליק זיך טרעפן, ארויסווייזן אַ ניט־ווילנדיקן שמייכל און זיך ווייטער צעגיין.

געפילט האָט עס בלויז וויליאַם. אים האָבן זיי אינגאַנצן אויסגעמיידט, אָפּגעשטויסן. אפילו אָן חשק זיך מיט אים געגריסט. פלעגט ער זיצן אַליין אָן אַ זייט, אין אַ ווינקל אין גאַס. אַמאָל אין הויז באַם פענצטער און זיך אויסקוקן די אויגן. ווען בען פלעגט אַריינלויפן אין הויז, פלעגט אים געבן אַ צופּ אין הארצן, אַ שטאָך אין אויג; ער פלעגט פאַר כעס איינבייסן אַ ליפּ, נאָר אַליץ אַראָפּשלינגען. אָבער פרענק׳ס היטל פלעגט אים שרעקלאַך צעבייזערן, אויפרייצן. די זילבערנע זעקס ציפערן

מיט'ן פּאַסיקל און פּינטעלע האָבן געהאַט לאַנגע, פייערדיקע צונגען, וואָס פּלעגן ברענען און גליען וויליאַמס' לייב. האָבן זיך געזאַמלט גיפטיקע טראָפּנס אין וויליאַמס' אויגן, אין הארצן און אין מח.

רעקס, דער געטרייער הונט, פלעגט זיך איבערקוקן מיט וויליאַם'ען, וואָס האָט אים געשענקט מער צייט און אויפמערק־קייט ווי די איבעריקע צוויי. ער האָט דערפילט, אז זיין שוואַר־צער פריינט איז אומרואיק, געוואָרן אַן אַנדערער, פלעגט ער אים לעקן און גלעטן מיט זיינע האָר, ווי ער וואָלט עס וועלן אויסדריקן: „איך בין ניט מער ווי אַ הונט, נאָר ביי מיר איז ניטאָ קיין אונטערשייד פון הויט־קאָלירן”.

וויליאַם האָט געגלעט רעקס'ן און צו אים אויסגעמורמלט אין געדאנק: „טייערער פריינט, איך בין דיר מקנא, דו ביסט אַ ליבער און פרייער און געווינשטער בירגער אין די פּאַראַיי־ניגטע שטאַטן.”

4.

האָט זיך צעליינגט אַ שניי אויף די ניו יאָרקער גאַסן, די בוועריי טרעמפּס זאָלן האָבן אַ פּאָר טעג ארבעט.

פרענק איז געשטאַנען און אונטערגעטאַנצט פון קעלט. מיט פאַרסטאַרטשטע גלעזערנע פינגער האָט ער קוים אריינגעצייכנט די נומערן.

אַלץ גייט דאָך אויף נומערן: דער טראַמוויי, דער מאָטאָר־מאַן און דער קאָנדוקטאָר.

ער האָט געטראַכט וועגן זיין ברענענדיקער טיאַטיני, וואָס ער נעמט אַזוי ארום און זינגט אויס פאַר איר גאַנצע שטיקער פון „אאידא”.

פלוצים האָט פון אַ זייט אַ פייערל אַ בליץ געטאָן און דערלאַנגט אַ קנאַק. פרענק האָט זיך געגעבן אַ פּאָר מאָל אַ שאָקל, ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן עפּעס מיט אַ האַנט און האָט זיך דערנאָך אויסגעצויגן. זיין היטל מיט'ן נומער האָט זיך אַ פאַרשעמטס און רויט־באַפלעקטס אויסגעוואַלגערט אונטער פרעמדע פיס און איז געבליבן ליגן פאַר'יתום'ט.

פריער האָט מען באַטאַפּט זיין קערפּער אין אַפּטייק, אָפּגע־

פירט אים אין האָספּיטאַל און זיך ווידער איינגעהערט, און אַז ער איז צוויי טעג געווען שטיל, האָט מען אים באַגראָבן.

פּאָליציי־לייט און געהיים־אַגענטן האָבן געבישטערט און גע־שמעקט און דעם מערדער ניט געפונען.

פרענק׳ס נומער האָט שוין, פאַרשטייט זיך, געטראָגן אַ צווייטער.

האָט זיך די חברה פון קנעפּל־פּאַך, מאַטאָרלייט און ניקל־קלינגערס, אָנגעהויבן צו שושקען און מורמלען ביי יעדער באַ־געגעניש: „הייסט עס, אַז מען הרג׳עט אונזערן אַ מענטשן איז גאָרניט, געשאָסן — באַגראָבן, וואָס די העל?"

האָבן דריי העלדן אין אַ מיטוואָכדיקן טאָג געעפנט מיט שרעק די טירן פון אָפיס. מיט היטלען אין די הענט האָבן זיי געלעקט דעם פאַרוואַלטער מיט אַ שמייכל און דערציילט: „אַזוי און אַזוי, די באָיעס זאָגן, יושר, מען שיסט און פאַרפאַלן".

האָט דער פאַרוואַלטער באַלד פאַררויכערט אַ גראָבן ציגאַר, זיך געוואָלט צעבייזערן און זיי אַרויסוואַרפן. אַזאַ חוצפה. דער־נאָך האָט ער זיך צעשמייכלט, זיינע דריי הונדערט פונט שמאַלץ האָבן זיך אָנגעהויבן צו קלויצן, און ער האָט זיי געענטפערט ווי אַ „דזשענטלמאַן": „באָיעס, ניט געזאָרגט, מיר וועלן אים געפינען. גיט איבער, אַז ס׳וועט זיין אָ־קיי".

.5

אין אָוונט האָבן זיך פאַרקליבן עטלאַכע בייכיקע שווערע פאַרשווינען צו מר. מעקענלי׳ן. געהייסן האָט עס, אַז מען וויל דאָס גלאַט אַ הוליע טאָן אױף אַ היימישן שטייגער, בלויז דאָס האָבן געמיינט די האַלב־נאַקעטע אָנגערויטלטע דאַמען.

אין רויכער־צימער האָבן די הערן זיך אַריינגעזעצט אין ווייכע שטולן, שווער געאָטעמט און געקייט מיט פאַרדרוס און שרעק די גראָבע ציגאַרן.

אין אַ זייט האָט זיך געהוידעט ביג דזשאַן דער געהיים־אַגענט, איין אייגל האָט ער געהאַלטן האַלב פאַרמאַכט, ווי ער זאָל דאָס האָבן פאַרצייכנט אין זיין קאָפּ וואָס מען רעדט. צוויי פינגער האָט ער געהאַלטן אין קעשענקעלע פון זשילעט.

דער פּאַרוואַלטער האָט דערציילט שטיל, מורא האָבנדיק פאַר די ווענט: אַז זינט פרענק איז געשאָסן געוואָרן איז געוואָרן אומרואיק אף די רעלסן. שוין געווען אַ פּאָר קאַטאַסטראָפעס. קארס האָבן זיך צוזאַמענגעשטויסן מיט אויטאָמאָבילן. די מאָ־טאָרלייט און קאָנדוקטאָרן שושקען זיך צופיל.

די באַלעבאַטים האָבן זיך אָנגעשפּאַרט אָן די ווענטלאַך פון די שטולן, געבלאָזן מער רויך און אַ פּאָר סעקונדן געשאַרפט זייערע מוחות.

מר. מעקענלי האָט זיך אויסגעדרייט צו ביג דזשאַני׳ן, האָט זיך ביג דזשאַני צעשמייכלט.

און ביג דזשאַני האָט אַוועקגעלייגט זיין פּלאַן: — נאָ יוז, פּאָליציי האָט שוין צוריסן געגוג שטיוול. אויב מיר קענען ניט כאַפּן דעם ריכטיקן מערדער, ווילן מיר מאַכן אַ מערדער און אים כאַפּן — האָט ביג דזשאַני אַ פינטל געטאָן מיט׳ן אויג — פאַרשטייט זיך, אַז עס פאָדערט זיך פיל אַרבעט. פון אייער זייט דאַרפט איר אויסהענגען אַ בלעטל אין אַלע קאַרס, „$10,000 פאַר׳ן מערדער׳ס קאָפּ״ און דעם טשעק וועט איר שוין שרייבן אף מיין נאָמען.

די באַלעבאַטים האָבן זיך איבערגעקוקט מיט דריבנעם שמייכל, זיך געוויצלט איבער ביג דזשאַני׳ן, געוואָלט אַראָפּ־דינגען אַ נול, אַ האַלבע נול נאָר ביג דזשאַני׳ס וואָרט בויגט מען ניט.

— און נאָך אַלעמען — האָט מר. מעקענלי געגעבן צו פאַרשטיין — וועט עס אויסמאַכן ביליגער ווי עטלאַכע איטאַ־ליענישע מעסערס.

דערנאָך האָט מען זיך ווייטער געשמייכלט מיט די דאַמען, אויסגעטרונקען פאַר זייער געזונט ביז׳ן זעכצעטן געניץ אריין.

## 6.

בעני איז אַרומגעגאַנגען אַ צעטראָגענער. אַלע קינדער־יאָרן מיט פרענק׳ן האָבן זיך צעשפּילט פאַר זיינע אויגן באַטאָג בא דער אַרבעט, און באַנאַכט אין חלום.

יעדן אינדערפרי, ווען בעני איז דורכגעשוואומען די אכצן

גאַסן אויף דער קאַר צו דער אַרבעט, האָט ער געזען פאַר זיך דעם נאָמען פרענק. ס'האָט זיך באַ אים אָנגעפּלאָנטערט אַ מיש־מאַש אין קאָפּ: פרענק, צען טויזנט דאָלער, כבוד, העלדישקייט, זיין פאָטאָגראַפיע אין אַלע צייטונגען.

אין אַ ווינקל איז געזעסן ביג דזשאַני און געלייענט אַ צייטונג.

בעני וואָלט געשוואָרן, אַז ער קען דעם פּאַרשוין. עפּעס קוקט ער טאַקע אויס ווי אַ גרויס־שטאָטישער גזלן מיט זיינע ממזר'ישע אויגעלאַך און קאַפּעליושל אויף אַ זייט. ער האָט אים געזען באַ פרענק'ס לויה. ער האָט אים געזען זיך דרייען עטלאַכע מאָל אַרום זייער הויז. ער באַגעגנט אים עטלאַכע מאָל אין וואָך אינדערפרי צו דער אַרבעט. ער האָט אים אפילו באַ־מערקט אַרום זיין שאָפּ.

אין אַ פאַרנאַכט, ווען בעני איז אַראָפּגעשפּרונגען פון קאַר אין זיין גאַס אַריין, האָט ער דערפילט אַ שווערע האַנט אויף זיין אַקסל.

בעני האָט אויסגעדרייט די אויגן, האָט ער דערזען דעם פּאָ־ליצייאישן צייכן אונטער'ן רעקל, וואָס ביג דזשאַני האָט מיט אַ פינגער אַרויסגערוקט. האָט ער אַרויסגערעדט עטלאַכע ווער־טער און איז אַ געאַרעמטער אוועקגעפאָרען אויף אַ פּאָליציי־וואָגן, וואָס איז אין דער זייט געשטאַנען און געוואַרט.

אפ'ן צווייטן טאָג, ווען בעני האָט געעפנט די צייטונג, וואָס מען האָט אים דורכגעשטופּט דורך די דראָטן, האָט ער דערזען זיין פאָטאָגראַפיע, פרענק'ס פאָטאָגראַפיע און ער האָט געלייענט אַ מעשה מיט אַ מיידל, אַז צוליב אַ ליבע־סקאַנדאַל, האָט ער, בעני, געשאָסן פרענק'ן.

ער האָט געריסן זיינע האָר, געוואָלט זיין קאָפּ אָפּדרייען. די אויגן זיינען געוואָרן באַ אים גרעסער און אָנגעגאָסן מיט בלוט. מיט אַ קולאַק האָט ער זיין כעס אויסגעצאָרנט אויף זיין רעכטער קני, וואָס האָט געציטערט, געשווידערט פאַר שרעק.

ער האָט געכליפּעט אַ נאַכט און צוויי און דריי, געשלאָגן זיך מיט'ן קאָפּ אין וואַנט.

ער האָט געוויינט פאַר'ן געריכט, געוויינט פאַר די עדות,

וואָס ער האָט אױף זיין לעבן ניט געזען. באַרואיקט זיך, שטיל געוואָרן איז ער ערשט דעמאָלט, ווען אַ מענשנ׳ס פינגער האָט אַן עלעקטרישן קנעפּל געגעבן אַ קוועטש.

.7

הערי, בעני׳ס פאָטער, האָט זיך אַ פּאָר וואָכן ניט געוויזן אין נאָס. ער האָט נאָך אַלץ געקוקט אױף זיין לאָך אין זשיליעט, וואָס טאָני, פרענק׳ס פאָטער, האָט מיט זיין מעסער געשטאָכן און שוין געהאַלטן מיט׳ן שפּיץ באַם האַרץ, נאָר די שכנים האָבן ניט דערלאָזט.

די ניו־יאָרקער גאַסן־פּרעסע האָט געשמירט מעשׂות און לעגענדעס וועגן בעני׳ן און פרענק׳ן. פּוסטע בחורים און אָנגעשמירטע מיידלאָך זאָלן האָבן וואָס צו ריידן און עלטערן זאָלן שאָקלען מיט די קעפּ.

וויליאַם איז געלעגן אין זיין בעטל און האָט מיט די אויגן אויסדערציילט רעקס׳ן, זיין געטרייען הונט, די סודות.

רעקס האָט אַלץ פאַרשטאַנען. ער האָט געוואוסט, אַז ער וועט שוין זיינע צוויי ווייסע האַרן ניט זען. דערפאַר האָט ער אַזוי געהיט וויליאַמ׳ען. אים געלעקט און געבעטן, ער זאָל לעבן און בלייבן מיט אים.

וויליאַמ׳ען פלעגן ביינאַכט קומען צו חלום זיינע צוויי חברים, פרענק, אַ פאַרבלוטיקטער, בעני אַ פאַרוויינטער. זיי פלעגן זיך אַוועקשטעלן אין ביידע זייטן. אַמאָל אים אָפּגעריסן די פּיס, אַמאָל די הענט, אַמאָל אַראָפּגעדרייט די אויערן און אַרויסגעשיילט די אויגן. פלעגט זיך וויליאַם אויפכאַפּן מיט אַ שרעקלאַכן ווייטיק־געשריי און דערנאָך שוין אַ גאַנצע נאַכט ניט צוּמאַכן קיין אויג. אַמאָל פלעגט פרענק זיך אַוועקשטעלן אױף די קני באַ וויליאַמ׳ס בעט און אים דערציילן: „איך בין ניט שולדיק, טייערער וויליאַם, ס׳האָבן מיך מיינע באַקאַנטע מיידלאָך אָנגערעדט איך זאָל מיט דיר ניט ריידן, האָסטו געדאַרפט מיך הרג׳ענען?״

בעני פלעגט זיך אַוועקשטעלן אין דער צווייטער זייט און

וויינען: „פרענק, איך בין ניט שולדיק, פאַר וואָס האָט מען מיך געקוילעט?"

פלעגט זיך וויליאם אויפכאַפּן מיט אַ געוויין און אַזוי קלאָגן אַ גאַנצע נאַכט.

אַז רעקס האָט זיך אויפגעכאַפּט און דערזען זיין האַר וויינען, האָט ער געאָטעמט שווער, אַרויסגעשטופּט זיין צונג און זיינע אויגן האָבן אומרואיק געפינקט.

איז אַזוי אַרומגעגאַנגען וויליאם אַ צעטומלטער, אַן אָפּגעלאָזענער און געקלערט וואָס פאַר אַ טויט זיך מאַכן.

אים האָט זיך געחלומט, אַז אַלע ווייסן וואָס ער טראַכט. די מאַמע זיינע האָט אים מיט רחמנות־אויגן באַגעגנט און באַגלייט. דער טאַטע זיינער האָט אים צו אָפט געקלאַפּט איבער דער פּלייצע, און רעקס איז אים נאָכגעגאַנגען שריט און טריט.

ווען וויליאם האָט אַזוי זיך געלייענט די צייטונג, פאַר צייט־פאַרטרייב, האָבן זיך זיינע אויגן אַריינגעקאַרבט אין עטליכע שורות פּעטיט־נייעס: „אַ יאַפּאַנעזער האָט זיך דערשטאָכן פאַר'ן הויז פון אַמעריקאַנער קאָנסול, אַלס פּראָטעסט פון אַנטי־יאַפּאַנעזישן אימיגראַציע־געזעץ".

— אָט אַזוי וויל ער שטאַרבן, — האָט וויליאם איינגעביסן אַ ליפּ, אַמעריקע זאָל ווּיסן פאַרוואָס.

.8

אַרום הונדערט דריי און זעכציקסטער גאַס און דריטער עוועניו שטייט אַ טונקל שטיינערדיקער מויער, דער קאַפּיטאַליסטישער געריכט. דאָרטן משפט מען דאָס פאָלק פאַר ניט פאָלגן גאָט און ניט זיין אונטערטעניק צו זיינע רייכע משרתים.

האָט זיך וויליאם דאָרטן אַוועקגעשטעלט, אומגעקוקט אין אַלע זייטן, אָנגעטאַפּט זיין ברייוול אין קעשענע, קאַלטן שטאָל צו זיין מח אָנגעצילט און האָט מיט אַ פינגער געגעבן אַ ריר.

ווען די גאַס־מענטשן זיינען זיך צונויפגעלאָפן, איז שוין וויליאם געלעגן אַן אויסגעצווינגענער, נעבן אים האָבן זיך געוואַלגערט אַ רעוואָלווער און אַ קאַפּעליוש.

אין האָספּיטאַל האָט מען זיך ניט אָנגעשטרענגט. אַ נעגער,

נאָך אַליין זיך דערשאָסן, ווינציקער מיט איינעם. נאָר דאָס בריוול האָט יעדן געשטאָכן אין די אויגן:

„איך, וויליאַם, האָב זיך אַליין געשאָסן. איך, וויליאַם, האָב געשאָסן פֿרענק'ן דעם קאָנדוקטאָר, מיין בעסטן פריינט. איך, וויליאַם, בין שולדיק אין טויט פון בעני, מיין בעסטן פריינט. אין אונזער אַלעמענס טויט זיינען שולדיק יענע וואָס האָבן אונז צעשיידט".

* * *

אַלע פּאַרנאַכט פלעגן זיך די דריי אַלטע שכנים: טאָני דער ציגלער, דזשאָ דער גאָסן־רייניקער, און הערי דער שניידער, אַוועקזעצן אויף די שטיינערנע טרעפּ, קוקן אויף די בילדער פון זייערע דריי זין, וואָס אַלע צייטונגען האָבן געדרוקט, בלאָזן רויך פון זייערע ליולקעס, די טרערן זייערע זאָלן זיך טריקענען און שאָקלען מיט די קעפּ.

און רעקס, דער פאַר'יתום'טער הונט, איז געלעגן בא דער זייט, געקוקט אין דער צייטונג, אויף די אַלטע געטרויערט און זיין וועלט באַדויערט.

מאַקס פּערלאָוו

# אין פלאָנטער

## 1.

מאָרים׳ן האָט זיך אַזוי געדאַכט: שווער איז נאָר אַפ׳ן האַרצן ביז די מאַשינען הויבן אָן צו לויפן. ביז דאַן נאָגט דאָס גאַנצע וועזן, ווען דו פילסט, אַז אָט־אָט וועסטו זיך אַוועקשטעלן נעבן אַ מאַשין און פאַר אַ גאַנצן טאָג ניט אָפּטרעטן פון איר. דו שפּירסט, ווי די פיס וועלן ניט קענען דינען אויסצוהאַלטן דעם קערפּער עט־לאַכע שטונדן נאָכאַנאַנד; די איבעריקע אברים זיינען צו אָפּגע־שוואַכט, כדי צו קענען רודעווען... ווען אָבער די עלעקטרישע קראַפט ווערט פריי, ווען אַ זשי־זשו־פייל טוט אַ גריליץ איבער׳ן גאַנצן שאַפּ, און די לעדערנע פאַסן הויבן זיך אָן איבער די רעדער צו וויקלען און דרייען — דאַן ווערט שוין גרינגער אַף דער נשמה: דו ווערסט אַריינגעצויגן אינ׳ם מאַשינען־געבראַזג. דו פילסט, אַז דו ביסט דער פּראָדוצירער...

שווער איז נאָר מאָרים׳ן צו פאַרשטיין פאַרוואָס ווערט זיין קערפּער מאָגערער פון טאָג צו טאָג? פאַוואָס ווערן זיינע באַקן אַזוי איינגעפאַלן? פאַרוואָס באַטראַכטן אים זיינע באַקאַנטע מיט אַזאַ רחמנות־פּנים און פרעגן: מאָרים, וואָס איז מיט אייך?

מאָרים האָט פיינט דעם רחמנות־פּנים. שוין לאַנג, ווי ער האָט אָנגעהויבן פילן אַן עקל צו אַלעמען, וואָס שטעלן אים אַזעלכע פראַגן.

אַפ׳ן זינען זיינען אים אָט־די זאַכן געקומען, ווען ער האָט זיך אַ מידער אַ וואָרף געטאָן אַפ׳ן בעטל, קומענדיק פון דער אַרבעט. זיין כמורנער בליק איז געפאַלן אַף דער האַלב־אָפענער טיר. ס׳האָט אים אַ צוּפּ געטאָן באַם האַרצן: די טיר האָט זיך ניט געוואָלט

פארמאכן פון זיין נאַכלעסיקן שפּאַר הינטער זיך... ער האָט אויפ־געהויבן ביידע הענט, לאַנגזאַם די פינגער איינגעבויגן, זיי אריינגע־קאַרטשעט אין צוויי פויסטן, וואָס ער האָט פאַרזיכטיק צו די אַקסלען ארונטערגעלאָזט. די אַקסלען האָבן זיך אָן אָדער געטאָן. מאָרים האָט דערפילט, ווי דער גאַנצער קערפּער ווערט איינגעשרומפּן, און די ביינער טראַשטשען אַזוי ווייטאָקלאַך פאַרמאַטערט.

די אויגנדעקלאַך האָבן זיך געצויגן איינער צום צווייטן.

מאָרים איז ניט איינגעשלאָפן.

אַלץ האָט זיך הינטער זיין קערפּער געוויגט, נאָר דעם מוח פאַרווינגן ניט געקענט.

צוויי וועלטן האָבן זיך אין זיין מוח געפּלאָנטערט. צוויי מענטשן האָבן זיך אין די וועלטן געבאָרעט: אַ משה מיט אַ מאָרים.

משה: — אַ הויכער בחור מיט אַ קאָליר־רויטן פּנים. בלויע, לויטערע אויגן קוקן ארום און שמייכלען צופרידן פון דער נאַטור־רייכער לאַנדשאַפט. נעבן אים זיצט אַ שיין, חנ׳עוודיק מיידל, ער שטרעקט אויס זיינע זויבערע הענט, גלעט זי איבער די לאַנגע, שווארצע האָר: „מירל, כ׳האָב דיך ליב"... מירל לאָזט ארונטע־די אויגן. משה טוט זי אַ לייכטן קניפּ אין באַק. „שעם זיך ניט, מירעלע, די וועלט איז דאָך אַזוי שיין און אַנגענעם, און ליבע פאַר־זיסט דאָך נאָך מער דאָס לעבן"...

מאָרים: — שטייט ער פונדערווייטנס און באַטראַכט זיי ביידן. אַ ביטערער שמייכל איז אויסגעשפּרייט אויף זיין אָפּגעצערטן, חושכ״־דיקן פּנים. ציטערט זיין קערפּער, וואָס איז אין אַ פּאָר „אָווער־אָלס" איינגעוויקלט. באַוועגן זיך די ליפּן. וואָס פאַרשטעלן דאָס ציין־קלאַפּעריי, און שטיל מורמלט ער ארויס: „און איצט ליבסטו מיך אויך?"...

איז דאָס נאָך ווייניק: וואָלט ער וועלן צולויפן צום פאַרליבטן פּאָר, זיי ביידן צופירן צו אַ גרויסער שנייד־מאַשין, וועמעס מע־סערס ס׳זאָלן האַלטן אין איין פאַרביילויפן נעבן אָט דאָס פּאָרל, און יעדן מאָל זאָל זיך דאַכטן, אַז אָט וועלן די מעסערס צו זייערע קערפּערס דערגרייכן...

דאָס, וואָס ס׳ווילט זיך אים.

אויף מאָרים׳ס אויסגעמאַטערטן פּנים באַווייזט זיך אַ שמייכל.

ער ווייסט דאָך, אַז ער, דער אַמאָליקער משה, איז שוין אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער לאַגע פון שטיין טאָג־טעגלאַך נעבן מאַשינען, וואָס שפּריצן פון זיך מיט געפּאַר.

און מירעלע? זאָל זי פאַרבלייבן דאָרטן, וואו זי איז. ער מיט איר קען דאָך שוין גאָרניט האָבן צו טאָן...

נאָר פאַרוואָס טראַכט זיך אים אַזוי?

אָט, אַ פלאָנטער!...

* * *

שליינגלט זיך אַ שלאַנג איבער ווייטן און ברייטן. הוידעט זיך דער אַטאָמען־צוזאַמענשטעל און זיג־זאַגט מיט אַ מאָדנעם גע־קלאַפּ. שלינגט שלאַנג איין דאָס אַנטקעגנקומענדיקע און וואַרפט אַרויס דאָס איינגעשלונגענע הינטער זיך.

האָבן מענטשן דעם שלאַנג באַן אַ נאָמען געגעבן.

זיצן און שטייען הונדערטער מענטשן אין אָט דעם באַן, לאָזן זיך וואַרפן אַהין און אַהער.

מאָרים האָט זיך איינגעשפּאַרט, זיך ניט לאָזן אַזוי הוידען הין און צוריק. ער האָט זיך אין אַ ווינקל פאַררוקט, ביידע על־בויגנס אַף די קני אָוועקגעשטעלט, מיט די לאַדאָניעס די מאָרדע אונטערגעשפּאַרט, און אַרויסגעקוקט צו דער טיפער לויפנדיקער פינסטערניש.

ער דערמאָנט זיך אָן עטקע'ן.

עטקע איז געווען די אינטימסטע פון זיינע חבר'טעס. טראַכט ער: פאַרוואָס האָב איך איר די האַנט ניט געדריקט? פאַרוואָס פיל איך זיך איצט אַזוי ווייט פון איר?...

מאָרים איז זיכער, אַז ס'איז ניט זיין שולד. ס'פעלן אים אויס די נאָענטע באַציאונגען מיט עטקע'ן. ס'איז אים גוט געווען צו זיין אינטים מיט איר.

ער דערמאָנט זיך: צוריק מיט צוויי יאָר, ווען ער איז קיין אַמעריקע געקומען, פלעגט ער אויך אַזוי צו דער פינסטערניש אַרויס־קוקן. קוקן און בייַנקען...

ווען עטקע איז געקומען, האָט זי זיין שווערן געמיט פאַרלייכ־טערט. אַ קוואַל פון צופרידנקייט האָט זיך אין זיין נשמה אַריינ־געגאָסן.

נו, מעשה שטן: זיצן זיי איינמאָל אין טעאַטער צוגעטוליעט איינער צום צווייטן. אַף דער בינע האָט זיך פאַרגעשטעלט דאָס ביטערע ארבעטער־לעבן, און ווי אזוי די ארבעטער רעוואָלטירן קעגן די באַלעבאַטים. האָט זיך מאָרים'עס האַרץ אַ צאַפּל געטאָן, האָט ער זיך פון אָרט אויפגעהויבן און פייערדיק אַפּלאָדירט. נאָכדעם האָט ער זיך צוריק צו עטקע'ן צוגעזעצט, זי נענטער צו זיך צוגעדריקט און שטיל געפרעגט:

— און דיך רירט דאָס גאָרניט?

— ניין! — האָט עטקע קורץ געענטפערט.

און ווען זיי זיינען אַהיים געגאַנגען, האָט זי אים געפרעגט:

— צי דיינקסטו, אַז איך קען דיך באַפרידיקן, מאָרים?

איר געזיכט־אויסדרוק איז געווען אַנטשלאָסן. זי האָט מאָרים'ן אין פּנים אַריינגעקוקט און געוואַרט אַף אַן ענטפער.

די פראַגע האָט מאָרים'עס מוח אַ ריס געטאָן: עטקע פרעגט דאָס מיך! וואָס מיינט זי? איך האָב דאָך קיינמאָל ניט געטראַכט וועגן דעם...

— זאָל זיין אַ צווייטן מאָל, — איז געווען זיין ענטפער.

אַך, יענע וואָך! אַ גאַנצער יאָר איז דאָס געווען. מאָרים פלעגט זיך פילן גליקלאַך, ווען ער פלעגט האָבן אַ פרייע מינוט אַ טראַכט צו טאָן וועגן דעם. פלעגט ער ווייטער זיצן אין באַן, אַרויסקוקן צו דער פינסטערניש און טראַכטן: עטקע ליידט... צי ליב איך זי?... כ'ווייס ניט! כ'ווייס ניט!... נאָר מיט עטקע'ן איז דאָך מיר אַזוי גוט!...

מינוטנווייז האָט אים באַנג געטאָן, וואָס אַזוינס איז געשען: כ'קען זיך דאָך נאָך קיין רעכענונג ניט אָפּגעבן...

ווען ער איז קומענדיקע וואָך צו עטקע'ן געפאָרן, האָט ער אַזוי געטראַכט: „יע", וועל איך איר זאָגן... אה?! — איז אים מיטאַמאָל אַ געדאַנק איינגעפאַלן, — טאָמער מיינט זי פאַרקערט? ווי אַזוי האָט זי די פראַגע געשטעלט? כ'געדיינק ניט! וואָס פאַר אַ טאָן האָט זי אָנגעווענדעט?

זיין האַרץ האָט זיך אַ טרייסל געטאָן.

ס'לעצטע איז אָבער געשען:

— כ'בין ניט פייאיק דיר צו שיינקען אַזוי פיל ליבע, וויפיל

דו פאָדערסט, — כ׳ליב ניט אין אַלגעמיין... — האָט עטקע דער־קלערט.

— כ׳האָב דאָס פון דיר קיינמאָל ניט געפאָדערט.

— יע. אין טעאַטער האָסטו געפרעגט.

מאָרים האָט פאַרשטאַנען: אין טעאַטער, ווען זיין האַרץ האָט געקלאַפּט מיט צופרידנקייט פונ׳ם רעוואָלוציאָנערן שטראָם, האָט זי וועגן איר פערזאָן געטראַכט... דערפאַר טאָקע קען זי אים ניט ליבן...

זי האָט אַ טעות געמאַכט... צו ווייט איז זי פון זיינע געדאַנקען.

נאָר פאַרוואָס טראַכט זיך אים אַזוי וועגן איר?

אָט, אַ פלאַנטער!...

.2

ס׳האָט זיך דערהערט אַ געבראַזגעריי פון צובראָכענע כלים, אַ טופּעניש פון באָרוויסע פיס, ס׳האָט אָפּגעהילכט צוויי מאָל: הו־האַ־הו־האַ... און ס׳איז שטיל געוואָרן.

ס׳האָבן זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף די שכנים פון אויבערשטן שטאָק, פון אונטערשטן שטאָק, אַ פאַרוואונדערטער מורמל האָט זיך געטראָגן פון איין געלעגער צום צווייטן, און באַלד האָט די כראָפּעריי אויפס׳ניי אָנגעפילט די צימערן.

ס׳האָט זיך אויפגעוועקט די באַלעבאָסטע, זיך צוגעהערט און נאָכדעם שטיל געזאָגט צו איר מאַן: אַ שטול איז, ווי ס׳ווייזט אויס, אומגעפאַלן בא אונזערע „באָרדערס".

אינ׳ם ענגן צימערל, פון וואַנען דער געטומל האָט זיך געטראָגן, איז מאָרים געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן דער פאַרענץ פון בעטל. די הענט, אַף וועלכע די אָדערן האָבן דורך דער הויט אַרויסעסטאַר־טשעט ווי דער רוקן־ביין בא אַ קו, זיינען געווען פאַרלייגט אַהינטער, און די פינגער זיינען געווען איינגעפלאָכטן איינע אין די אַנדערע. וועלנדיק פאַרגרינגערן דאָס האַרץ־ווייטיק, האָט ער דעם פּנים פאַר־עקשנ׳ט אויפגעצויגן.

קעגנאיבער אים איז געשטאַנען אַ צווייטער יונגערמאַן און דערשראָקן געפרעגט: וואָס מיינט דאָס?

— ד־דאָס איז־ז דאָס ל־לעבן פון דיין חבר מאָרים... — האָט מאָרים מיט א פיבערדיקן קול געענטפערט.

— וואָס ?

— אָט דער איצטיקער אויפשפרינגען, ברעכן כלים, ווארפן ס'טישל און ארומלויפן איבער'ן חדר, ווי א משוגע'נער...

— המ... המ... ס'לעבן ! אָבער ס'איז דאָך א מורא מיט דיר אין איין צימער צו זיין.

האָט מאָרים א קנייטש געטאָן דעם שטערן, געוואָרפן אן אומע־טיקן בליק צו זיין נאכט־שותף, און נאכלעסיק זיך אָנגעשפּארט אָן וואנט.

ער האָט געטראכט : אָט, מאָרגן וועט ער שוין זיכער אוועק פון מיר, מיין שותף צום שלאָפן. ער האָט מורא... שוין עטלאכע חדשים ווי איך ליג אין איין בעט מיט א מענטשן, וואָס פארשטייט מיך ניט... ווי טרויעריק !

ווען דער יונגערמאן האָט שוין ווידער געכראָפּעט, האָט מאָרים זיך אוועקגעזעצט אפ'ן בעטל, און מיט די לאַדאָניעס דעם שטערן געריבן. זיין בליק איז געפאלן אף די שמוציקע וועש, וואָס ער טראָגט, און ער האָט זיך דערמאָנט אָן דעם שאפּ, אָן דעם זעג־שטויב, וואָס פליט א גאנצן טאָג ארום, און דרינגט אריין אין זיינע לונגען...

ס'איז אים קלאָר געוואָרן זיין איצטיקע צורודערונג : שווער איז אף אים געפאלן דאָס אמעריקאנער לעבן. ער איז פארוואנדלט געוואָרן אין א שרייפל פון ניו יאָרקער הו־הא מאשין. א סמן : ערשט מיט צוויי יאָר צוריק איז ער געשטאנען באם רודער פון אן אָרגאניזאציע, וואָס האָט מיט אזוי פיל לעבן געשטראמט... און איצט ? ער האָט אפילו פארגעסן, אז אזוינס קען דאָ אין אמע־ריקע אויך עקזיסטירן, און אויב ניט — דארף מען שאפן...

און נאָך אמאָל ווילט זיך אים בראזגען מיט כלים. ס'פאר־דריסט ! ס'קלינגען אים אין די אויערן די נאַר־וואָס ארויסגעזאָגטע ווערטער פון זיין שלאָפנדיקן חבר, און טיף בייסט ער איין די ליפּן.

יענע נאכט איז שוין מאָרים ניט געשלאָפן. ווי א לייוונט האָט זיך פאר זיינע אויגן געוויקלט און געוויזן פארשיידענע בילדער.

אָט איז א בילד פון זיין שיידן זיך מיט די חברים. א באנקעט

האָבן זיי פאַר אים געמאַכט, און האַלטנדיק געזעגענונגס־רעדעס האָבן זיי אָנגעזאָגט: פאַרגעס ניט, משה, אונזער אידעאַל...

און דאָ דערמאָנט זיך מאָרים נאָך עפּעס: שוין לאַנג, ווי ער האָט פון איר ניט געטראַכט. מרים האָט מען זי גערופן, און מיט איר האָט ער זיך געטראָפן שוין נאָכדעם, ווי ער איז פון מירעלען אַוועק.

טאָ פאַרוואָס האָט ער עפּעס וועגן מירעלען געטראַכט, און ניט וועגן מרים'ען?

אַ מאָדנער פּלאָנטער, וואָס וואָלט געדאַרפט אויפגעפּלאָנטערט ווערן.

און דער פּאָדים ציט זיך: יענעם אָוונט, ווען ער האָט זיך מיט מירעלע'ן צושיידט, האָט זי אים וואָרים די האַנט געדריקט. פון איר געזיכט האָט עפּעס ווי אַ ברייטהאַרציקייט זיך געקייקלט. אירע אויגן האָבן רואיק־פייערדיק געפינקלט, און זי איז לייכט ווי אַ פעדער אַפּ'ן בריקל אַרויפגעפלויגן. דאַן איז ער נאָך אַ ווײַלע געשטאַנען, נאָכגעקוקט אירע טריט און האָט נאָכדעם מיט האַרטער אַנטשלאָסנקייט אַוועקגעשפּאַנט פון בריקל.

האַרט איז ער דאַן געווען. ער האָט באַשלאָסן אָפּצוברעכן מיט דער אַלטער סביבה. אַן אַנדער וועלט האָט ער דערזען: אַ וועלט פון קאַמף.

אין יענער וועלט האָט ער מרים'ען געטראָפן. אויך פון אַ־ אַנדער סביבה געקומען, נאָר ניט אַנטשלאָסן גענוג. האָט זי זיך צו־ אים געווענדט, ער זאָל ווערן איר וועג־ווײַזער.

דאָרט — אַ וועג־ווײַזער, דאָ — אַ צוריקגעשטאַנענער.

פאַרוואָס האָט זי זיך צו אים געווענדט? ווײַל ער איז געווען דער אָרגאַניזאַטאָר, דער פירער.

דאָרט — אָרגאַניזאַטאָר, דאָ — פאַרצווייפלטער.

מאָרים האָט פאַרשטאַנען, אַז די שולד פאַלט אַף אים. צופיל האָט ער נאָכגעגעבן דעם פאַרלאַנג פון אַמעריקע'ס באַלעבאַטים... ער האָט די הענט צוזאַמענגעלייגט, כדי מען זאָל די קייטן אַף זיי אַרויפטאָן...

— צורייסן וועלן איך די קייטן!... — מיט דעם געדאַנק האָט

מאָרים אפּ'ן פרימאָרגן אָנגעהויבן דרעמלען, נאָר דער וועק־זייגער האָט זיך צערעוועט און דערמאָנט: ס'איז זעקס...

## 3.

ווען מאָרים'ן איז אפּ'ן זינען געקומען צו צעררייסן די קייטן פון זיין איצטיקער פארשקלאפונג, האָט אים גלייך א צווייטער געדאַנק א קלאַפּ געטאָן: ווי אזוי וועט ער דאָס קאָנען?

מאָרים האָט פארשטאנען, אז כדי צו צעפירן אביסל די הענט, כדי צו קענען קומען אין געזעלשאפט, מוז מען אמוויניקסטנס האָבן א שטיקל פרייע צייט און אביסל אויסגערוטע נערוון. דיביידע זאכן האָבן אים געפעלט. ווען ער איז געקומען קיין אמעריקע צו זיינעם א רייכן פעטער, איז די לאגע געווען א גאנץ אנדערע. דער פעטער וואָלט אים געוועז דערלאנגט פון פויגל־מילך, אבי נאָר ער. מאָרים, זאָל גיין אין זיינע וועגן. האָט אָבער מאָרים נאָך אין דער היים אָפּגעבראָכן מיט'ן אלטן, און דאָ האָט ער קיין מאסקע ניט געוואָלט אָנטאָן. ער האָט אָפּגעזאָגט זיין פאנאטיש־רעליגיעזן פעטער צו גיין מיט אים אין שול דאווגען, זיך צו געפינען אין א רעליגיעז־געשטימטער סביבה, און נאָך אזעלכע זאכן. ער האָט אפילו אין הויז ניט געוואָלט ארויפציען אף זיך אזא פירונג, וואָס איז קעגן זיינע איבערצייגונגען. ס'האָט אים געצויגן צו דעם רעש'יקן, ברויזיקן.

מאָרים האָט געפילט, אז אינ'ם אמעריקאנער הו־הא לעבן מוז זיך ערגעץ געפינען א ווינקל א ווארימס, וואָס איז פול מיט יונג, קעמפנדיק בלוט. ווען ער האָט דעם ווינקל אָנגעהויבן זוכן, ווען זיינע געדאנקען און בליקן האָבן זיך אלץ מער אָפּגעקערט פון זייז פעטער, דעם בעל־מיוחס, וואָס האָט געדיינקט, אז פאר אים דארף מען אלץ טאָן ווי א דאנק וואָס ער האָט אָט דעם „גרינעם" אריבער־געבראכט, האָט זיך אָנגעהויבן דאָס דורכווערטלען, נאָכדעם קריי־געריי, און דער סוף איז געווען, אז מאָרים האָט פארלאָזן זיין רייכן פעטער.

די אמעריקאנער ווירקלאכקייט האָט מיט א קארגן, צונויפגע־קאָרטשעטן און פארדריסיקן פנים באגעגנט דעם גרינעם רעוואָ־לוציאָנער. מיט אויסגעשטשירעטע ציין איז זי אים אנטקעגן גע־

קומען, אין אַ שאַפֿ אַריינגעכאַפּט פֿאַר צען דאָלער אַ וואָך צו פּראַ־צעווען. שטונדן פֿאַר „גרינע" ציילן זיך ניט, און פֿאַר מאָרים'ן האָבן זיי זיך אויך ניט געציילט...

זיינען די טעג געלאָפֿן און יעדער טאָג האָט מיט זיך מיטגע־שלעפּט עטלאַכע טראָפּנס בלוט, אַ פֿאַר פונט ענערגיע פֿונ'ם יונגן בחור'ס לעבן, און מאָרים'עס פּנים האָט זיך אַלץ לייגנער אויסגע־צויגן און זיינע האָפֿנונגען האָבן זיך אַלץ מער פֿאַרוועלקט.

און ווען מאָרים האָט איינמאָל אין גאַס געטראָפֿן אַ באַקאַנטע מיידל פֿון דער היים, מיט וועלכער ער האָט זיך דאָרטן פֿון דער־ווייטנס געהאַלטען, נאָר וועלכע האָט אים ליב געהאַט, האָט ער איר אַ גרויסן ווי־וואַט געמאַכט, און פֿאַר אַ גאַנצער שטונדע מיט איר גערעדט.

צוליב וואָס האָט ער דאָס געטאָן? אָט, ס'איז גוט געווען צו הערן אַ וואָרט פֿון אַ מענטשן, וואָס שיינקט אויפֿמערקזאַמקייט, וואָס אינטערעסירט זיך מיט אים...

ער האָט געפֿילט, אַז ער איז פֿאַלש מיט זיין צוגעלאָזנקייט צו איר, אַז ער גיט איר אַ געלעגנהייט צו דיינקען וועגן אים, און זיינע באַציאונגען צו איר זיינען דאָך אַנדערש, ווי ס'איז אין דער ווירק־לאַכקייט. נאָר וועמען אַרט עס? נאָך אַ סך מאָל האָט ער זיך מיט איר געטראָפֿן. זי פֿלעגט קומען צו אים אין צימער, צורעכט מאַכן דאָס צעוואָרפֿענע בעטל און אַלץ אַביסל אין אָרדנונג ברייננגען. נאָכדעם פֿלעגן זיי זיך צוזעצן אַפֿ'ן פֿאַרבעט בעטל און איינער דעם צווייטן די הענט דערלאַנגען...

שפּעט פֿלעגן זיי אַזוי זיצן. דער מידער מאָרים האָט אַף איר שוים זיך אַביסל אָפּגערוט. אַ כוואַליע מיט רייד פֿלעגט באַ אים אַ שטראָם טאָן. ער פֿלעגט איר אַלץ דערציילן, הגם ער האָט גע־וואוסט, אַז זי באַגרייפֿט אים ווינציק וואָס. אנגענעם איז עס אָבער געווען: ליבט אַ מענטש דעם עלנדן מאָרים'ן, גלעט אים איבער'ן האָרן, אָפּגעצערטן פּנים, לאַשטשעט און שפּיגלט זיך אין זיין חשב'דיקן אויסזען און הערט זיך אַזוי ערנסט צו צו זיינע רייד...

איר עצה איז געווען: מאַך זיך ניט נאַריש, מאָרים: גיי צוריק צו דיין פֿעטער!...

מאָרים האָט געפילט, ווי איר אָפּצווידלען פאַר אַזאַ ענטפער. ער האָט דאָס אָבער ניט געטאָן...

נאָך עטלאַכע וואָכן האָבן זיך פון לעבנס־קאַלענדאַר אַרונ־טערגעריסן.

אין מאָרים'ס לעבן האָבן אָבער די עטלאַכע וואָכן קיין נייס ניט אַריינגעבראַכט. די צאַרטע פאַרלייכטערונג, וואָס איז דורך זיין באַקאַנט מיידל פאַראורזאַכט געוואָרן, האָט איר נאַקעטן פּנים באַוויזן... צוריק האָט דער דורשט געפּליסטערט דורך פאַרשיידענע קאַנאַלן אין מאָרים'ס נשמה און געטריקנט זיין גאַנצן וועזן...

אין אַן אָוונט איז דאָס געווען, ווען מאָרים איז אַ מידער אַפּ'ן בעטל געלעגן און געטראַכט וועגן זיין לאַגע. די געדיכטע פינ־סטערניש, וואָס האָט דעם חדר אָנגעפילט, האָט זיך טיף אין מאָ־רים'ס געדאַנקען־גאַנג אַראָפּגעלאָזט.

מאָרים האָט לאַנג דעם שטערן געריבן, זיך געדרייט פון איין זייט אויף דער צווייטער, און גאַנץ אָפּט האָט אַ זיפץ זיך אַרויס־געריסן פון דער טיפעניש פון זיין האַרצן.

און מיטאַמאָל איז עפּעס געשען:

אַ ברייטער, האַרציקער שמייכל האָט זיך איבער זיין פּנים צעגאָסן. ער האָט מיט די פינגער אין דער לופטן אַ קנאַק געטאָן, און אין דער פינסטערניש האָט זיך געשניטן דער גלאַנציקער בליק פון זיינע ברייט צעעפנטע אויגן.

מאָרים האָט געטראַכט: וואָס פאַר אַ נאַר איך בין! וואָס וואַלגער איך זיך שוין אַזאַ שטיק צייט, און נורע זיך אין מיין פינ־סטערן פּעסימיזם? כאַ־כאַ! כאַ־כאַ־כאַ! זיינען שוין טאַקע די טויערן פאַר מיר פאַרשלאָסן? און אויב יע — ברעכט מען שלע־סער אויך...

מאָרים האָט באַשלאָסן: אויס מיט סענטימענטאַלער, צייט־ווייליקער באַפרידיקונג! דאָס באַנוגענען זיך מיט ס'קאַפּעטשקע פאַרטרייבט דעם פאַרלאַנג צו גרעסערס.

דאָס באַקאַנט מיידל וועט אפילו ניט זיין צופרידן, נאָר אַזוי וועט עס זיין...

און ס'ערשטע מאָל האָט זיך מאָרים'ן געדאַכט, אַז אָט זעט ער אַן עקעלע פון'ם גרויסן פּלאָנטער...

.4

נאָך עטלאַכע טעג זיינען אַריבער און מאָרים'עס האַרץ־דרוק איז גרינגער ניט געוואָרן. ער האָט אָבער געפילט, אַז ס'דאַרף מיט אים עפּעס פּאַסירן, אַז ס'איז אַ פאַרפרימאָרגענדיקע פינ־סטערניש.

— מען דאַרף די הענט ניט אַרונטערלאָזן, דעם מוט ניט פאַרלירן. — די ווערטער האָבן אים ווי אין די אויערן אַ קלונג געטאָן אין אַ פאַרנאַכט, ווען ער איז פון דער אַרבעט געגאַנגען.

— לאָמיר זיך דערמאָנען, — האָט ער ביי זיך געטראַכט. — לאָמיר זיך דעראינערן, וואו איך האָב אָט די ווערטער געהערט. אָך, צום טייוועל, ווי מען שטופּט זיך דאָ! ס'איז אוממעגלאַך וועגן עפּעס אַ טראַכט צו טאָן; דער געקלאַפּ און געבראַזג פון טראַמוואַיען און מאַשינען — ס'לאָזט גאָרניט זיך פאַנאַנדער־קלייבן אין עפּעס. און אפשר? יע, איך געדיינק: איך אַליין האָב אָט די ווערטער באַנוצט נאָך זייענדיק אין דער אַלטער היים; כ'האָב דאַן גערופן די גאַרבאַרעס אין סטרייק...

מיטאַמאָל האָט זיך דער געדאַנק איבערגעריסן: אָך, די עלעקטריק־שיין ציט אַרויס דאָס ליכט פון די אויגן. נאָר באַלד, באַלד וועל איך אַהיים קומען, אַפּ'ן געלעגער ליגנדיק וועל איך עס פאַנאַנדערברעקלען... יע, אַ גאַנץ ווערק קען מען שאַפן.

צום ערשטן מאָל, פאַר אַ לאַנגע צייט, האָט זיך אין מאָרים'ן ווידער דערוועקט אַ פאַרלאַנג עפּעס צו שאַפן וועגן זיינע אי־בערלעבונגען. און ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער וועט דאָס זיכער קאָנען טאָן. איצט אָבער האָט זיך דער מח אָפּגעזאָגט צו אַרבעטן סיסטעמאַטיש. גאַנצע קנוילן האָבן זיך פּלוצלונג באַוויזן פאַר מאָרים'עס געדאַנקען, און זיך אָנגעהויבן פאַנאַנדערוויקלען, אַז אָט אָט, דאַכט זיך, וועט אַלץ קלאָר ווערן, נאָר פּלוצלונג — אַ פּלאָנטער און אַלץ איז פאַריבער... איין זאַך האָט זיך אָבער יע געפונען, וואָס האָט אים ניט אָפּגעלאָזט אַף קיין איין מינוט, סיי אינ'ם גרויסן זשו־זשו פון גאַסן־געיעג, סיי אינ'ם אָנגעפּאַקטן באַן, וואָס האָט אים, מאָרים'ן, אַהיים געטראָגן, ווי אויך אַף זיין געלעגער; און דאָס איז: דער שווערער האַרץ־דרוק.

מיט אימפּעט האָט זיך מאָרים יענעם אָוונט פון בעט

אַ הויב געטאָן. ער האָט אַזוי געטראַכט: מאַטעריאַל האָב איך גענוג. כ'וועל דאָס נאָך פאַרברייטערן, פאַרשענערן, און ס'וועט זיין אַ געלונגען ווערק.

דער געדאַנק האָט אים אָבער אָפּגענאַרט: ניט בלויז אַ ווערק האָט ער איצט ניט געקענט אָנהויבן שאַפן, נאָר אַפילו קיין וואָרט האָט ער ניט געקאָנט אַרויסברײנגען. די פּען האָט זיך איבער'ן פּאַפּיר ניט געגליטשט, ווייל דער מח האָט גאָרניט דיקטירט. אָט, אָט האָט ער שוין יע אָנגעשריבן עטלאַכע ווער־טער, עטלאַכע שורות, נאָר איבערלייענענדיק דאָס, טוט ער מיט־אַמאָל אַ פיר די פּען איבער די שורות און אַלץ איז פאַרמעקט. ניין, ניט דאָס האָט ער געוואָלט! וואָס דען האָט ער געוואָלט אַרויסברײנגען? אָ, וואָס דען? ניין, ניין! נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל האָט ער זיך אין די נאָטיצן געגראָבן, נאָך צענדליקע מאָל האָט ער געשריבן און געמעקט, צום סוף האָט ער דערזען, אַז ס'איז אַן איבעריקע זאַך...

— אַזוי פיל, אַזוי פיל צו שרייבן, ווי איך האָב, און קיין איין וואָרט ניט אַרויסגעבראַכט, דאָס איז שוידערלאַך! — האָט זיך מאָריס פאַר'ן קאָפּ געכאַפּט.

ווען ער האָט זיך צוריק אָפּ'ן געלעגער געלייגט, האָבן זיך די געדאַנקען אַביסל באַרואיקט. ער האָט געקלערט וועגן דעם גרויסן גאַרבער סטרייק וואָס ער האָט אָנגעפירט, און פאַרוואָס ער איז אין טורמע פאַרשפּאַרט געוואָרן.

אַ געשיכטע, וואָס האָט איהם דאָן אינגאַנצן אויפגעטרייסלט, האָט זיך אים איצט דערמאָנט. דאָס איז וועגן זיין עלטערן חבר איציק, מיט וועלכן ער איז אַמאָל אין איין קאַמער געזעסן. אַ צווייטער חבר האָט אים דאָס נאָכדעם דערציילט, און הגם די אויגן־דעקלאַך ציען זיך איצט אַזוי איינס צום אַנדערן, זעט מאָריס דאָס בילד אַזוי בולט:

איציק זיצט אויף דער פייכטער פּאָדלאָגע, האַלטנדיק דעם קאָפּ צווישן די קני. פּאַמעלאַכינקע שטרעקט ער אויס די האַנט צו אַ ווינקל פון קאַמער, און זיינע פינגער רירן עפּעס אָנ'עט אין דער פינסטער. איציק טראַכט: אַ טייל פון דער אַרבעט האָט זיך שוין איינגעגעבן, די שטריק ליגט שוין אָט דאָ באַ

מיר... בײַ דעם געדאַנק שפּרינגט איציק אויף פון אָרט: אַ שטריק? האַ? אַ שטריק קאָן דאָך דינען אויך פאַר אַנדערע צוועקן, ווי פאַר דעם, וואָס זי ליגט דאָ... אַה, וואָס פאַר אַ געדאַנק?! איציק טראַכט וועגן אַזעלכע זאַכן? כאַ־כאַ־כאַ!

ער דערמאָנט זיך צוליב וואָס פאַר אַ צוועק די שטריק ליגט דאָ בײַ אים אין קאַמער, און אַ פאַרשעמטער פון זײַן פריערדיקן אײַנפאַל, לאָזט ער זיך צוריק צו דר'ערד אַרונטער.

מיטאַמאָל טוט אַ לײַכט דורך די שמאָלע גראַטעס־קעסטלאַך, און די שײַן פאַלט אויף איציק'ס אָפּגעצויגענעם, אויסגעמאַטערטן געזיכט; ער ווענדעט זײַנע שוואַרצע, אויסגעסטאַרטשעטע אויגן צום פענצטער, און מיט די דאַרע פינגער פּלעכט ער נערוועז די האָר פון קאָפּ.

איציק פאַרשטייט, אַז ס'איז אַ צייכען. ער ווייס, אַז דאָס טראָגט מען שוין די מכשירים אין בערל'ס קאַמער. זײַן קערפּער טוט זיך פיבעריש אַ טרייסל. נידעריקער לאָזט ער דעם קאָפּ צווישן די קני אַרונטער, פלעכט אײַן די פינגער אײנע אין די אַנדערע, און מיט די עלנבויגנס טרייסלט ער דעם קערפּער.

יאָגן זיך געדאַנקען אײנע נאָך די אַנדערע. לויפן בליץ־שנעל פאַרשיידענע פאָרשטעלונגען דורך איציק'ס מח און שרעקן אים, ער זאָל זיך ניט אונטערנעמען אַ זאַך, וואָס שטעלט זײַן לעבן אין געפאַר. ס'דערמאָנט אים, אַז ער אַליין איז נאָך אויך יונג, און עס איז מעגלאַך, אַז אַ שיינע צוקונפט וועבט זיך פאַר אים... איציק שפּרינגט אויף פון פּלאַץ:

—ניין, ניין! ניט מיך וועלן אַזעלכע זאַכן אָפּשרעקן. שוין אַכט חדשים, אַז איך געפין זיך צווישן די פיר פאַרוויינטע ווענט, און מײַן קערפּער דינט צווישן זיי אַלס מחיצה... שוין אַזאַ צייט, ווי איך וואַלגער זיך אין אַ פינסטערן קאַמער, אַרומגערינגלט פון אַ סך קליינינקע באַשעפענישלאַך מיט גליטשיקע פעלכעלאַך... כ'האָב זיך שוין צוגעוואוינט צו דעם... נאָר ער? ער איז דאָך נאָך גאָר אַ קינד... ערשט אַרײַן אין דער באַוועגונג... ניין! ניין! ער טאָר דאָ ניט פאַרבלײַבן!...

איציק יאָגט זיך צו צום ווענטל, וואָס פירט אין צווייטן קאַמער, און לייגט צו דעם אויער.

— יע, ס'הערט זיך שוין א סקראָבען. אָט באַלד וועט עס פּאַרטיק ווערן א לאָך, דורך דער לאָך וועט בערל דורכקריכן. נאָכדעם וועט ער, איציק, אים מיט'ן שטריק דורכ'ן פענצטער אַרונטערלאָזן... כאַ־כאַ־כאַ! גיי, גיי בערעלע! לויף צו אונ־זעריקע און גיב זיי איבער א גרוס, אַז איך האָב דיך באַפרייט, פאַרוואָס איך וועל גאַנץ טייער באַצאָלן....

ששש! איציק הערט שוין, ווי מען בויערט די לאָך. באַלד וועט ער זען בערל'ס געזיכט. זיינע ליכטיקע אויגן וועלן צו אים ווינקען און זאָגן: אַלץ איז גרייט? כאַ־כאַ! גיי, בערל, גיי דורכ'ן פענצטער, און איך וועל זיך דאָ אָפּשטעלן. ווען זיי וועלן מיך פרעגן, וואו דו ביסט, וועל איך זיי אַרויסשטעקן א לאַנגע צונג און זאָגן, אַז דו ביסט שוין דאָרטן, בא אונזעריקע, און דו דערציילסט דער וועלט, וואָס ס'טוט זיך צווישן די פיר פאַרוויינטע ווענט.

יאָגט זיך אַזוי איציק אַרום פון איין וואַנט צו דער צווייטער. ער וויל קאָנצענטרירן זיינע געדאַנקען. ער וויל זיך שטאַרקן, נאָר דאָס שרעקנדיקע אין אים לאָזט ניט רוען.

— נו, וואָס וועט זיין? בערל וועט זיין פריי, און איך?

ווען דורך דער וואַנט טוט אָבער א גלאָץ דער שפּיץ פון א דלאָטע, ווערט איציק רואיק. ס'איז דאָך אים ניט ס'ערשטע מאָל איינצושטעלן דאָס לעבן... איז ער דאָך שטענדיק מיט פרייד געגאַנגען צום געפערלאַכסטן, אבי צו דערפילן זיין פליכט... גייט ער איצט אויך מיט פרייד צו ראַטעווען זיינעם א חבר, א אינגערן.

די דלאָטע דרייט זיך. אָט זעט זיך שוין א זעגעלע אין דער אויסגעבויערטער לאָך, און ס'זעגט די וואַנט. פאַלט אַרונטער אַלע ווייַלע אַן אויסגעזעגענע שטיקל האָלץ, און די לאָך ווערט אַלץ גרעסער און גרעסער... — — — — — — — — — — — —

קיינמאָל איז נאָך מאָרים'ן אַזוי גרינג אויף דער נשמה ניט געווען, ווי אין יענעם פרימאָרגן. ר'האָט געדיינקט דעם באַנאַכטיקן חלום, און ווי א ווירקלאַכקייט האָט דאָס זיין גאַנצן „איך" געמאַכט יובל'ען מיט צופרידנקייט. ברייטער האָבן זיך די געדאַנקען געשפּרייט. ס'האָט אים ניט געאַרט, וואָס ער

גייט איצט אין שאַפּ, וואו די אויערן ווערן פאַרהילכט פונ׳ם מאַשינען־געבראַזג. ס׳איז אים ניט אָנגעגאַנגען, וואָס אין שאַפּ האָט מען אים געהאַלטן פאַר׳ן צען דאָלאַרדיקן „בעזים“, און אַלע אַרבעטער האָבן אַף אים געקוקט פון אויבן אַרונטער.

מען דאַרף די הענט ניט אַרונטערלאָזן, דעם מוט ניט פאַרלירן...

ווען צו דער אַרבעט פאָרנדיק האָט זיך דער טראַמוואַי פאַרביינגעטראָגן אַ שיינעם מויער, ווייזט אויס אַ באַנק, האָט זיך מאָריס׳ן אין די אויגן געוואָרפן זיין אַלטער גוטער פריינט, דער זייגער. די ווייזערס האָבן אָבער איצט ניט צוגעוואונקען, אַז ער, מאָריס, זאָל זיך איילן. וויפיל האָבן זיי געוויזן? זיבן אַזייגער, דאָס אַלץ. טאָ וואָס־זשע האָט דאָס מאָריס׳ן אַזוי פרי פונ׳ם געלעגער אויפגעהויבן?...

מאָריס האָט זיך אָנגענומען פאַר׳ן רימען, אַביסל אויסגע־גלייכט די ביינער, און מיט אַנגענעמער באַרוישטקייט זיך פאַר־טראַכט. וואָס האָט ער געטראַכט? אָט וועגן יענעם סטרייק פון די גאַרבאַרעס. ס׳אַרא טייערע צייט ס׳איז געווען: די פוילישע זשאַנדאַרמען האָבן געשלאָגן, און מאָריס האָט גערעדט... די זשאַנדאַרמען האָבן געשלעפּט צום „סטאַראָסטאַ“, און מאָריס האָט זיך ניט געשראָקן...

אַך, אַ טעות: און משה האָט זיך ניט געשראָקן...

דורך דעם טראַמווייען־געקלאַפּ און מענטשן־געיעג האָבן זיך אין מאָריס׳עס געדאַנקען געבערעקלט ברעקלאַך פון זיין פריער־דיקן לעבן.

— משה, משה, קום צו זיך!... — מיט דעם געדאַנק איז מאָריס פון טראַמוויי אַרונטערגעשפּרונגען און זיך געלאָזט גיין צום שאַפּ.

* * *

וואָס טוט זיך דאָרטן?

אַ מרה־שחורה איז אַף זייערע פּנים׳ער אויסגעשפּרייט. זיי שטייען אויפגעקאָרטשעטע פון פאַרוואונדערונג און געבעט, און מורמלען איינער צום צווייטן:

— וואָס זאָל דאָס באַדייטן?

— ס'צעטל זאָגט שוין אַלץ: אָפּגעלייגט און פאַרטיק!

— שלעכטע געשעפטן.

— שווערע צייטן.

— וואָס טוט מען? די קינדער ווילן עסן.

זייערע אַלעמענס אויגן זיינען ווי מיט טרערן אָנגעפילט. די קעפּ בויגן זיך אַלץ נידעריקער. שטייען זיי אַזוי מיט די „לאָנטש“־פּעקלאך אונטער די אָרעמס, ווי זיי וואָלטן באַווײַנען, באַדויערן אַ גרויסן פאַרלוסט.

און מאָריס'ן באַגעגענען זיי ניט מיט שפּאָט. זיי וואַרפן אַף אים אַ באַדויערונגס־בליק און שווייגן ווידער.

— וואָס איז געשען?

מען ווייזט אים אָן אויף דער אַריינגאַנג־טיר פון „אָפיס“.

מאָריס האָט זיך דורכגעשלאָגן דורך דער הורבע פאַרזאָרגטע אַרבעטער, איז צוגעגאַנגען צום גאַניקל, האָט אַרויפגעשפּאַנט אַפּ'ן העכסטן טרעפּל, און איבערגעלייענט אַזאַ סאָרט צעטעלע:

„מיר לאָזן וויסן אַלע די, וואָס אַרבעטן דאָ, אַז דער שאָפּ וועט זיין געשלאָסן פאַר צוויי וואָכן צייט. ווער עס וויל, קאָן נאָכדעם קומען אַרבעטן אַף נייע באַדינגונגען“.

מאָריס איז אַ ווײַלע געשטאַנען פאַרטראַכט, נאָכדעם האָט ער רואיק אויפגעהויבן דעם קאָפּ און באַטראַכט אַלע אַרבעטער.

און אין אַ פּאָר מינוטן אַרום האָט זיך זיין גאַנצער קערפּער אַ טרייסל געטאָן, אַן אַנטשלאָסענקייט האָט זיין אויסזען באַדעקט.

פון דעם העכסטן טרעפּל, וואו ער איז געשטאַנען, האָט מאָריס מיט די הענט געמאַכט צו די אַרבעטער, אַז זיי זאָלן הערן.

איגנאָרירנדיקע בליקן האָבן זיין רוף געענטפערט.

— אַרבעטער הערט מיך אויס!...

אויסרופן:

— אַרונטער, צען־דאָלאַרדיקער „בעזים“!

— שנעק, וואָס האָסטו דאָרטן צו זאָגן?!

— שמייסט אים אָפּ און פאַרוואַרפט אים אין שמוץ!

אַרונטערגענומען. זיין פיגור האָט זיך נאָך שטאָלצער אויס־

די אַלע אויסרופן האָבן אָבער מאָריס'ן פון טרעפּל ניט

געגלייכט. ר'האָט שוין פאַרגעסן, וואו ער געפינט זיך. מיט'ן גאַנצן כח האָט ער דעם טומל איבערגעשריען, און זיינע ווערטער האָבן הילכיק געקלונגען און זיך געקייקלט אין דער מיט זאַרג אָנגעפילטער לופט:

— אַרבעטער, טראַכט זיך אַריין, אין וואָס פאַר אַ לאַגע מען האָט אייך איצט אַוועקגעשטעלט...

— לאַגע־שמאַגע, צען־דאָלערדיקער „בעזים".

— לאָזט הערן, שווייגט! — האָבן זיך מיט אַמאָל פון צווישן עולם דערהערט אַ פּאָר יונגע שטימען.

ס'איז שטיל געוואָרן.

„. . . מיר פאַרברייננגען אונזערע טעג, וואָכן און חדשים אין אַ פינסטערן קעלער, אונזערע לונגען ווערן אויפגעפרעסן פונ'ם שטויב, אונזער ליכט ווערט אַרויסגעצויגן פון דער עלעקטריק, די שכירות זיינען קליין און די פּראַצע גרויס. מיר גיבן אַוועק אונ־זערע כחות צום באַלעבאָס, און ער, וואָס ס'פאַרווילט זיך אים, טוט ער מיט אונז.... אָט האָט ער אונז אַרויסגעוואָרפן פון דער אַרבעט, פאַרמאַכט דעם שאַפּ און הייסט אונז קומען אין צוויי וואָכן אַרום אַף נייע באַדינגונגען..."

אַ טויטע שטילקייט, פול מיט דרך־ארץ און ערנסט, האָט אַ ווײַלע געהערשט.

נאָכדעם איז די שטילקייט איבערגעריסן געוואָרן דורך אַן אויסרוף פון אַן אַרבעטער: דער באַלעבאָס וויל שניידן אונזערע שכירות; מיר טאָרן דאָס ניט לאָזן...

מאָריס האָט דערפילט זיין אַמאָליקע קראַפט. איצט איז ער בכח די אַרבעטער אַף זיינע פליגלען אַוועקטראָגן, נאָר וואוהין? האָט ער אַ באַשטימט אָרט? איז ער דאָך ביז איצט געווען אַזוי נאָכלעסיק, אָפּגעשטאַנען פון וועלכער ס'איז באַוועגונג...

ר'האָט דערפילט אַ לייכטן שלעפּ פאַר'ן פּוס.

מאָריס האָט זיך אַרונטערגעבויגן.

פאַר אים איז געשטאַנען אַ יונגער אַרבעטער. זיינע אויגן האָבן פון פרייד געפינקלט, און זיין גאַנצער אויסזען האָט ווי גע־שטראַלט. ער האָט דערלאַנגט מאָריס'ן אַ פּעקל ליטעראַטור, און שטיל באַמערקט:

— פאַרטיילט עס, חבר, צווישן די ארבעטער. מיר זיינען פון א דערבייאיקן שאפ און מיר לאָקערן שוין לאַנג נאָך דעם שאפ...

מאָרים׳עס אויגן האָבן א בליאסק געטאָן. מיט אימפעט האָט ער געכאַפּט ס׳פעקל און געוואָרפן בלעטלאכווייז צו די ארבעטער.

און מאָרים איז שוין מער ניט געשטאַנען אליין. אפ׳ן העכסטן טרעפּל איז איצט מיט אים געווען נאָך א יונגער ארבעטער, און גערעדט צו די איבעריקע. ער האָט זיי גערופן צו קאָנקרעטעס:

— קומט אלע, לאָמיר זיך אָרגאַניזירן אין א יוניאָן...

ער האָט זיי דערקלערט די וויכטיקייט פון אָרגאַניזירן זיך, און אויפגעפאָדערט נאָכצוגיין נאָך אים.

נאָר אײדער ער מיט מאָרים׳ן זיינען פון בריקל ארונטער, האָבן א פּאָר רייטער זיך אין עולם אריינגעריסן. בלויע רעק האָבן אלעמענס אויגן פארבלענדט, און „קלאָבס” האָבן איבער די ארבע־טערס פּלייצעס זיך געקייקלט.

פונדערווייטנס זיינען געשטאַנען אַנדערע ארבעטער און גע־וואָרפן אויפרופן צו די אנטלויפנדיקע.

ווען מאָרים איז צוגעקומען צום ראָג פון קווארטאל, האָט ע־באמערקט צוויי ארבעטער, וואָס האָבן זיך דאָרטן פארשטעלט, כדי די פּאָליסלייט זאָלן זיי ניט זען. מאָרים האָט אויפגעכאַפּט א פּאָר ווערטער פון זייער שטילן שמועס:

— אונזער נוקלעאוס וועט האָבן ארבעט...

מאָרים האָט זיך אָפּגעשטעלט. ער איז געווען פאר׳שכור׳ט פון דער פּלוצלינג׳דיגער דערוואכונג צו אקטיווקייט. ער האָט א דורכדרינגענדיקן בליק געוואָרפן צו די צוויי ארבעטער: געוויק־סיקע בחורים מיט ליכטיקע פּנים׳ער. פון זייערע אויגן שפּרייט זיך אזא לויטערע צוגעלאָזנקייט, און ס׳איז גלייכצייטיק קאָנטיק די אָנגעשטריינגטקייט פון זייערע בליקן... מ׳זעט ווי אין זייערע מחות פיילן זיך געדאנקען... אין די קנייטשן אויף זייערע יונגע שטערנס איז פארבאָרגן די פארביסנקייט פון „מוזן” — מוזן דער־גרייכן...

מאָרים האָט מיט שטראַלנדיקע אויגן פּלוצלינג א שפּאַן געטאָן צו זיי, גענומען א פּעקל ליטעראַטור און אָנגעהויבן טיילן צווישן די צושפּרייטע גרופּן ארבעטער...

שלמה דאווידמאן

# אפן שוועל

## 1. פעני׳ס ליבע.

מוישל איז אריינגעשוואומען קיין אמעריקע אן א היטל. זיינע צעשויבערטע, שווארצע האר האבן נאך מער פארשענערט זיין שלאנקע פיגור, זיינע ברענענדיקע אויגן, זיין שמייכל.

די ערשטע פאר ווערטער, וואס ער האט בא זיין אריינקום אין זיין שוועסטער׳ס הויז ארויסגעווארפן, זיינען עפעס געווען אזעלכע מאדנע, וואס זיין שוועסטער און ביסל משפחה, וואס זיינען אים געקומען מקבל פנים זיין, האבן געהערט אמאל אין א יובל, ווען א סטרייק ברעכט אויס:

„קינדער, אייער ניו יארק געפעלט מיר, דא איז דא אן אינדוסטריע, א פראלעטאריאט, א באוועגונג. ס׳קוקט מיר אויס, ווי מענשן פליען דא איבער דעכער, הייזער פארן ארום און מויערן גייען צו־פוס — ס׳איז גוט".

משפחה האט זיך צולאכט, כאטש זיי האבן ניט ריכטיק אויפגענומען זיין מיין. זיי זיינען אבער געווען זייער אויפגע־לייגט און צופרידן פון דעם גרינעם, ווי היימישע געסט, וואס באלעקן זיך פון אן איינגעמאכטס און קענען ניט טרעפן פון וואס ער איז געפרעגלט.

מוישל איז באלד ארויף אין שאפ. דער שוואגער האט אים ארויפגענומען און דערוייל געמאכט אים פאר אן אונטערפרעסער.

בא זיין שוועסטער אין שטוב האט מוישל געמאכט א גאנצע רעוואלוציע: די קינדער האבן אנגעהויבן ריידן אידיש. ער האט זיי אפגעקויפט מיט די ערשטע עטלאכע מעשה׳לאך. דערנאך זיינען אים די קינדער נאכגעלאפן ווי הינטלאך:

„דערציילֿ אַ מעשה'לע, מוישלֿ".

נאָר ער האָט זיי געפּאַטשט אין די בעקלאַך:

„אַליין לייענט, איר זיינט שוין גרויסע מענטשן".

ער האָט זיי געבראַכט קינדער־ביכלאַך און די מאַמע האָט זיי, נעבאַך, געמוזט פאַרלייענען.

מיט אַמאָל האָט ער זיי גאָר אַוועקגעפירט אין אַ אידישער ארבעטער־שול און באַפוילן:

„מיין טייערער שוואָגעריק, צאָל, דאָס איז דיין חברה", און דער שוואָגער האָט געשמייכלט.

„אַט אַ חברה־מאַן דיין ברודער איז" — קומט פון דער ארבעט מאָרים און דערציילט זיין ווייב — „מיר האָבן דאָך אים היינט אויסגעקליבן פאַר טשערמאַן אין שאַפּ. הער אַ מעשה פון אַ שלאַק. ער איז דאָך ערשט דריי מאָנאַטן אין שאַפּ, איז ער שוין מיט אַלעמען אַף דו, ווי געבוירן אין איין שטאָל. אַלע זיינען פאַר אים די כפּרה — כאָטש אין פייער אריין.

יעדער קריגט פולע שכירות, מען קריגט שוין ניט די קאָנ־ווערטלאַך שטילערהייט, ווי גנב'ישע געלט. דער שאַפּ איז געוואָרן פול מיט לעבן, ווי מוישל זאָל דאָס האָבן אַ כשוף'דיקן קוואַל אין בויך און אַלע טאָג פּאָמפּעט ער ארויס אוצרות מיט שמייכל פאַר יעדן".

די שוועסטער איז צופרידן, וואָס זי האָט אריבערגעבראַכט אַזאַ ברודערל פון פוילן.

אמת, שוועסטער און שוואָגער קנייטשן זיך די שטערנס:

„וואו ווערט דער גרינער פאַרפאַלן ערגעץ אַלע נאַכט?"

נאָר מוישל ענטפערט זיי מיט אַ שמייכל: „מיטינגען, ארבעטער אין ניו יאָרק זיינען דאָ אַ סך, איר פאַרשטייט, קינדערלאַך?" — און ער לויפט שוין שנעל אין זיין צימערל שלאָפן. שוועסטער און שוואָגער קוקן זיך איבער: „מסתמא, אַז ער זאָגט, ווייסט ער".

אַלע זונטיק כאַפּט זיך מוישל אריין צו פעני'ן, אַ שכנ|יש אמעריקאַנער מיידל. ער האָט זיך מיט איר באַקענט אין זיין ערשטער וואָך אין אַמעריקע. ער האָט מיט איר באַלד געשלאָסן אַן אָפּמאַך: ער וועט זי לערנען אידיש און פּויליש,

און זי אים — ענגליש, פון דער פוילישער שפּראַך האָט זי זיך באַלד אָפּגעזאָגט, אידיש — לערנט זי נאָך, נאָר קענען וויל זי ניט אַזוי, ווי זי וויל אים קוקן אין די אויגן. דאָרטן געפינען זיך צוויי פייערלאַך, וואָס ברענען און בריען און ווערן ניט פאַרלאָשן, ווי דער שרפה'דיגער דאָרן, וואָס האָט זיך באַוויזן צו אונזער פאַסטוך משה'ן.

האָט מוישל געזען, אַז זי איז פאַרקנאַסט אין אים, ווי אַ שכור נאָכ'ן זעקסטן גלעזל, האָט ער זי אָנגענומען באַם קעפּל, ווי אַ שוחט — אַ הינדל, און איר צוקושט די באַקן, די ליפּן, די אויגן און צו איר אַזוי געזאָגט:

„ווילסט איך זאָל דיך ליב האָבן?"

„יאָ, מוישל", — האָט פעני נאַאיוו אַרויסגעזאָגט. דערנאָך האָט זי אַ צעטומעלטע, אַ צעפּאַטלטע מיט גלאַנציקע אויגן אַריינגעקוקט מיט אַזאַ געבעט:

„יו רילי מין איט, מוישל?"

מוישל האָט געשמייכלט און זי געגלעט:

„אויב דו וועסט ניט פאַרבן די ליפּן און מיר העלפן קעמפן פאַר'ן אַרבעטער קלאַס, וועל איך דיך ליב האָבן".

און מוישל איז געבליבן שטעקן פעני'ן אין האַלז, ווי אַ ביין, ניט אַראָפּצושלינגען און ניט אויסצושפּייען. מוישל איז שיין, גוט און לעבעדיק. נאָר וואָס מוטשעט ער זי מיט זיין קאַמף, זי וויל ליבע.

אירע עלטערן האָבן עפּעס אויך ניט געקענט צעקייען די פּירה־מוישל. „ער האָט אַ אידישן טעם, נאָר ער איז טערבקע", האָט דער טאַטע זיך געקנייטשט, ווי ער קרימט זיך מיט אַ שלעכטן קונה אין זיין גראָסערי: „אָנהאַלטן איז שלעכט, אוועק־וואַרפן — איז נאָך ערגער".

„מיר געפעלט ער דוקא" — האָט די מאַמע געזאָגט, — „נאָר, פענעלע, פאַרוואָס לויפט ער אַרום אָן אַ היטל, ער איז דען אַ אינגעלע?" — וויל די מאַמע וויסן.

פעני שמייכלט און טראַכט באַ זיך: „וואָלטן נאָר די צרות געווען, וואָלט שוין געווען צו דערליידן, נאָר זיין קאַמף, מיינע טייערע, ווייסט איר נאָך ניט".

זי האָט, נעבאַך, געלייענט די בראַשורן, וואָס מוישל האָט איר געבראַכט, מיט אַזאַ גרויסן אַפּעטיט, ווי אַ „קינסטלער“ קוקט אַריין אין אַ וויסנשאַפטליכן בוך, אָדער ווי איינער, וואָס קייט פּאַדימדיק פלייש.

„אָט אַ פאַרשטאָפּטער קאָפּ, ווייסט נאָך ניט ווער סע שאַפט מערוועדט“, כעס׳ט זיך מוישל. פעני בעט אים ער זאָל זי נעמען בעסער אין טעאַטער. מוישל צעשמייכלט זיך ווידער, קושט זי און זאָגט צו.

---

טעג ווערן צעריבן אַף זאַמדלאַך צווישן די רעדער פון ניו יאָרק. מוישל האַלט אונטער מיט זיינע פעסטע מוסקולן דעם טאָג און לאָזט אים ניט אַוועק אַ ליידיקן. ער שניידט זיך נאָך אין אַ שטיק נאַכט אַריין. קאַמף — אַזוי פיל. לעבן — איז קורץ. לעבט ער שנעל, טייוולּיש, מיט פולן אויסנוץ.

פעני׳ס טעג זיינען לאַנגע, ציענדיקע. זי האָט נאָר איין וועג, צו מוישל׳ען. און דער וועג איז אַזוי שווער, אַזוי ווייט. וואָלט שוין בעסער געווען, ווען זי הויבט ניט אָן מיט אים. זי קלייבט זיך מיט אַ באַשלוס: „מוישל, אַהער אָדער אַהין“. נאָר זי קען ניט. זי האָט מורא. מוישל איז שטאַרקער, וועט זי פאַרשפּילן. און אפשר שפּעטער, אפשר וועט זי אים פאַרט דערגרייכן?

פיל מאָל וויל פעני טאַקע פאַרשטיין: „זי — אַן אינטעלי־גענטקע, אַרבעט אין אַן אָפיס. ער — אַ פּראָסטער אַרבעטער. נאָר וואָס פאַראַ פאַרפּלאָנטערטער אונטערשיד צווישן זיי!“ אַ שווערע אויפגאַבע, נאָך שווערער, ווי געאָמעטריע.

פאַר מוישל׳ען איז פעני געווען אַ קינד, אַ פאַרבלאָנדזשעטס, וואָס מען דאַרף אים צוזאָגן אַלע גוטע לעקעכלאַך, און ווען עס וועט קומען צוריק, וועט עס שוין אַליין דערפילן די פרייד.

---

האָט זיך אַזאַ שיינער פסח אַוועקגעשטעלט, מיט ליכטיגע נעכט און פרילינג־ווינטלאַך. אַף ניו יאָרקער גאַסן האָט זיך געפילט די אידישע יום־טוב׳דיגקייט. אידישע קינדער דרייען זיך אַרום פאַרפּוצטע און טומלען וועגן „האָלידעי“.

פעני האָט געלייגט האָפנונגען אַף יום־טוב. זי האָט געבעטן באַם טאַטן, ער זאָל איינלאַדן מוישל׳ען, האָט ער איינגעשטימט מיט איין באַדינג: „מיט אַ היטל צום סדר".

פעני איז שוין צוויי מאָל אַריין צו זיין שוועסטער און אים ניט געטראָפן. זי האָט געקוקט דורכ׳ן פענסטער און געוואַרט אַף אים, נאָר שפּעט באַנאַכט איז זי אַוועק שלאָפן אַן אַנטוישטע, זיך ניט געקענט דערוואַרטן.

אינדערפרי האָט מוישל געפונען אַ צעטעלע: „מוישל! דו מוזט קומען היינט אָוונט פּונקט אַכט אַזייגער. פעני".

מוישל האָט געקוועטשט מיט די פּלייצעס: „וואָס דאַרף זי אים?" ער האָט זיך געאײַלט, נאָך געדאַרפט זיין ערגעץ, האָט ער אינמיטן עסן זיך אַרויסגעכאַפּט און אַנגעקלונגען. פעני איז געפלויגן עפענען די טיר אַ פרייליכע, זי האָט אים דערזען אַ שמייכלדיקן, ווי שטענדיק. נאָר פּלוצים האָט זי זיך געלאָזט אַף צוריק און אויסגעשריגן: „דיר יז איט באַמעץ טו־דעי?"

מוישל האָט אָפּגעווישט די פּאָר ברעקלאַך פון די ליפּן און פון לאַץ און זיך אויך צולאַכט: „יו׳ר אַ ביג פול", און איז מיט שנעלע טריט אַראָפּגעפלויגן די טרעפּ.

פעני האָט אויסגעשטרעקט אירע הענט, ווי אַ מאַמע צו אַ קינד, נאָר מוישל איז שוין ניט געווען. זי איז געבליבן שטיין אַף דער שוועל און זיך שטיל צעוויינט.

.2

## די מאַמע.

מאַקסל איז געזעסן באַם טישל און אַריינגעקוקט אין אַ בוך. ער האָט ניט געלייענט די שורות, נאָר ווי געוואָלט באַהאַלטן דאָרטן זיינע געדאַנקען.

אַלעמאָל האָט ער אויפגעהויבן די אויגן, אַ קוק געטאָן אַף דער וואַנט, אַריינגערוקט אַ נאָגל צווישן די ציין און אים גע־גריזשעט, ווי אַ הונט — אַ ביינדל.

„יאָ" — האָט ער אַרויסגעשטופּט די אונטערשטע ליפּ און אַ הויב געטאָן דעם קאָפּ מיט אַ באַשלוס — „ער וועט אַוועק

פון הויז און פּטור". ער האָט אָבער באַלד אַראָפּגעלאָזט די אויגן און מיט דער האַנט געפּלאָכטן זיינע געדיכטע שוואַרצע האָר:
„און די מאַמע?"

די מאַמע ווייל ער ניט איבערלאָזן בײַ זיין עלטערן ברודער. ער וועט זי נאָך, דער טייוול, אָפּעסמ'ען אויך. אָך, ווי מאַקסל האָט עס פּיינט באַקומען זיין ברודער דזשעקן, ווי אַ פּויער האָט פּיינט אַ שטאָט־מענטשן, אַ שווינדלער.

אַז זיי האָבן נאָך געאַרבעט בײַ איין באַלעבאָס, איז נאָך געווען צו דערליידן. כאָטש זיי האָבן זיך אַרומגעדרייט אַ קיילעכ־דיק יאָר אין איין שאָפּ, ווי צוויי ברוגז'ע מחותנים אויף אַ היימי־שער חתונה, פונדעסטוועגן האָט מאַקסל שטענדיק פאַרשוויגן. זיין ברודער איז אַן אונטערלעקער, אַן אַלטער נאַר, וועט ער שטאַרבן אַ בהמה — און זאָל זיין שטיל צווישן ברידער.

האָט אָבער פּלוצים זייער באַלעבאָס פאַרמאַכט דעם שאָפּ, אויס פאַבריקאַנט. ער איז מיד פון ביזנעס. נו, מילא, איז אודאי אָ שיינע, ריינע כפּרה, ווינציקער אַ פּיאַווקע. לאָזט זיך אָבער אויס, אַז דער באַלעבאָס האָט זיך אַריבערגעפּעקלט קיין מאָונטעווערנען און געעפנט אַ סקעב־שאָפּ. און זיין ברודערל דזשעק איז בײַ אים דער גאַנצער פאַרמאַן.

פון דעמאָלט אָן זיצט ער ניט מיט אים בײַ איין טיש. רעדט ניט מיט אים קיין וואָרט, וואָס עס זאָל ניט געשען. די מאַמע האָט צרות, וויינט, בעט אים, נאָר מאַקסל גיט זיך ניט אונטער.

און מאַקסל פילט, אַז ער איז גערעכט. ער האָט אַ גוטן סימן אין די פאַרטאָגן, ווען ביידע ברידער כאַפּן זיך אויף צו דער אַרבעט: דזשעקל לויפט שנעל, וואַשט זיך אַרום און כאַפּט זיך אַרויס ווי אַ גנב. און מאַקסל זאָגט דער מאַמע'ן „גוט־מאָרגן", וואַשט זיך, פאַרקעמט זיך און עסט פרישטיק. ער האָט צייט, אַ באַשטימטע יוניאָן־צייט.

„נאָר וואָס טוט מען הײַנט, צום סדר?", האָט זיך מאַקסל ווידער אַריינגעגראָבן אין בוך און ניט געלייענט, נאָר ווי געוואָלט באַהאַלטן דאָרטן זיינע מחשבות.

אין עס־צימער איז שוין געזעסן די גאַנצע משפּחה: די מאַמע, דזשעק און זיין פרוי און דריי קינדער, דער פעטער מאיר,

דער מאַמע׳ס אינגערער ברודער, וואָס איז געקומען אָפּריכטן דעם סדר מיט משפּחה, זיין ווייב און צוויי קינדער.

דער פעטער מאיר האָט זיך געריבן די הענט און אונטער־געבאָמבעלט, דער ניגון זאָל אים אפנים אַרויסהעלפן אויסצולייגן די קערה, וואָס ער האָט שוין באַלד פאַרגעסן אין די זעכצן יאָר, וואָס ער איז אין אַמעריקע.

דזשעק איז אים נאָכגעגאַנגען מיט חניפה׳דיקע נעבאַך־אייגעלאַך, ווי ער גייט נאָך דעם באַלעבאָס אין שאָפּ: „וואָס דאַרפן נאָך, אַנקל?"

די קינדער אַרום טיש האָבן אָנגעמאַכט אַ טומל. עס איז היינט באַ זיי „האָלידעי", געננוי וואָס פאַר אַ יום־טוב דאָס איז, ווייסן זיי ניט. אידיש רעדן קענען זיי ניט. זיי לאַכן אָפּ פון די עלטערן: „פור פאַראייגערס, גרינהאָרנס". כאָטש זיי האָבן זיי ליב. די באָבע שפּילט זיך מיט אירע אייניקלאַך, וואָס זיינען איר אַזוי פרעמד, ווי פרעמד עס איז איר דאָס גאַנצע לאַנד. „זי האָט אודאי ניט געדאַרפט קומען אַהער, בעסער אין דער אַלטער היים אַ דאַר שטיקל ברויט, נאָר פאַרפאַלן". שלינגט די באָבע אַראָפּ אַ טרער און שמייכלט.

די באָבע פרעגט סעמעל׳ען:

„קענסטו די פיר קשיות?"

„יעס", ענטפערט סעמעלע און צעלאַכט זיך.

די קינדער פאַרוועטן זיך ווער עס קען ערגער ריידן אידיש און די מאַמעס שמייכלען פאַר פרייד: „אַמעריקאַנער קינדער".

דער פעטער מאיר טוט אָן דעם קיטל און דערפילט זיך באַלד שטאָלץ. ער איז דער איינציקער למדן אין דער משפּחה. ער איז אַ מלך.

„נו, אַלע צום טיש", באַפעלט דער פעטער. אַלע זעצן זיך אַרום. מען וואַרט אַ סעקונדע, אַ מינוט, מאַקסל קומט ניט אַריין. אַלע קוקן זיך איבער און שווייגן. דזשעק האַלט אַראָפּ־געלאָזט דעם קאָפּ און וואַרט אַף עפּעס, וואָס פילט זיך אין דער לופט, אַז עס וועט באַלד אויספּלאַצן.

משפּחה רעדט זיך דורך מיט די אויגן. שטיל, ווי אַלע וואָלטן זיך פאַרוועט, ווער עס וועט דער ערשטער אויסריידן —

פאַרשפּילט. אַלע קוקן צו דער מאַמע'ן. די מאַמע קוקט אַף דזשעק'ן. דזשעק קוקט אַפן פעטער. און אַלע שווייגן.

דער פעטער, דער שטאָלצער מלך, פאַרגעסט זיך גאָר און רופט מיט אַ בעטנדיקן טאָן: „מאַקסל, היינט איז יום־טוב, פאַרגעס, קום צום סדר".

פון מאַקסל'ס צימער הערט זיך ניט קיין ענטפער. עס האָט זיך נאָר דערטראָגן אַ שאָרך פון די פיסלאַך פון בענקל, מאַקסל האָט באַוואויגען זיין קערפער, נאָר זיך ניט גערירט פון זיין פּלאַץ.

די מאַמע האָט זיך אויפגעהויבן און זיך געלאָזט גיין צו מאַקסל'ס צימערל. זי איז געגאַנגען מיט וואַקלדיקע טריט, ווי איינער וואָס גייט אַף דער באַשולדיקונגס באַנק. אַלעמענס אויגן האָבן זי באַגלייט און תפילה געטאָן.

מאַקסל האָט דערפילט, אַז זיין מאַמע גייט, האָט ער זיך אויפגעהויבן. באַלד אַפּ'ן אָרט, האָט ער חרטה געקראָגן, נאָר אַנידערזעצן זיך האָט ער שוין ניט געקענט. איז ער געבליבן שטיין נעבן בענקל, ווי אַ גולם, אָן געדאַנקען.

זיינע אויגן האָבן זיך פאַרטשעפּעט אין אַ פּינטל אַף דער וואַנט און געבליבן דאָרטן הייגען אַ פּאָר מינוטן: „פּינטעלע, פּינטעלע, גיין צום סדר?" — פּינטעלע שווייגט.

די מאַמע האָט פריער אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ, אַ קוק געטאָן: מאַקסל שטייט און קוקט אַף דער וואַנט. זי האָט זיך אומגעקוקט. שרעקנדיקע אויגן האָבן זי געפרעגט: „וואָס הערט זיך?" די מאַמע האָט אויפגעהויבן די ברעמען: „וואָס וויים איך?"

מאַקסל האָט דערפילט אַ שטאָך אין פּלייצע פון דער מאַמע'ס בליק. ער האָט זיך אַרומגעקוקט. די מאַמע האָט געגעבן נאָך אַ שפּאַן. מאַקסל האָט געגעבן נאָך אַ טריט.

„מיין זון, קום, פאַרשטער מיר ניט דעם ערשטן סדר אין אַמעריקע. איך וויים, דו גלויבסט ניט, נאָר קום, משפחה" — האָט די מאַמע שטיל געבעטן.

מאַקסל האָט געשוויגן, געמאַכט קליינע גענג, ווי איינער

וואס איז פאר׳משפט געווארן צו זיצן און טראכטן, און דא קומט א מאמע און צים, בעט זיך.

ער האט צוגענומען זיינע אויגן פון דער מאמען. ער האט זיך געווענדט צום עלעקטרישן לעמפל, צום טיש, געבעטן הילף, נאר קיינער איז ניט געקומען.

„קום, מיין קינד“, האט די מאמע נאך שטילער און נאך ווייכער געבעטן.

מאקסל האט זיך נאך אביסל דערנענטערט נאר געבליבן שטיין, האט געטראכט, צוגעהאלטן דעם שטערן מיט דער האנט, דער קאפ זאל ניט אראפפאלן פון שווערינקייט. ער איז געקומען נאענט צו דער טיר.

אף אלעמענס ליפן האט זיך באוויזן א שמייכל, זיי האבן געזיגט. מאקסל האט זיי באקוקט מיט א פאר גלעזערנע אויגן, גלייך ווי עס וואלטן דארטן געזעסן פרעמדע מענטשן, וואס ער האט דאס ערשטע מאל דערזען.

נאר דזשעק איז נאך געשטאנען נעבן פעטער מיט אן אנגעבויגענעם קאפ און האט מורא געהאט אויסצודרייען די אויגן צו מאקסל׳ען, ווי לוט — צו סדום, מאקסל׳ס א קוק קען מאכן פון אים א בארג זאלץ.

מאקסל האט געקוקט אף דזשעק׳ן מיט א שפאטישן שמייכל. דערנאך האט זיך בא מאקסל׳ען אנגעקליבן בלוט אין פנים, די אויגן האבן זיך ווילד צעשפילט. מיט די הענט האט ער צע־שויבערט זיינע האר, געשטשירעט מיט די ציין, ווי א וואלד־חיה, וואס זוכט שפייז. ער האט ארויסגערעוועט אזוי הויך און שטארק:

„דו פאסקודנע סקעבישע נבלה, באווייז דיינע אויגן, באווייז!“

דער שמייכל איז בא יעדן אף די ליפן אפגעשטארבן. דאס בלוט האט זיך בא זיי אפגעשטעלט.

מאקסל האט געקוקט אף זיין משפחה, ווי אף א סטאדע שעפעלאך אומבאשיצטע, אן א פאסטוך. און ער האט זיי, נעבאך, אזוי איבערגעשראקן, א רחמנות.

ער האָט זיך האַסטיק אַ לאָז געטאָן צו דער דרויסן־טיר און אַוועק.

אַ בלייבע, אַן אָפּגעשטאָרבענע, איז די מאַמע געבליבן שטיין אויף דער שוועל, אָן אָנגעשפּאַרטע צו דער מזוזה מיט אויסגע־שפּרייטע צוויי הענט און אויגן אַרויף, ווי אונזער ברודער יאָסל אַפן צלם.

שלמה דאווידמאַן

# אונטערגעגאַנגענע שיפעלאַך

אַ פֿאַרנער פֿאַרנאַכט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף צענטראַל־פּאַרק. ביימער זיינען געשטאַנען פֿאַר׳חלש׳טע, זיך אויסגעצויגן פֿאַר אַ פּיצל ווינטל. מענטשן האָבן זיך געוואַקלט מידע, צעבראָסטעטע, געלעכצט נאָך אַ טראָפּן רעגן. אַ קלעפּעדיקער מיאוסער שוויים האָט געקיצלט קערפּער, אַז ס׳האָט אַזש גענודיעט ביים האַרצן.

דער הימל האָט זיך אָבער נאָך געהאַלטן גרויס און שטאַרק און הויך, אָנגעשפּאַרט פּעסט אויף די שטראַלן פֿון דער זון, איז זיך הימל שטאָלץ געהאַנגען און געדרייצט: „ווי געפֿעלט אייך מיין פֿאַרנער פֿאַרנאַכט, צענטראַל פּאַרק שפּאַצירער?״

מיך מיט סאָרקען האָט די פֿאַרענינע שרעקלאַך געפּרעגלט און אויפגעבראַכט: „אַזאַ חוצפּה. מיר וועלן גיין צום וואַסער!״

דערפֿאַר האָבן מיר אויך געקאַפּריזנעוועט. מיר זיינען ניט געגאַנגען מיטן גראָזיקן וועג, וואָס פֿירט צו די שיפלאַך. מיר האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט צום ווייסן שטיבל, פֿאַר מענטשלאַכן געברויך, הימל צו באַווייזן, אַז מיר קענען זיך באַהאַלטן.

אויף די ערשטע טרעפּ האָבן מיר נאָך געבלאָזן פֿאַרע. נאָר וואָס נידעריקער מיר האָבן געשפּאַנט, האָבן זיך אונזערע שמועסן אַראָפּגעלאָזט. וואָס רעדט מען, ביז די נאַכט קומט אָן? ליטעראַטור, מוזיק, מאַלעריי און אַנדערע נאַרישקייטן.

ווען מיר זיינען אַראָפּ צום ברעג, האָט סאָרקע אויפגעהאַנגען אירע שוואַרצע אויגן אויפן הימל און זיך אודאי געטראַכט: „ביזט אַזוי נאַריש, ווי דער בחור, וואָס נודיעט מיט אויסגעדראָשענע פֿראַזן״.

נאָר ווען סאָרקע האָט איר ברוינלאַך פּנים אָפּגעשפּיגלט אין וואַסער, האָט זי דאָרט מסתמא דערזען, אַז איך בין גאָר ניט אַזוי מיאוס און לעפּיש. ניט מער, ס'איז אַ פּאַרנעפּלטער פאַרנאַכט, וואָס קען מען טאָן?

האָבן מיר זיך דערווייל צוגעשפּאַרט צום צוימל, וואָס היט די גרענעצן פון טייך. דאָ וועלן מיר שוין וואַרטן אויף דער נאַכט. איך האָב דערקענט אין סאָרקע'ס פּנים, אַז זי איז מיד, צעפּאַרעט און בייז. האָבן מיר געשוויגן, געקוקט אין וואַסער, וואָס האָט זיך געוואָרפן מיט אונזערע בליקן: פון מיר צו איר, פון איר צו מיר.

ווי לאַנג קען מען זיצן ליידיק. וואָס טוט מען? דערווייל האָט מיר די צייטונג דערמאָנט, אַז איך האַלט זי אין האַנט. איז מיר איינגעפאַלן אַ געניאַלער געדאַנק: ווערן צוריק אַ קינד, כאָטש אויף איין מינוט. כ'האָב צופערטלט דעם בלאַט שטיל, כ'זאָל ניט שטערן סאָרקע'ס טראַכטן. די פערטלען אַרומגעבויגן, פאַרקנייפּט שטייף, די ווענטלאַך זאָלן זיך האַלטן לאַנג. כ'בין אַריבער דאָס צוימל און זיי אָפּגעלאָזט מיט'ן וואַסער: „שיפּעלאַך, שיפּעלאַך, כ'בין צוריק אַ קינד באַם ברעג פון דניעסטער".

מיט אַמאָל האָט זיך אויף סאָרקע'ס פּנים אָנגערוקט אַ כמאַרע. אירע אויגן זיינען געוואָרן בייז און ווילד, אַז כ'האָב זיך אַזש דערשראָקן.

„טו דאָס ניט, טו דאָס ניט!" — האָט זי זיך צעשריגן מיט כעס.

איך בין צו אַ צעטומלטער. איך האָב אָנגענומען אירע הענט און זיך געבעטן, ווי אַן אומשולדיקער:

„פאַרוואָס, סאָרקע, ביסטו אַזוי ברוגז? איך וויל ווערן אַ קינד? ס'איז מיר דעמאָלט אַזוי גוט געווען!"

„און איך וויל שוין מער קיין קינד ניט זיין, כ'וויל ניט מער קיין שיפּעלאַך", — האָט זי אַוועקגענומען די אויגן פון וואַסער און זיי אַריינגעשטאָכן אין מיינע ווייסע הענט.

איך האָב שטייפער איינגעשלענגלט אירע ברוינע פינגער אין מיינע ווייסע, און בעטנדיק באַפוילן:

„דו מוזט דערציילן, סאָרקע, מיינע שיפעלאך האָבן דיך אָן צער דערמאָנט".

סאָרקע האָט ארויסגעשלעפּט אירע פינגער, אויסגעגלייכט די ציגיינער־האָר, מיר אריינגעשטאָכן א פּאָר בליקן, וואס האָבן דורך מיינע אויגן, ארומגענישטערט אין מיין האַרץ און צוריק צו איר געקומען פריינטלאכע. האָט זי בליקן אין זיך באהאלטן און דערציילט א מעשה:

„איך בין פערצן יאָר. צעפּלאך — שווארצע סאמעט. ליפּן — רויטע קארשן. אויגן — קרישטאָל־קוואלן. איך שוועב אין וועלט פון חלום. לעב אין נאכט־זעאונגען.

אין צווייטן צימער וואוינט מיין יונגער פעטער סאשע. א בלאָנדער קאָפּ־האָר, ווי א זילבער־גאָלד קרוין. אויגן בלויע — פריילינג־הימלען. א פּנים — פּערלמוטער. פעטער סאשע איז צוויי־און־צוואנציג. א דיכטער, שרייבט לידער באנאכט. פון פּע־טערבורג און מאָסקווע קומען צו אים זשורנאלן, צייטונגען.

ער שפּאצירט מיט אלע שענסטע מיידלאך פון שטאָט. מיך פארדריסט עס. איך האָב מורא אימיצן דערציילן. סאשע שפּילט מיט מיר, ווי מיט א קינד. איך לויף פאר אים, ניט ווי פאר א פעטער.

סאשע שענקט מיר א בוך מיט גאָלדענע ראמען. דאָרטן באהאלט איך מיינע סודות. איך שרייב לידלאך, בריוולאך, שטי־מונגען. קיינער טאָר ניט וויסן. איך שלאָף מיט'ן בוך אין בעט. איך היט עס טאָג און נאכט.

ווי מיר אין צענטראל־פּארק, איז סאשע אמאָל אוועק מיט ליזע'ן אין שטאָט־גאָרטן. כ'האָב געוויינט, ווייל ליזע האָט גע־האט א שלעכטן נאָמען. איך האָב געוואָלט, אז סאשע זאָל זיין ריין.

מאמע האָט מיט מיר אמאָל שפּאצירט. מיך געשטראָפט, געזידלט ליב, ווי א מאמע. כ'האָב געוויינט.

מלחמה. שטורמדיקע טעג. סאשע איז אוועק. כ'האָב ניט פארגעסן. א טאָג — א נייער בלאט אין מיין גאָלדענעם טאָג־בוך.

פיר יאָר. רעוואָלוציע. מיט אמאָל — סאשע איז אריין

מיט אַ געלעכטער. און מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער לאַכט פון מיין בענקעניש. אַנדערש האָט ער שוין געקוקט אַף מיר. זיינע אויגן האָבן מיך אויסגעטאָן נאַקעט. כ׳האָב געוויינט. כ׳האָב אים פיינט באַקומען. זיין מויל — צעפּוילט פון פיל פרויען. זיין שמייכל — ציניש. עקלדיקע הענט.

סאַשע איז אַוועק. מיין בוך איז געבליבן. נייע בלעטלאַך פאַרשריבן.

פּעטליורישע סאָלדאַטן אין שטאָט. פּעטליורישע סאָלדאַטן אין מיין צימער. אַ נאַכט פון פינסטערניש און רעגן. פּרי. איך קוק אַרוים אין הויף: פּעטליורישע סאָלדאַטן לאַכן. האַלטן די טאָוולען פון מיין בוך. רייסן בלעטלאַך. שפּעטן פון מיין שפּראַך. מאַכן שיפּעלאַך פון בלעטלאַך. טרייבן זיי אַף די רעגן־טייכלאַך".

סאָרקע איז געבליבן שטיל. די האַמערדיקע ווערטער זיינען זיך צעפאַלן. כ׳האָב זיך אויפגעכאַפּט. נאַכט איז אָנגעקומען. מיינע שיפלאַך האָט וואַסער שוין פאַרטראָגן. וואָס זאָגט מען איצט צו סאָרקע׳ן? איך שווייג. געדאַנקען קלאַפּן האַמטיק אין מיין מוח.

מיר שווייגן.

ערשט איצט האָט זיך דערטראָגן דאָס געשפּיל פון אָרקעסטער.

„סאָרקע, הער, עס שטורמט דאָרט אַ פרייד פון קלאַנגען, שעלינג׳ס „ליד פון דעם נצחון", זיי זאָגן אָן פון נייע צייטן, נייע שיפן, קום!"

סאָרקע האָט מיר דערלאַנגט אַ טרויעריגן בליק.

„סאָרקע, פאַרגעס — קום אַנטקעגן נייע זיגן".

מיר האָבן זיך דערנענטערט. טויזנטער קעפּ האָבן זיך געוואַליעט. אַ ים מיט מענשטן. קעפּ — שיפלאַך הוידלען זיך.

„סאָרקע, קוק אַף די פידל־שפּילער. זיי פירן מיט די סמי־טשיקעס, ווי מיט ריטער. פידלען — שיפלאַך, קאַפּעלמייסטער — קאַפּיטאַן. טענער כוואַליען זיך אין אָקעאַן פון קלאַנגען. ס׳קומט אָן אַ נייע שיף, אונזער פרייע שיף".

מיינע ווערטער האָבן ניט געהאָלפן. סאָרקע האָט איר טרויער פון פּנים ניט אַראָפּגעוואָרפן.

דער אָרקעסטער האָט פאַרענדיגט, די מענטשן האָבן זיך אַרויסגעכוואַליעט פון צענטראַל־פּאַרק.

דעם גאַנצן וועג האָבן מיר געשוויגן. מיר איז היינט דאָס רעטעניש „סאָרקע" קלאָר געוואָרן. דעריבער העננגען שטענדיק אירע אויגן אין דער לופטן, אירע בליקן זוכן ערגעץ־וואו די אונטערגעגאַנגענע שיפעלאַך, וואָס פּעטליורישע סאָלדאַטן האָבן אין רעגן־טייכעלאַך געטריבן. שיפעלאַך פון אַ גאָלדענעם טאָג־בוך.

און מיר האָט עפּעס אַזוי באַנג געטאָן. כ'האָב סאָרקע'ן עפּעס אַזוי מקנא געווען. כ'בין געשטאַנען שטונדן נעבן איר טיר. זי ניט געלאָזט גיין שלאָפן. כ'האָב געוואָלט היילן אירע וואונדן. נאָר סאָרקע האָט געשמייכלט. זי האָט מיך אָפּגעחוזק'ט.

„סאָרקע, כ'וועל דיר קויפן אַ גאָלדענעם בוך, אָנשרייבן אַלע דיינע לידלאַך, נאָר זאָג מיר צו, אַז דו וועסט דיינע בליקן באַרואיקן".

סאָרקע האָט זיך צעלאַכט: „ביסט אַ קינד. גוט־נאַכט!" און זי איז אַריין אין הויז.

איך בין נאָך געבליבן אַביסל העננגען אַף דער טיר, ווי אַן אומשולדיגע מזוזה. דערנאָך האָב איך זיך געוואַקלט איבער גאַסן, ווי אַ פאַרבלאָנדזשעטע שיפל אינמיטן ים. כ'האָב ניט געוואָלט אַהיימגיין. ס'האָט זיך מיר געגלוסט שוועבן אין דער לופטן, ווי סאָרקעס בליקן, און זוכן די אונטערגעגאַנגענע שיפעלאַך.

מאַקס פּערלאָוו

# מערי

.1

פאַר מערי'ן איז אין אָנהויב ניט קלאָר געוועזן צוליב וואָס זי האָט אויסגעלאָשן דאָס עלעקטרישע ליכט אין אַלע צימערן און בלאָנדזשעט אָט־אַזוי־אַ אַרום פון איין חדר אינ'ם צווייטן; דאָס איז פאַר איר געוועזן ניט קלאָר, אָט פונקט אַזוי ווי ס'איז פאַר איר ניט קלאָר, וואָס זי, מערי, טוט דאָ אין אַלגעמיין, איינע אַליין איבער אַזוי פיל חדרים.

ווען זי איז פאַרבייגעגאַנגען דעם זאַל, וואו אין דער פינס־טערניש האָט דער שפּיגל אַ בלאַנק געטאָן, האָט זי מיטאַמאָל ס'ליכט אָנגעצונדן און איז געבליבן שטיין אין איר גאַנצער לייננ פאַר'ן שפּיגל.

זי האָט אימפּעטיק איר נאַכט־כאַלאַט אַן עפן געטאָן און מיט אַ ציין־קריצנדיקן שמייכל אָנגעהויבן גלעטן יעדן גליד אירן, גע־פירט מיט די פינגער פון אַקסל איבער די בריסטן און צוריק...

איר קערפּער האָט זיך אַלע ווײַלע אַ טרייסל געטאָן און בעת מעשה האָט זי שטייף געקנייפּט איר אייגן לייב...

דאַר, אָפּגעצויגן איז איר פּנים געוועזן; ווען אַ שמייכל האָט זיך איבער אירע ליפּן געשנירלט, האָבן זיך צוויי קנייטשן אויף ביידע זייטן מויל באַוויזן.

און צוזעענדיק דאָס אַלץ אין שפּיגל, האָט נאָך מערי ברייטער זיך צעשמייכלט; זי האָט אַ פויסט צונויפגענומען און איר גע־מאָסטן אין די צוויי גריבער, וואָס האָבן זיך אין האַלז צווישן די ביינער איינגעגראָבן.

נאָכדעם האָט זי ווידער אָנגעהויבן צו גלעטן איר לייב, פירן מיט די פינגער פון אַקסל איבער די בריסטן און צוריק...

מערי בלייבט שטיין פאַרטראַכט און וויל זיך אָפּגעבן אַ חשבון צוליב וואָס זי טוט דאָס. אָן אומעט באַדעקט מיטאַמאָל איר פּנים. מיט פּאַוואָליע טריט גייט זי עטלאַכע מאָל דעם חדר אַדורך און פאַרלעשט ס'ליכט; זי בלייבט זיצן אין סאָפע אַ פאַרטראַכטע. אין איר פאַרטראַכטקייט מישן זיך אויס צו־זאַמען דאָס כראָפּן פון'ם קינד אין אַ דערבייאיקן חדר און דער טיק־טאַק קלאַפּ פון'ם זייגער; און צוזאַמען קלאַפּן זיך אויס, דאַכט זיך, דריי ווערטער, און עס האַלט אַזוי אָן צו קלאַפּן די גאַנצע צייט:

„מערי, דאָס ביסטו?... מערי, דאָס ביסטו?..."

און ס'קאָן זיך טאַקע ניט גלויבן, אַז מערי זיצט דאָ אַליין אין סאָפע אַ פאַרטראַכטע און פאַר'יואש'טע, ווייל דער נאָמען מערי איז דאָך פאַר אַלעמען געווען ווי אַ סימבאָל פון לעבען און קאַמפּס־לוסטיקייט; ווייל מיט דעם נאָמען מערי האָבן דאָך אַ סך עלטערן זייערע קינדער געשטראָפט און געהייסן זיך פון איר אַ ביישפּיל נעמען; ווייל מערי איז דאָך געווען די „אַמעריקאַנער רעוואָלוציאָנערקע".

מערי איז געבאָרן געוואָרן בא אָרימע עלטערן אין איינעם פון די טענעמענטס הייזער אף דער „איסט סייד"; מערי'ס עלטערן האָבן געמאַכט אַ געדריקט לעבן און כדי זייערע קינדער צו דער־נערן האָבן זיי ביידע, סיי טאַטע, סיי מאַמע, געמוזט גיין אר־בעטן.

מערי איז געווען אַ שוועסטערל צו נאָך אַ פּאָר קינדערלאַך, צוזאַמען פלעגן זיי אַרומפּוויזשען איבער די פאַרלאָזענע און פאַר־אומרייניגטע פּאָר חדרים און, גריזשענדיג פאַרדאַרטע שטיקלאַך ברויט, רופן: מאַמע, מאַמע!...

נאָכדעם, ווען מערי איז אביסל אונטערגעוואַקסן, איז זי שוין געווען אַ „שוועסטערל" צו אַ סך קינדערלאַך, וואָס פלעגן אַרומבלאָנקען איבער די שמוציקע איסט סיידער גאַסן, מיט אָפּ־געצווינגענע, פאַרגעלטע פּנימ'לאַך און פאַר'חלש'טע הערצלאַך.

און ווען מערי איז נאָך עלטער געוואָרן, איז זי ווידער געווען איינע פון אַ סך קינדער, וואָס קומען אין די שולן זיך לערנען, און זייערע הערצעלאַך פאַלן אַרויס...

אלס קליין קינד האָט מען בלויז געקאָנט באמערקן, אז מערי לערנט זיך גוט; די „סקול" איז בא איר געווען ווי א פּארטריי־בונגס־מיטל צום הונגער; מערי פלעגט שלינגען דאָס לערנען און האלטן אין איין „סקיפּן". טאטע־מאמע האָבן זיך געפרייט. נאָכ'ן שווערן טאָג ארבעט איז מערי פאר זיי געווען ווי א דער־פרישונג. א הייל־מיטל; זייערע פּנים'ער פלעגן אויפלויכטן, ווען מערי פלעגט ברענגען אלע מאָל נייע דאָקומענטן פאר איר גוט זיך אויסצייכענען אין קלאס.

דאָס האָט אָבער אויך אָפּט אַן אומעט אַף זייערע פּנים'ער ארויפגעצויגן, ווייל זיי האָבן זיך דערמאָנט, אז מערי דאַרף באלד אוועקגענומען ווערן פון שול.

מערי האָט זיי אָבער אומעטיק ניט געלאָזט זיין. איר קינ־דערש מח'ל האָט באגריפן, אז די קינדער ווילן מוזן פארבייטן זייער מאמע'ס ארבעט, און מערי פלעגט גלעטן דער מאמע'ן איבער'ן פּנים און זאָגן: „ניט וויין, מאמעלע, ווייל אָט נאָך א יאָר און איך וועל אונטערוואקסן און קענען גיין ארבעטן; אויך דאָס לערנען וועל איך ניט אוועקוואַרפן, כ'על גיין אין נאכט־שול און לערנען... ניט וויין, מאמעלע..."

אזא קינד איז מערי געווען, און די עלטערן האָבן מיט איר ניט געוואוסט וואָס צו טאָן; געוואוסט האָבן זיי, אז ס'איז שווער עפּעס צו דערוואַרטן פון א קינד, וואָס ווערט פארלאָזט פון עלטערן אַף גאָט'ס באַראָט, און אז פון א קינד, וואָס וואל־גערט זיך איבער די איסט סיידער גאסן איז שווער עפּעס צו פאר־לאַנגען... מיט מערי'ן איז אָבער געווען דאָס פארקערטע, ווייל די אלע איבערלעבונגען אין איר קינדהייט האָבן פאר איר געדינט ווי א גוטער לערער...

און מערי איז דאָס געווען די יעניגע, וואָס האָט אין זייער הויז לעבן אריינגעבראַכט: מערי איז אוועק ארבעטן ווען זי איז נאָך גאָר א קינד געווען; זי האָט אָבער פארגעזעצט דאָס לער־נען זיך מיט'ן זעלבן פלייס... מערי האָט אין די אָוונטן געענ־דיגט די הויך־שול. זי האָט אריינגעבראַכט יעדע וואָך אירע עטלאַכע דאָלער שכירות, און דאָס האָט שוין דערלויבט איר מוטער צו ווערן א באַלעבאָסטע אין הויז. די חדרים האָבן אויפגעלויכטן,

אויפגעראַמט און ציכטיק... מערי ברייננט אירע חבר׳טעס און חברים און פילט אַן ס׳הויז מיט געזאַנג און געלעכטער. די על־טערן האָבן הנאה צוקוקנדיק ווי זייער קינד וואַקסט, ווי איר קערפּער אַנטוויקלט זיך אַזוי גראַציעז.

אין אַ פּאָר יאָר אַרום איז מערי געוואָרן אַן אַקטיווע טוערין אין דער יוניאָן, וואו זי האָט באַלאַנגט.

מערי איז אין אַקטיווקייט געווען שטריינג, אינגאַנצן איז זי אין יענער צייט אַלט געווען אַכצן יאָר, נאָר איר ערנסטקייט צו דער אַרבעט האָט שוין אַלעמען באַרוישט. יעדערער איז געווען אַנגעפּילט מיט דרך־אֶרץ פאַר מערי׳ן.

מערי איז געוואָרן אַ מיטגליד אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און זי האָט אויך אירע עלטערן אַהין אַריינגענומען אַלס מיטגלידער. דערפאַר איז דאָך קיין וואונדער ניט, וואָס אַלע האָבן זיך מיט איר געפרייט און זי גערופן „די אַמעריקאַנער רע־וואָלוציאָנערקע.״

## .2

געזעסן איז איצט מערי אין סאָפע אַ פאַרטראַכטע. יעדעס מאָל, וואָס דער זייגער פלעגט אויסקלינגען אַ האַלבע אָדער אַ גאַנצע שעה, פלעגט מערי׳ן אַ שטאַרקער זעץ טאָן אין האַרצן.

מערי געדיינקט איר פאַרגאַנגענהייט און זי איז איר ליב. מערי וויל טראַכטן וועגן יענע טייערע טעג, נאָר ווען זי הויבט אָן וועגן זיי צו טראַכטן, וועבט זיך פאַר אירע געדאַנקען אַזאַ בילד: שטאָק פינסטער איז געווען אין יענעם ווינקל, וואו זיי זיינען ביידע געזעסן. דער אַרום איז געווען באַדעקט מיט צע־וואַקסענע און צעשפּרייטע צווייגן, וואָס האָבן ווינטל׳דיג געבלאָזן און געגלעט ביידנ׳ס פּנים׳ער. מערי האָט פון צייט צו צייט געוואָרפן אירע בליקן אין דער ריכטונג, וואו אפילו די געדיכטע פינסטערניש האָט אויסגעטיילט ווילי׳ס פיגור. ווילי האָט אירע בליקן געפילט. הגם ער איז געזעסן מיט אומעטיג־אַראָפּגעלאָזטע אויגן, האָט זיך אָבער זיין שטאַרק צאַפּלדיק האַרץ פון יענע בליקן נאָך מערער אָנגעהויבן צו צאַפּלען, און די ליפּן האָבן שטיל גע־מורמלט:

— יע, אזוי איז דאָס לעבן!...

פאַר עמיצן אַנדערש וואָלט דאָס אפשר געווען אַ רעטעניש: ווי אזוי איז דאָס? אַ בחור, אַ געזונטער, מיט אַ פול־בלוטיקן קערפּער־געבוי, מיט תאווה'דיקע בליקן און באַגערנדיקע אברים; זיצט ער לעבן מערי'ן, אַ יונג, אַכצן־יעריק מיידל מיט רונדע, הויכע בריסטן און אַ פיבערדיק וועזן, זיצט עס ווילי אין דער פינסטערער נאַכט אָפּגערוקט אביסל פון'ם מיידל, די קני ארומ־געפלאָכטן מיט די פינגער, און רירט זיך אפילו צו איר ניט צו. פאַר זייביידן איז דאָס אָבער קיין רעטעניש ניט געווען: מערי'ן האָבן אַלע רעספּעקטירט און קיינער האָט קיינמאָל ניט געוואגט זי צו באַרירן ווי אַ מיידל; ווייל מערי האָט געהאַט אַ באַפוילנדיקן בליק און אַ שטרייִנגן טאָן... מערי האָט אָפט פאַר־בראַכט מיט בחורים. אין יענע אָוונטן אָבער האָבן זיי גערעדט וועגן געזעלשאַפטלאַכע ענינים, זיך אויסגעביטן מיט מיינונגען — און דאָס אַלץ...

ווילי איז געווען דער ערשטער, וועמען מערי האָט ליב גע־האַט מיט איר גאַנצן נשמה־פיבער. מערי האָט אים ליב גע־קראָגן נאָך פון יענעם ערשטן טאָג, ווען זי האָט אים ווי אַ רעדנער אין זייער יוניאָן געהערט. יונג און ענערגיש האָט ער גערעדט; פון זיינע רייד האָט געשפּראָצט מיט יונגן, אמת'ן אידעאַליזם. מערי האָט זיינע ווערטער ווי פּערל געקליבן. מערי האָט אים ליב געקראָגן...

פלעגט מערי מיט ווילי'ן אָפט שפּאַצירן און דיסקוטירן, און זיי האָבן ביידע דערפילט זייער נאָנטקייט פון איינעם צום צווייטן... ווילי איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט געוואַגט צו פּרואוון מיט זיינע פינגער איבער איר קערפּער צו שפּאַצירן... ווען אָבער ער האָט באַגעגנט מערי'ס שאַרפן בליק, האָט זיך ווילי אַ פאַרשעמטער אָן אַ זייט אָפּגערוקט, און שטיל גע־פרעגט:

— עקספּלואַטיר איך אייך, מערי?

און מערי האָט געשוויגן.

און אָט, אפשר צום ערשטן מאָל אין איר לעבן, זיצט מערי מיט עמיצן און שווייגט שטיל, און רעדט ניט, און דיס־

קומירט ניט... און אפשר צום ערשטן מאָל אין איר לעבן האָט מערי א טראַכט געטאָן, אַז אידעאַליסטן זיינען אויך מענטשן... אַז ווען ווילי האָט מיט זיינע פינגער איר קערפּער געוואָלט באַרירן, האָט זי, וויבאַלד זי האָט אים ליב, אים ניט באַדאַרפט געוועןאָפּשטויסן... און מערי האָט דערפילט אַ רעגונג אין דעם וואָס ווילי, דער פול־בלוטיקער יונג, זיצט מיט די פינגער אַרומגעפּלאָכטן איבער די קניעס...

זי האָט אין יענער מינוט דערזען אין געדאַנק ווילי׳ן, ווי ער רעדט פאַר עטלאַכע הונדערט אַרבעטער, און מיט וואָס פאַר אַן ענטוזיאַזם זיי נעמען אויף זיינע האַרציקע, אמת׳דיקע לאָזונגען.

### 3.

ניט קלאָר איז פאַר מערי׳ן, וואָס זי טוט דאָ איינע אַליין אין אַזויפיל חדרים, ווייל מיאוס זיינען זיי דאָך איר, אָט די חדרים מיט׳ן גוטן מעבל און רייכע טעפּיכער...

יעדעס ברעקעלע אין אָט־דעם רייכן הויז דערמאָנען דאָך, אַז ווילי איז היינט אַן אַנדערער, אַז ווילי געפינט זיך איצט ערגעץ, וואו ער מאַכט פאַרשווערונגען געגן די אַרבעטער... מערי איז נאָך אַלץ ווי אַמאָל... איר לעבן איז אָבער אַוועק אין אַן אַנדער ריכטונג; מערי, ווען זי האָט חתונה געהאַט מיט ווילי׳ן, איז געווען די גליקלאַכסטע אין דער וועלט. אָט, האָט זי געטראַכט, אויב איך וועל דעם קאַמף ניט קאָנען פאָרטזעצן, וועט אָבער ווילי דאָס טאָן... ווען מערי האָט געבאָרן אַ זונעלע, האָט זי אים מיט פרייד און ליבע דערצויגן האָפנדיק, אַז דאָס וועט אַ צווייטער ווילי אויסוואַקסן. פלעגט מערי זיצן אין הויז און אַכטונג געבן אויפ׳ן קינד... פלעגט מערי טאָן די הויז־אַרבעט, און אין די פרייע מינוטן לייענען ביכער און צייטונגען; מערי פלעגט פאַר ווילי׳ן וואַרטן מיט שטראַלנדיקע אויגן, ווען ער פלעגט פון אַ מיטינג דאַרפן קומען... מיט אָפענע אָרימס פלעגט זי אים אפּ׳ן שוועל באַגעגענען און מורמלען: מיין טייערער, שטעלפאַרטרעטער...

און ווען ווילי איז געוואָרן אַ באַצאָלטער באַאַמטער אין דער

יוניאָן איז צו מערי׳ס גליק קיין שיעור ניט געווען, ווייל דאָס באשטעטיקט דאָך נאָכאמאָל, אַז די אַרבעטער האָבן אים ליב...

איצט וואַרט מערי אויך פאַר ווילי׳ן, איר ווילי׳ן. עטלאַכע יאָר זיינען אָט פון יענער גליקלאַכער צייט פאַריבער. אָך, וואָס אָט־די עטלאַכע יאָר האָבן „אויפגעטאָן״: ווילי׳ן פאַר אַ גביר געמאַכט, ווילי׳ן אַ שיינע גרויסע הויז מיט גוטן מעבל געקויפט, ווילי׳ן געמאַכט גראָב, קיילאַכדיק און פעט...

מאָדנע: יעדן שריט געדיינקט זי איצט, מערי. הלואי וואָלט דאָס אַלץ געקאָנט אויסגעמעקט ווערן פון אירע געדאַנקען... זי געדיינקט זייער אַמאָליקע ליבע, זיין אידעאַליזם. זי געדענקט יעדן שטאַפּל, וואָס זי האָט געקלעטערט ביז איצטיקן אַרונטער־פאַלן... זי געדיינקט דאָס אַלץ...

העלפן ניט די שיינע חדרים און גוטע מעבל. פאַר מערי׳ן איז אַלץ איינג און מיאוס געוואָרן; דערפאַר איז איר פנים דאַר און אָפּגעצויגן... דערפאַר זיצט זי איינע אַליין דריי אַזוי־נער באַנאַכט און חלומ׳ט פון צייטן פאַרגאַנגענע...

און די וויזערס רוקן זיך פאָראויס. וואָס ווייטער זיי רוקן זיך, אַלץ בלאַסער ווערט מערי׳ס פנים. ווי זאָל זי איצט האַנדלען? זי ווייסט וואו ווילי געפינט זיך איצט... זי האָט ליב געהאַט דעם אַמאָליקן ווילי׳ן... דעם איצטיקן טאָר זי ניט ליב האָבן... דער איצטיקער וועט זי „עקספּלואַטירן״, אויב ער וועט זיך צו איר צורירן...

דאָס כראָפּן פונ׳ם קינד, וואָס דערטראָגט זיך פונ׳ם צווייטן חדר, וועקט נאָך מער מערי׳ס צאָרן: געבונדן האָט ער מיך די גאַנצע צייט, אַוועקגענומען פון מיר די טעטיקייט, און איז אַליין געוואָרן אַ פאַררעטער... ניין, כ׳וועל דאָס ניט דערלאָזן...

און צום ערשטן מאָל פאַר אַ לאַנגער צייט האָט זיך אין מערי׳ן דערוועקט אַ פאַרלאַנג צוריק צו ווערן די אַמאָליקע „אַמערי־קאַנער רעוואָלוציאָנערקע״...

פאַר מערי׳ן איז מיטאַמאָל קלאָר געוואָרן, וואָס זי טוט דאָ איצט איינע אַליין אין דער פינסטערניש... צענדליקער פּלענער פּלאָנטערן זיך איצט אין אירע געדאַנקען. בילדער לויפן פאַרביי איינס נאָכ׳ן אַנדערן. אָט זעט זי דעם אַמאָליקן ווילי׳ן אַף

דער פּלאַטפאָרמע, און אָט זעט זי א קיילאַכדיקן פּעטן יונג צווישן א חברה גענגנסטערס... אָט זעט זי זיך ליגן אין איין בעט מיט'ן זעלבן פּעטן מאַן, איינהאַלטנדיק זיך פון אויסברעכן אין א גע־וויין...

א שטורם האָט זיך מיטאמאָל אויפגעהויבן אין דרויסן. די שויבן האָבן זיך גענומען טרייסלען און קלאַפּן, עס האָט זיך דערהערט א געפּייף פון'ם ווינט...

מערי האָט זיך ווי פון א קאָשמאַר אויפגעכאַפּט. זי האָט זיך דערמאָנט, אז אין די אינטימע מינוטן צווישן איר און איר מאַן, דערציילט ער איר וואו ער געפינט זיך, ווען ער קומט שפּעט אהיים... איצט איז די צייט, האָט מערי באַשלאָסן, און האָט זיך פון הויז אַרויסגעריסן...

מערי איז אימפּעטיק אַנטקעגן ווינט געלאָפן, דער רעגן האָט איר אין פּנים געשמיסן. זי האָט זיך אַנטקעגן שטורם גע־טראָגן ווי פון שטורמס געשטופּט.

געיאָגט האָט זי זיך צו דעם איצטיקן פירער פון דער יוניאָן, איז געלאָפן, געקומען און האָט מיט ציטערדיקע הענט ס'גלעקל אָנגעקלונגען...

## .4

ערגעץ אין א וויין־קעלער, וואס געפינט זיך אין א זייטיקער געסל פון רוישיקן ניו יאָרק, פילט זיך ניט, אז עס איז שוין דריי אזייגער ביינאכט...

דאָרטן, אָט אין יענעם וויין־קעלער, שפּילט די „פּיאַנאָלא" אויף די העכסטע טענער; שפּילן שפּילט זי אַלע לידער, אָנ־הויבנדיק פון „כ'בין א באָרדער בא מיין ווייב", און ענדיקנדיק מיט „הוי, די רבי'צין".

און אָט דאָרטן, טאקע אינ'ם זעלביקן וויין־קעלער, זיצט אַרומגעזעצט אַרום א טיש א גרופּע מענער און האַלט זיך בא די זייטן פון געלעכטער.

די גרופּע מענער לאַכט מיט א פאַרהוסטן קוויטש, ס'טוט איר הנאה וואָס אָט אַנטקעגן טאַנצט דער שכור'ער בערמאַן,

און הויבט אזוי לומפּיג די צוויי קלאָצעוואַטע פּיס, און דרייט
אזוי שכור'דיק מיט'ן צעשויבערטן קאָפּ...

די גרופּע קלאַפּט מיט די הענט אין טיש פאר נחת; די
ליידיקע פלעשער און גלעזלאך קלינגען אָפּ פון די קלעפּ, די
„פּיאַנאָלאָ" הויבט נאָך שטאַרקער און העכער אָן צו שפּילן...
זייערע פּנים'ער צעפלאַמען זיך נאָך מער און מיט שכור'ן געלעכ־
טער, מיט טרערן פון זייערע איינגעגראָבענע אויגן אין די פאַר־
שוויצטע פעטע פּנים'ער, הויבן זיי זיך אַלע פון די פלעצער
און לאָזן זיך אין קאַראַהאָד.

זייער געלעכטער און פרייד פאַרשטאַרקט זיך נאָך מער, ווען
א פּאָר דעטעקטיווס באַווייזן זיך אין טיר... מיט צעיושעטער
פרייד כאַפּן זיי אַריין די דעטעקטיווס אין דער מיט...

פון דערווייטנס שטייט דער איינגנטימער פון וויין־קעלער
און באַטראַכט זיי. א שמייכל איז אף זיין פּנים אויסגעגאָסן,
נאָר ס'איז קאָנטיק, אַז עס איז אַן אַרויפגעצוואונגענער, ווייל
אויך אַט־דעם מענשן איז דערווידער צו נעמען פאַראָרדנונגען פון
אַזעלכע שכור'ע נפשות; ער מאַכט זיך אָבער ניט וויסנדיק און
פאָלגט אַלץ, וואָס זיי הייסן אים. ער פאַרשווייגט זייערע זידל־
ווערטער, ווייל דער „טשעק" וואַקסט פון מינוט צו מינוט...

בלויז איינער פון דער חברה האָט זיך געהאַלטן אַביסל ערנס־
טער. ער האָט זיך אַרויסגעדרייט פונ'ם טאַנצנדיקן קאַראַהאָד
און האָט אַרומגעשפּאַצירט צווישן די טישן; ער האָט באַטראַכט
די שכור'ע חברה און האָט צופרידן געשמייכלט: זיי וועלן שוין
דעם „דזשאָב" מאַכן...

שווער איז צו דערקענען, אַז אָט דער קיילאַכדיקער, פעטער
מאַן מיט א רויט, שמאַלץ־אָנגעגאָסענעם פּנים; אַז אָט־דער
מאַן, וואָס קוקט נאָך אַזוי געלאַסן דעם טאַנץ פון שכורים, —
אַז אָט דער מאַן איז דאָס דער אַמאָליקער יונגער אידעאַליסט —
ווילי...

ס'איז זייער שווער זיך אפילו פאָרצושטעלן, אַז עטלאַכע יאָר
האָבן פון א יונגן, צאַפּלדיקן מענשן, וואָס האָט זיך געוואָרפן
אין קאָנוואולסיעס פאַר'ן אַרבעטער'ס קאַמף, אַזעלכן געמאַכט, אַז
אָט־דער־אָ שטייט איצט צווישן א חברה פון גענגסטערס, און

זאַטע געשעפטס־פאַרוואַלטער, און קלערט, אַז די חברה וועלן שוין מאַכן דעם „דזשאַב".

ווילי אָבער גיט ניט קיין „דעמן" פאַר אַט־די אַלע אַמאַליקע נאַרישקייטן; ווילי איז היינט אַ מאַן, וואָס געפינט זיך אין אַ גאַנץ אַנשטענדיקער געזעלשאַפט; ער איז דער בעסטער גוטער־ברודער מיט די גרעסטע פאַבריקאַנטן. און פאַרוואָס טאַקע ניט? עס איז אמת, אַז ער איז אַן אַרבעטער־פירער, נאָר די אַרבעטער זיינען שוין געוואָרן צו גרויסע חזירים און קריכן אַף די גלייכע ווענט... דערפאַר דאַרף מען זיי אַביסל צוריקהאַלטן...

און ווילי טראַכט: אויב ס'האָבן זיך איצט געיאַוועט יונגע, היציקע פירער, דאַרף מען זיי אָפּקילן. און אויב די אַרבעטער דערלאָזן דאָס ניט — דאַרף מען זיי ווייזן וואָס הייסט ניט דער־לאָזן...

אַזוי טראַכט איצט ווילי, און ווען ס'דערמאָנט זיך אים, אַז אַמאָל איז ער אויך אַ קעמפער געווען, וויל ער עס פאַרטרייבן: און איצט בין איך דען ניט קיין קעמפער? ... מער ניט: די אַרבעטער ווילן אים פון דער יוניאָן פאַרטרייבן, איז וואָס הייסט? אַזוי פיל יאָרן אָוועקגעגעבן, און איצט ווילן זיי אים ניט? — דאַרף מען זיי ווייזן, די האָלעדריגעס...

.5

מערי איז געווען די ערשטע אין ווייַן־קעלער אריינצולויפן. די שכור'ע זיינען געבליבן שטיין אינטימן קעלער...

זייערע אויגן האָבן אָנגעהויבן שכור'דיק זיך צו דרייען און מיטווילדן געלעכטער האָבן זיי זיך צעשריען: „העי, אַ פיינע נקבה"...

ווילי איז געבליבן שטיין אַ צעטומלטער; ער האָט אָנגע־שטעלט די אויגן און באַטראַכט די נאַסע, צעשטרייטע מערי'ן...

ווילי האָט ניט גערעדט, נאָר ווי ניט־ווילנדיק האָט ער זיך דערמאָנט אָן דער אַמאָליקער מערי'ן, דער „אַמעריקאַנער רעוואָ־לוציאָנערקע", און ווי ניט ווילנדיק האָט ער זיך אויך דערמאָנט אָן דעם אַמאָליקן ווילי'ן...

טראַכטן האָט ער קיין צייט ניט געהאַט, ווי אַ שטורם־ווינט האָבן זיך אריינגעריסן עטלאַכע צענדליק אַרבעטער, אַ

הילכיקער געלעכטער האָט די ליידיקע פלעשלאַך און גלעזלאַך גע־טרייסלט, אַ פאָטאָגראַפישער אַפּאַראַט האָט געאַרבעט און בילדער גענומען... און איבער אַלץ האָט זיך אַ פלוך געטראָגן: „שכורים!"...

די גענגסטערס האָבן פאַרשטאַנען אַז דאָ איז זייער צייט... און פון שכור'ן צאָרן האָבן זיי אַ געפעכט אָנגעהויבן. מיט־אַמאָל האָט אַ רעוואָלווער־שאָס דעם קעלער אַ שאָקל געטאָן, און די חברה האָבן זייער פירער אונטער די הענט געכאַפּט, און אין אַן אויטאָמאָביל זיינען זיי אין דער פינסטערער נאַכט אַנטלאָפן....

---

די קויל, וואָס האָט מערי'ן געטראָפן, האָט זי בלויז לייכט פאַרוואונדעט. מערי האָט מיט שיינענדיקע אויגן און גרינגן גע־מיט דאָס צוגענומען. מערי איז אין אַ פּאָר טעג אַרום געשטאַנען פאַר טויזנטער אַרבעטער און געשילדערט דעם פאַרראַט פון ווילי'ן מיט זיינע אַנהייגער...

געפרייט האָבן זיך טויזנטער הערצער. געשיינט האָבן טויזנטער אויגן, און פון מויל צו מויל האָט זיך מיט ליבשאַפט געטראָגן דער נאָמען: „מערי"...

שלמה דאַווידמאַן

# אז ער מישט זיך ניט!

## 1.

דער שאַפּ איז אָנגעבלאָזן מיט בייזקייט, ווי אַ באַלון מיט לופט. די ארבעטער זיינען שטייף און אָנגעצויגן, ווי סטרונעס אַף אַ פידל; אַ שטאַרקן צי — און עס פּלאַצט.

אַ קוריער גיט אַן עפן די טיר, ברענגט אַריין אַ ווינטל פון גאַס. ער קוקט זיך אַרום, דערזעט דאָס טירל אין אָפיסל, שפּאַנט ער אַהין ערנסט און פאַראַנטוואָרטלאַך, ווי אַ סאָלדאַט, וואָס קומט מיט אַ וואַזשנעם רעפּאָרט פון שטאַב.

דער קוריער איז אַריין אין קאָנטאָרל, נאָר דאָס ווינטל איז געבליבן אין שאַפּ. ס'האָט זיך אַרומגעדרייט פון מאַשין צו מאַשין, פון פּרעס־טיש צו מאַנטלען.

ארבעטער האָבן דאָס ווינטל באַשמעקט, אויסגעדרייט פּנים צו פּנים, די אויגן האָבן אַרויסגעשטעלט אַ וואָרט, וואָס איז געבליבן הייגנען אַף די ליפּן:

— וואָס?

צוריק איז שוין דער קוריער אַרויס באַגלייט מיטן באַלעבאָס. ביים טירל פון אָפיסל איז, מיטן פאַרמאַך, געבליבן ליגן דאָרטן אַף דער שוועל דער סוד, אַן אָפּגעהאַקטער, אַ פאַרשלאָסענער.

דער קוריער איז אַרויס און מיטגענומען מיט זיך דאָס ווינטל, באַשמירט מיט אַ פּאָס זון, וואָס איז אים נאָכגעלאָפן, ווי אַ ווייס הינטעלע.

דער באַלעבאָס איז געשטאַנען אַ מינוט, האָט אַרויס־געגאָסן אַ סאַרקאַסטיש שמייכעלע און איז אַריין צוריק אין זיין געשעפט־צימערל.

דאָס שמייכעלע האָט זיך צעקייקלט איבער טישן און מאַשינען, איבערן שאַפּ, און נעגריזשעט און געגרילצט אין די אויערן, ווי אַ קנופּ אין פּאַס, וואָס קייקלט זיך פון מאָטאָר צום מאַשין, פון מאַשין צום מאָטאָר.

בערל פּרעסער, מיטן הויכן רעכטן אַקסל און בייזע בלאָנדע וואָנצעלאַך, האָט געפּרעסט דעם אַרבל מיט אַזאַ כעס, גלייך ווי ער בריט אַ האַנט פון דעם באַלעבאָס.

מאָרים שטעפּער, מיט די מייזלדיקע אייגעלאַך און אָנגע־בויגן קעפּל, איז געפלויגן אַף זיין „קאַטערינקע", ווי אַ פייל פון בויגן, פאַרטיפט און אַריינגעטאָן אין ברעג פון מאַנטל־פּלייצע, ווי אַ למדן אין אַ שווערער גמרא.

פון אַ צווייטער מאַשין איז אַריבערגעפלויגן אַ וואָרט צום פּרעסער. בערל האָט עס צעקייט. אויסגעדרייט דעם קאָפּ און אוועקגעשאָסן אַ פּאָר שאַרפע בליקן צו מאָרים'ן, דעם שטעפּער, מיט די מייזלדיקע אייגלאַך.

עמאַ, די „פינישערין", האָט גלאַט אַזוי זיך אַ קראַץ געטאָן אין שוואַרצן קאָפּ האָר, אַ בליק געכאַפּט אַפן זייגערל און אוועקגעשיקט צום פּרעסער:

— נאָך צוועלף מינוטן... וועט מאָרים אויך אַראָפּגיין?

בערל האָט אַראָפּגעשלונגען די מינוטן און קורץ געענט־פערט:

— אַלע וועלן אַראָפּ.

אַ מינוט איז ווידער אָנגעגאַנגען דער שאַפּ־געזאַנג און וואָרט־איבערשלאַג.

בערל האָט אויפגעהאַנגען דעם מאַנטל, מיט אַ קוק אים אָפּגעמאָסטן, צוגעגלייכט און אַ צי געטאָן אַ פּאָלע און פּטור.

ער האָט זיך אויסגעדרייט פון געהאַנגענעם מאַנטל און זיך צוגעבויגן צו מאָריסן:

— העי, לאַפּאַקאַנטשיק, מיט וועמען ביסטו, מיט ד י ־ ע, צי מיט י ע נ ע?

מאָרים האָט געגעבן אַ שטעל אויף זיין קעפּל פון אונטער'ן מאַשין־פערדל, ווי איינער, וואָס כאַפּט זיך אויף פון שלאָף מיט פאַרוואונדערונג: „וואָס איז דאָ געשען?"

אַרבעטער האָבן זיך אומגעקוקט מיט אומגעדולדיקע אויגן.

בערל שפּאַרט אונטער זיינע הענט ביי די זייטן און שאָקלט זיך:

— מר. משה לאַפּקאַן, ס'איז אַלראַיט, איר האָט שוין געווג אריינגעשאָסן היינט, לאָזט אונז וויסן, מיט וועמען איר שטייט, מיט ד י ־ ע, אָדער מיט י ע נ ע?

מאָריס האָט אָפּגעמאָסטן דעם פּרעסער און די איבעריקע אַרבעטער, איבערגעלייענט זייערע פּנים'ער און אויסגעציילט פילאָסאָפיש, ווי אַ באַנקיר ציילט קנאַקעדיקע הונדערטער:

„א י ך מ י ש ז י ך נ י ט!"

— וואָדען, — האָט בערל באַשטעטיקט און זיך געלאָזט אָפּן וועג צו זיין פּרעס־טיש. — אַז ער מישט זיך נישט.

.2

סטרייק.

אין זאַל, אין דער לופטן, פליען אַרום געשאָכטענע ווערטער. די אַרבעטער, מיט פאַרזאָרגטע היטלאַך אויף די קעפּ, מיט פראַגע־צייכנס אַף די פּנימ'ער, רויכערן אָן אויפהער און הרג'ענען אַרוים זאַצן אַף אַ קול.

די כעס'דיקע קלאַנגען, וואָס פּלאַצן אַרויס פון די מיילער, ווי עכאָס פון שלאַכט־פעלדער, שלאָגן זיך אָן אין פּלייצעס, עקספּלאָדירן, שפּרייטן זיך אַרויף מיט'ן רויך צו דער סטעליע. דערנאָך לאָזן זיי זיך אַראָפּ פאַר'חלש'טע, ווי פון פאַרגיפטעטע גאַזן, און צוליינגן זיך אַף דעם שטויביקן פּלאָר, ווי אָנ'כח'דיגע, וואָס זיינען אַף אַ מינוט פון אַ ווינטל דערהויבן געוואָרן.

אַף דער בינע שטייט אַ רעדנער, אַ פּאַרפּלאָמטער, זיין קול איז שוין הייזעריק פון שרייען. ער פּאָכעט מיט די הענט, גלאָנצט מיט די אויגן. אַ שמייכל שוועבט איבער זיין פּנים.

„די גרויסע פעסטונג, דער שאָפּ פון בי און די אַרונטער־גענומען".

חברה פּליעסקען בראַוואָ. אַ קאָכעדיקן קעסל מוט אַריינ־געגאָסן אין סטרייק־זאַל.

מאָריס לאַפּקאַן, דער שטעפּער מיט די מייזלדיקע אויגן און אָנגעבויגן קעפּל, לויפט אַרום אין זאַל ווי אַ געריירטער, אַ

צודרייטער, האלט אין איין רויבערן, שטעלט זיך אפ אין א ווינקל, גיט א שמעק און לויפט ווייטער.

איבער'ן זאל הילכט דער געשריי פון פארזיצער: „פיקעט־קאמיטעס, פרייוויליק, ברידער!" ארבעטער שטעלן זיך אויס אין א ליניע, ווי רעקרוטן ביים רעגיסטרירן. מאריס שטעלט אוועק זיין פלייצע קעגן קול „ברידער", די שטים שלאגט זיך אן אין זיין מאנטל און בלייבט ליגן נעבן אים א פארשעמטע.

בערל און עמא און נאך א פאר אקטיווע קומען אלעמאל אריין פון גאס מיט א ליארמדיקער שמחה: „מ'גייט, מ'קומט, אלע אראפ".

בערל לויפט ארום אין זאל, זוכט, נישטערט, פאקט מאריס'ן אין א ווינקל:

— נו, לאפקאנטשיק, מיט וועמען שטייסטו, מיט די־ע, צי מיט יענע? — קלאפט ער אים איבער דער פלייצע.

מאריס גיט א טיפן זופ פון דער ליולקע, לאזט ארויס דריי מחנות רויך, פון מויל און נאזלעכער, און ברייננגט ארויס פון הארצן: „יא, יא", ווי איינער רעדט: „איצט ביסטו א קנאקער. וואו ביסטו געווען אין יענע יארן, ווען איך האב געקעמפט? אמאל האב איך זיך מקריב געווען, כ'האב עס געמיינט ערנסט. נאר איצט ווייס איך שוין, אלע זיינען פאלש".

דערנאך האט ער אפגעמאסטן בערל'ען און עמאן פון קאפ ביז די פיס און ארויסגעציילט פילאסאפיש, ווי א פראפעסאר דערקלערט א נאטור־געזעץ פאר סטודענטן: „א י ך מ י ש ז י ך נ י ט".

— וואדען, — האט בערל אוועקגעשפאנט מיט א געלעכטער, — אז ער מישט זיך ניט.

3.

שוין עטלאכע טעג אז מאריס זעט זיך ניט אין סטרייק־זאל. פארנאכט כאפט ער זיך אריין, מ'לעכלט דורך זיין סטרייק־קארטל און פטור.

בערל און עמא לויפן ארום אין זאל, זוכן און נישטערן אים. ער איז נישטא. „ער סקעבט", האבן זיי באשלאסן. „נאר וואו?", האבן זיי געמוטשעט זייערע מוחות.

אין אַ פֿאַרנאַכט איז בערל צוגעלאָפֿן צום פֿאָרזיצער מיט שנעלע טריט:

— הער, ברודער, מאָריס לאַפּקאַן, דער שטעפּער מיט די מייזלדיקע אייגעלאַך און אָנגעבויגן קעפּל „סקעבט“. גיב מיר אַ בחור׳ל, וואָס זאָל דאָס פּעסטשטעלן.

דער טשערמאַן האָט געגעבן אַ וואָרף זיינע אויגן איבער׳ן זאַל און צוגערופֿן:

— מעכל, קום אַהער.

מעכל, אַ יונגער חברה־מאַן, מיט רירעוודיקע הענט און פּיס, איז צו:

— אַ נויטיקע שליחות נעם אָן באַ בערל׳ען און ברייגג מאָרגן רעזולטאַטן, — האָט דער טשערמאַן זיך אָפּגעזאָגט און אַוועק איבער׳ן זאַל.

### 4.

פֿאַרטאָג איז מעכל געשטאַנען לעבן הויז פֿון מאָריס לאַפּקאַן און געהיט זיין אַרויסגאַנג, ווי אַ קאַץ אַ מויז.

מאָריס איז אַרויסגעפֿלויגן מיט׳ן היטעלע און אָנגעבויגן קעפּל און זיך געלאָזט צום סאַבווי.

מעכל — נאָך אים. ער האָט אים באַגלייט אין סקעבשאַפּ אַריין, אַזש אין מאָונט־ווערנאָן, פֿאַרשריבן דעם אַדרעס, און איז אַוועק אין סטרייק־זאַל באַריכטן.

פֿאַרנאַכט איז מעכל געשטאַנען ניט ווייט פֿון שאַפּ און ווידער געהיט מאָריס׳ן. מאָריס איז אַרויס פֿון ערגעץ אַ הינטער־טיר, געכאַפּט אַ צייטונג אין אַ קרעמל און איז אַוועק צו דער באַן.

מעכל — נאָך אים.

מאָריס איז אַריין אין וואַגאָן, זיך אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל. מעכל — אַנטקעגן אים. מאָריס האָט אַרויסגעשלעפּט אַ ווייס זעקעלע, פֿון דעם אַרויסגעבראַכט אַן עפּל, אים געקייט מיט אַפּעטיט און געקוקט אויף די פֿאַרשיידענע אַנאָנסן מיט קנאה־אויגן. יעדער ביס אין עפּל איז געווען אַן ערנסטער,

מיט גרויס באַלעקאַכץ און תמימות, ווי אין יעדן שטיק עפּל זאָל ליגן כאָטש צען יאָר לעבן.

פאַרענדיקט דעם עפּל, האָט ער זיך אָפּגעווישט די ליפּן, אַריינגעקוקט אין ווייסן זעקעלע און פון דאָרטן אַרויסגעשלעפּט אַ צווייטן. אַ פּאָר פּאַסאַזשירן האָבן זיך איבערגעקוקט און גע־שמייכלט. מעכל האָט אַריינגעשמייכלט אין זיין צייטונג.

מאָריס האָט זיך טיף פאַרטראַכט אַף אַן אָנאָנס פונקט קעגנאיבער אים: אַ פינף־שטאָקיקע הויז, „די זיבערסטע באַנק אין די בראָנקס". דערווייל האָט די באַן געגעבן אַ שטאַרקן טרייסל, איז דער עפּל אַרויסגעפאַלן פון זיינע הענט. מאָריס האָט זיך געגעבן אַ וואָרף נאָכ'ן עפּל, אים געכאַפּט, אַרומגע־ווישט און גענומען ווידער פילאָסאָפיש בייסן.

ער האָט געקייט מיט אַ ליאַרעם, ווי אַ הונט אַ ביינדל, ווי אַ פרומער איד קנאַקט מצה אום פּסח. זיך אָפּגערוט פון ביס צו ביס, דער שלונג זאָל זיין פרייער: „ס'איז דאָ צייט, וואָס איז זיך דאָ צו איילן?"

אָפּגעגעסן, ווידער אָפּגעווישט די ליפּן, באַהאַלטן דאָס זעקעלע און אַרויסגעשלעפּט אַ צייטונג. ער האָט זי צעוויקלט פאַרזיכטיק ווי אַ טייערן חפץ, באַקוקט די שרייענדיקע צייטונג־קעפּלאַך, אַריינגעזשמורעט די מייזלדיקע אייגעלאַך אונטער אַן „אומגליק פאַל", געגעבן אַ דריי מיט זיין איינגעבויגן קעפּל.

ער האָט איבערגעקערט די צייטונג אַף דער לעצטער זייט, באַקוקט די בילדער, געשמייכלט ביי אַ מיידל־בילד מיט גראָבע פיס, זיך פאַסמאַקעוועט, דערנאָך האָט ער צונויפגעלייגט די צייטונג אין צווייען, פירן און אַכטן, זי אָפּגעגלייכט, אָפּגעווירעט מיט די הענט, ווי אַ טייער שטיקל זיידנס, און עס אַריינגערוקט אין קעשענע.

ער האָט געוואָרפן עטלאַכע בליקן רעכטס און לינקס, צו דער מיטנ־טיר האָט ער אָפּגעשטעקט אַ טויז קוקעלאַך מיט אַמאָל, עפּעס חושד געווען אַ באַקאַנטן, זיך באַרואיקט באַלד, מסתמא אַ טעות געמאַכט. ער האָט זיך אַריינגעשפּאַרט אין ווינקל און צוגעמאַכט די אויגן: „פאַר זיין ניקל קען ער שלאָפן אין סאָבוויי".

מעכל איז געזעסן אַנטקעגן און געקוקט אַף אים מיט אַזאַ רחמנות און באַדויער, גלייך ווי עס גייט אים אין לעבן.

„צוליב דעם מאָרים'ן וועט זיך אָפּשטעלן דער קאַמף? — ניין, — האָט מעכל געטראַכט, — פאַרפוילטע בלעטער".

די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט מיט אַ טראַסק. די טירן האָבן זיך צעפּראַלט. מאָרים איז אַרויס. מעכל — נאָך אים.

מאָרים איז אַריין אין סטרייק־זאַל, דערלאַנגט זיין סטרייק־קאַרטל צום סעקרעטער, מ'זאָל עס לעבערן, אַז ער איז היינט געווען. מעכל איז געשטאַנען הינטער אים און געגעבן אַ צייכן מיט דער האַנט צום סעקרעטער: „וואַרט אויס".

באַלד זיינען אויסגעוואַקסן בערל און עמאַ און דער פאַר־זיצער. מעכל האָט אַף מאָריס'ן אָנגעוויזן: „דעם פויגל מיינט איר?"

מאָרים האָט זיך אַרומגעקוקט און איז געבליבן געפּלעפט. ער האָט מיט זיינע אייגעלאָך געשטאָכן מעכל'ען. ער האָט אים איצט דערקענט. ער האָט געעפנט דאָס מויל און געוואָלט עפּעס אַרויסשרייען, נאָר זיין צונג האָט זיך פאַרטשעפּעט.

ער האָט אַזוי געפירט זיינע בליקן איבער עמאַ'ן, בערל'ען און די איבעריקע, און דערנאָך זיי אַריינגעשטאָכן אין דער שטויביקער פּאָדלאָגע.

בערל פּרעסער האָט אַ שאָקל געטאָן מיט'ן קאָפּ, און דער רעכטער הויכער אַקסל האָט אונטערגעטענצלט:

— וואָס איז שייך צו זאָגן, וואָדען, אַז אַ מענטש מישט זיך ניט!

שלמה דאַווידמאַן

## ווער האָט זיך דערמאָלט איינגעהערט?

איצט, אַ, ווען דאָבע גייט אַרום אין אירע ציכטיקע צימער־לאַך, ווי אַ היימישע אַלטע קאַץ; איצט אַ, ווען דאָבע גייט אַרום איר זון אַף ציפּקעלאַך, טראָגט אונטער איר בן־יחידל וואָס זי האָט נאָר, באַקט אים פּלעצעלאַך און קיכעלאַך, פּרעגלט אים איינגע־מאַכטסן, — פרעגן זיך נאָך די שכנות אַף איר מאַן. און אַז זי ענטפערט מיטן שטענדיקן ענטפער: „ער איז געשטאָרבן", פרעגן זיי פון וואָס ער איז געשטאָרבן און וויפיל יאָר ער איז שוין טויט. גלעט זיך דאָבע אירע פאַרקעמטע זילבערנע האָר און פלעכט פון דאָרטן ליגנס, וועבט פון דאָרטן מעשות.

אָבער ווען דאָבע מיט איר מאַמען, די אַלטע לאה, האָבן געוואוינט בא איציק אליהו שניידער אין פינסטערן אַלקער פון זיין קעלער־שטיבל; ווען דאָבע, די פאַרוואַקסענע מויד, פלעגט אַרויסקוקן, דורך דעם לעבל־פענסטערל אין גאַס אַריין מיט אירע הונגעריקע מאַלפּישע אויגן. וויגן איר שמוציקן פּנים און בולבע־נאָז אַהער און אַהין און גנב'ענען אַ קוק אַף די מענטשן, ווייל אינדרויסן פלעגט זי ניט קומען, זי האָט מורא געהאַט אפילו פאַר אַ קאַץ, האָט קיינער זי ניט באַמערקט. שיך האָט זי בלויז געזען אַף אַנדערע. די שמאַטעס אין וואָס זי האָט זיך געוויקעלט, האָבן ניט געוואוסט זייער יחוס.

און ווען די אַלטע לאה פלעגט אַהיימקומען פאַרנאַכט מיטן צעשויבערטן שטרויענעם קוישעקל, פול מיט פאַרדאַרטע שטיקלאַך ברויט, שמאַטעס און שפּענדלאַך, פלעגט זיך דאָבע אַ לאָז טאָן צו דער מאַמען מיט אויסגעשפּיזלטע נעגל, מיט צוויי גליענדיקע

לעמפּלאַך, וואָס זענען אין די מינוטן מגולגל געוואָרן פון די אויגן, און מיט גרילצנדיקע קולות, וואָס זענען געקומען ווי פון בויך. אָבער די אַלטע לאה האָט זי נאָענט צו זיך ניט צוגעלאָזט, זי האָט אַ וואָרף געטאָן אַ שטיק ברויט אין אַ ווינקל, וואָס איז געפאַלן מיט אַ קלאַפּ פון אַ שטיין, און דערביי געבענטשט מיט דער טאָג־טעגלאַכער ברכה: „נאַ, ווער דערוואָרגן, נבלה!" האָט זיך דאָבע אַ וואָרף געטאָן צו דער ערד, אריינגעקלאַמערט דאָס שטיק ברויט אין אירע הענט און געגריזשעט מיט די ציין, ווי אַ הונט — אַ מאַרך־ביין, און דערביי געריוועט, זיך ווילד גע'כעס'ט. אָבער די שכנים און גאַס־מענטשן האָבן זיך ניט געשראָקן, זיי האָבן גע־וואוסט, אַז ס'קומט פון דאָבעס אַלקערל, טאָ ווער האָט זיך דעמאָלט איינגעהערט?

און אין שבת'ן אָדער יום־טוב'ן, ווען די אַלטע לאה איז איבער די הייזער ניט געגאַנגען, און קיין ברעקלאַך פון פרייטיקדיקע טעג זענען אויך ניט געבליבן, פלעגט דאָבע זיך קיין אָרט ניט געפינען. זי איז ארומגעלאָפן פון ווינקל צו ווינקל, ווי אַ פאַרשפּאַרטער הונ־געריקער וואָלף, זיך געגראַבן אין אירע פאַרפּלאָנטערטע בערג האָר, זיך געגראַבלט אין איר לייב אריין ביז רויטע ריטשקעלאַך האָבן זיך צערונען, און די אַלטע לאה האָט געהאַלטן דעם שייט האָלץ און דערלאַנגט דאָבע'ן וואו זי האָט נאָר געטראָפן: אין קאָפּ, אין בויך און אין די פּיס. דערביי האָט זי אויסגערעכנט אַלע קללות, וואָס זי האָט נאָר צונויפגעקליבן אין גאַס, און געענדיגט מיט אַן אויקעדיקן קרעכץ: „שווייג שוין, נבלה!"

און דאָבע, פון איר זייט, האָט אויך ניט געשוויגן: וואָס די הענט האָבן נאָר געפּאַקט, האָט זי געוואָרפן דער מאַמע'ן אין קאָפּ אריין און געגוואַלדעוועט, געליאַרמט מיט אַ כריפּענדיקן סאָפּראַנאָ־קול, ווי פון אַ פרעגלדיקן חזיר. אָבער ווער האָט זיך דעמאָלט איינגעהערט?

און אין איינער פון יענע נעכט, ווען אַ פּאָלק ארמייער האָט זיך צעלייגט אין שטעטל, אַפּ'ן וועג צום פראָנט, האָט זיך אַן על־טערער סאָלדאַט מיט אַ בייזן קוראַזש אריינגעריסן צו איציק עליען אין קעלער אריין. קיין אָפּגעריבענעם, צעבאַרעטן ניי־מאַשין וועט ער ניט נעמען, גלאַט קיין ווערט־זאַכן זיינען דאָרט אויך ניט געווען.

האָט ער געעפנט דאָבע'ס אַלקערל. פריער האָט ער געמיינט באַם ליכט פון זיין שוועבעלע, אַז סע ליגט אַן אַלטע פרוי, מיט אַ קוד־לאַווןן הונט, נאָר אַז זיי האָבן זיך אויפגעכאַפּט און אים אָנגעקוקט מיט פיר שרעק־אויגן, האָט ער געשטאָכן זיינע בליקן אין זייערע און זיי געמאָסטן און געוואויגן: „וועלכע איז בעסער?"

די אַלטע לאה'ן האָט ער אַראָפּגעוואָרפן פון דריי־פּוסיקן מיט שמאַטעס־געבעטן טאַפּטשאַן, ווי אַ זאַק מיט שפּענער, און דאָבעס הענט האָט ער געשלאָסן הינטער אירע פּלייצעס און צו איר אַזוי געזאָגט: „אַן אַנדערס מאָל וואָלט איך אַפילו מיט דיר דעם קוימען ניט פאַרשטעקט, נאָר היינט איז דיין גליק, שוין אַ וואָך צייט קיין ווייב ניט געהאַט!" דאָבע איז אַ מינוט געווען רואיק, עפּעס ניט פאַרשטאַנען וואָס דאָ קומט פאָר, באַלד אָבער האָט דאָבע אָנגע־שאַרפט אירע ציין און אים ארומגעביסן דאָס פּנים. האָט ער איר געזאָגט, זי זאָל בעסער זיין שטיל, ס'וועט איר סיי־ווי־סיי קיינער ניט העלפן. און אַז זי האָט נאָך אַלץ ניט פאַרשטאַנען, האָט ער איר דערלאַנגט מיט דער גראָבער הילצערנער זייט פון זיין ביקס.

און ווען דער סאָלדאַט האָט זיך אַף איר עטלאַכע מאָל אויס־געכראַקעט און געשאָלטן גאָט מיט'ן טייוול: „נאָך גאָר אַ מיידל, צו אַלדע רוחות!", זיך אָפּגעווישט מיט'ן אַרבל דעם שוויים פון שטערן, צוגעשפּיליעט זיין מונדיר און ארויס פון קעלער־שטיבל, — האָט זיך דאָבע ערשט צעליארמט, האָט זיך דאָבע ערשט צעיאָ־מערט, ווילדע קוויטשערייען ארויסגעלאָזט, ווי פון אַ גאַס־אידן, וואָס מע האַלט אינמיטן קוילען. אָבער ווער האָט זיך דעמאָלט איינגעהערט?

און ווען פון מאָנאַט צו מאָנאַט האָט זיך באַ דאָבען דער בויך געהויבן, געשוואָלן געוואָרן, ווי אַ מולטער מיט טייג, וואָס גייט־אויף אַף הייוון, האָט דאָבע ארויסגעלאָזט נייע קרעכצערייען און ארויס־געקוויטשעט נייע ווייטיקן. אָבער די אַלטע האָט זי ניט געשאַ־נעוועט, געקאַטעוועט איר לייב נאָך גזלנ'ישער און דערביי געביסן אירע שקוואַרע ליפּן: „ווער פאַרשטומט, נבלה, איציק עליע וועט אונז נאָך פון אַלקער ארויסוואַרפן!"

און אַזוי איז טאַקע געווען: ווען דאָבע האָט יענע נאַכט זיך געריסן אַף די ווענט און געביסן שטיקער פון איר לייב; ווען דאָבע

האָט דאָס ערשטע מאָל געזאָגט: „מאַמע טייערע!“, דאָס ערשטע מאָל פון אירע ליפּן ארויסגעבראכט: „אוי, גאָט!“ האָט זיך אַ ניי קוויטשערל פון אונטער דאָבעס שמאַטעס ארויסגעגליטשט. און טאַקע אינדערפרי האָט איציק עליע ארויסגעוואָרפן די פארמערטע פאמיליע פון אלקער: די אַלטע לאה׳ן, דאָבען און דאָס גוי׳אישע ממזר׳ל.

די אַלטע לאה איז ערגעץ געשטאָרבן אין אַ ווייבערשער שול. און דאָבע האָט זיך ערגעץ געוואַלגערט אין הינטישע געסלאך מיט׳ן קינד באַ דער זייט.

און ווען דאָס קינד האָט דאָבען אויסגעניכטערט, אויסגעקלערט אביסעלע אירע געדאנקען, שארפער צעעפנט אירע אויגן, האָט זיך דאָבע אוועקגעלאָזט אין אַ צווייטן שטעטל און פאר אַ דינסט זיך פארדונגען.

און ווייל דאָבעס טאַטע, וואָס זי האָט אפילו זיין אויסזען ניט געדיינקט, האָט געהייסן בערל, האָט זי איר זון נאָך אים גענאָמענט.

און אין קיך אַף אַ פרעמדן אויוון האָט זי מיט בערעלען יאָרן פארבראכט, אים געזונגען לידער, וואָס זי האָט געהערט אין מארק, אין גאַס. אָבער זי האָט די ניגונים צעצויגן, ארייננגעגאָסן אין זיי פלעשער טרויער, אויסגעמישט מיט לעפל בענקעניש נאָך עפּעס... אָבער ווער האָט זיך דעמאָלט איינגעהערט?

איצט־אָ ווען דאָבע גייט ארום אין אירע ציכטיקע צימערלאך, ווי אַ היימישע אַלטע קאַץ; איצט־אָ, ווען דאָבע טאַנצט ארום איר בן־יחיד׳ל אַף ציפּקעלאך, — פרעגן זיך נאָך די שכנות אַף איר מאַן.

מאַקס פּערלאָוו

# ביים ברעג ים.

דאָס כוואַליע־שפּיל האָט זיך אַלץ שטאַרקער אַנטוויקלט. עס האָט געכוואַליעט מיט אַ גרין־באַזויבערונג און זיך שטיפעריש איי־בערגעהויבן די ברעג־גרעניצן. ברומעריש האָט זיך ס׳וואַסער צו־ריקגעיאָגט, און אַ זילבערנער צוזאַמענגוס האָט באַרואיקט די אָפּ־געשווייַנקטע ברעגן און זיך צעשמייכלט... אין אַ מינוט אַרום האָט זיך שוין ווידער געטראָגן אַ גרינער צאָרן פון ווייטע וויַיטן; געַ׳רעש׳ט, געטומלט, געוואָלט פאַרשלינגען וועלטן האָט אָט דער גרויסער ים־געיאָג. באַלד אָבער האָט זיך ווידער צוגאָסן אַ זיל־בערנער כוואַליע־שמייכל איבער׳ן ים־פּנים...

אָט דאָס גאַנצע שפּיל האָט אויף קירשנבוימ׳ען מאָדנע גע־ווירקט. ער איז געזעסן ביים ברעג ים און נאָכגעפאָלגט דעם גרויסן נאַטור־וואונדער, וואָס האָט זיך איצט ווי פון זיינעטוועגן צע־שפּילט, זאָגנדיק: נאַ, זע מיין פּראַכט...

האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז דאָס וויל דער ים דערוויַיזן די נישטיקייט פון דעם מענטשן; האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז דאָס לאַכט דער ים פון אים.

האָט זיך אַ קאַלטער שטיינדעלע איבער׳ן ברוסט געקייקלט און איז מיט אַמאָל שטיין געבליבן...

נאָכפאָלגנדיק וויַיטער דאָס כוואַליע־שפּיל, האָט קירשנבוים דערזען, ווי אַ גרינע ים־שטיינגע צעשפּרייט זיך, פלעכט אַרום אַ וויַיטן שטח: עס באַרגעוועט זיך אַ גרויסער, דיקער וואַסער־פינגער און וואָרנט: מיט דעם פינגער ווען איך וויל דיך נאָר אָנ־רירן — דאַן בעטסטו רחמים זיך בא מיר, דו גאון!...

— צי פילן אַלע אַרומיקע אַזוי?... — האָט אַ געדאַנק אין קירשנבוימ׳ס מח אַ קלאַפּ געטאָן.

שוין דאָס צווייטע מאָל, ווי אָט די זעלבע פראַגע שטעלט זיך פאַר אים אַנידער זינט ער זיצט ביים ברעג ים. פריער האָט עס אָבער געטראָגן אן אנדער כאַראַקטער: ער האָט זיך געפונען אין אַ יום־טוב׳דיקער שטימונג, זאָרגלאָזיקייט האָט אים באַ־הערשט, און עס האָט זיך געוואָלט וויסן, צי פילט ער נאָר אַזוי, אָדער די אַטמאָספערע איז אַזאַ...

איצט אָבער, ווען די פראַגע איז ווידער אַמאָל ארויפגע־שוואומען, איז קירשנבוים שוין ווייט געווען פון זאָרגלאָזיקייט. דאָס האַרץ האָט זיך שוין געהויבן שטאַרק און אומרואיק; דער מח האָט שוין גיך געאַרבעט און פאָרגעשטעלט דאָס ארומיקע אין מאָדנע געשטאַלטן...

די פראַגע האָט זיך געלאָזט פאַרענטפערן אויף אַזאַ אופן: אויסנאַם־געזעצן עקזיסטירן פאַר אים אויך באַם ברעג ים...

דאָרטן אין דעם גרויסן ניו יאָרק געטומל איז אים ענג גע־וואָרן. אַ געהילך־געוועב האָט זיינע אויערן ארומגענומען; אַ הו־האַ־געמיש האָט די אויגן פאַרטונקלט, אַן אומקלאָרקייט־עכאָ האָט די נערוון גערייצט, און דער גאַנצער קערפּער איז איינגע־קרעמפּעוועט געוואָרן.

האָט אָבער זיין נשמה מיט הויכן פאַרלאַנג געאָטעמט; האָט זי געפאָדערט ברייטהאַרציקייט און פריינטלאַכקייט; האָט זי באַגערט ראָמאַנטישקייט...

האָבן זיך די אַלע פאַרלאַנגען און באַגערן צוזאַמענגעפלאָנ־טערט, האָט עס צוזעמענגעשטעלט איין גרויסן פראַגעצייכן און אויפ׳ן גרויסן פראַגע־צייכן האָט האַרץ־טיאַכקעניש געענטפערט, האָט אומקלאָרקייט דעם מח אָנגעפילט.

איצט זיצט ער ביים ברעג ים...

אַנטלויפן האָט ער געוואָלט פון יענעם געטומל, איז ער צום ברעג ים געלאָפן, צו אַ שטילער געגנט.

האָט ער אין אָנהויב זיך רואיק געפילט, נאָר באַלד דעם ים׳ס געלעכטער דערהערט...

לאַכט דער ים: שוואַרץ־גרין־זויבעריק זיינען מיינע קאָלירן. און דאָס קען גרויסקייט פאַרשאַפן. דיין קאָליר מוז אָבער איינער

זיין... מיינע סך קאַלירן ווערן באַוואונדערט פון אַלעמען... דיין איין קאָליר, אויב ער איז דאָ, מוז זיך אויסטיילן און שטאַרק אין די אויגן וואַרפן...

און נאָך העכער לאַכט דער ים: דו מענטש־נאַר, וואָס קלעטערסטו אין די רוימען פון דערגרייכונג. דערגרייכסטו וואָס? אָט דאָס שוואַכינקע, וואָס קען אין מיין שמייכל איינגעזאַפּט ווערן... אין די דינע שמייכל־שפּאַלטן פון מיין געזיכט קען איך עס אַריינקוועטשן און אַרויסציען אָט דאָס קליין מאַרך־קעסטעלע...

און אָט דער געלעכטער האָט געצויגן אַ לאַנגע, לאַנגע פּאָדים, און יעדער שטיק פּאָדים האָט מיט זיך אַנדערע בילדער געבראַכט...

דאָ, נעבן ברעג ים, האָט קירשנבוים ריכטיק געקענט באַגרייפן דעם אכזריות'דיקן ניו־יאָרק־געטומל, דאָ האָט אַ קלאָרקייט זיך אַריינגעכאַפּט צום האַרץ־טיאָכקעניש, און ער האָט דערזען זיך באַרנדיק מיט יענער אומגעלומפּערטער פּאַר'שכור'טקייט... ער האָט קלאָר דערזען פאַר זיך אַן אויסגעשפּרייטן נעץ, פון וועלכן עס ציען זיך מאַגנעטישע דראָטן, וואָס ווילן אים אַריינכאַפּן... דער שטענדיקער גערויש און הו־האַ האָט זיך איצט פאַרוואַנדלט אין קירשנבוים'ס פאַנטאַזיע אין אַ הילכיקן געלעכטער פון דעם נישטיקן מענטשעלע, וואָס האָט חשק איבערצוואַנדערשן אַזאַ פעסט־איינגעאָרדענטע טראַדיציע, ווי: לעב וו ס'לאָזט זיך...

קירשנבוים האָט זיך ניט געוואָלט אונטערגעבן אָט דער טראַדיציע און האָט מיט אַלע מעגלאַכקייטן געזוכט זי צו באַקעמפן. ער האָט אַליין אַ וועג געוואָלט אויסטרעטן... דאָס אַמעריקאַנישע האָט אים אָבער מיט אויסגעשטשירעטע ציין באַגעגנט, האָט זיינע אַלע פאַנטאַזיעס אויסגעלאַכט... דער שאַפּ־נעץ האָט די לעצטע קרעפטן אַרויסגעצויגן, און די קאַלטע, גלייכגילטיקע אַטמאָספערע האָט זיין פילנדיקע נשמה געוויי'טאָקט...

דאָ ביים ברעג ים האָט ער עס אַלץ אין אַ קלאָרן געשטאַלט דערזען...

* * *

שוין גאַנץ שפּעט איז דאָס געווען. די אַרומיקע זיינען שוין

לאַנג פון ברעג ים אוועק. זיי זיינען געגאַנגען אויסצופּילן די חוקים פון זיך „פּיקסן"...

פון דער ווייטנס האָט זיך א שיפל געטראָגן. א קליין שיפל, געפירט פון איין מענטשן. ס'האָט זיך געהויבן איבער די כוואַליעס און געשניטן א וועג פאַר זיך...

קירשנבוים האָט זיך א הויב געטאָן. א פרייליכער שמייכל האָט זיין פנים באַדעקט.

עס האָט אים הנאה געטאָן, וואָס דאָס קליין שיפל טראָגט זיך איבער די ים־כוואַליעס.

— יע, יע, פריינט מיינער, — האָט ער צום ים געשמייכלט.

— דיין רום איז גרויס, דיינע ווייטן און ברייטן פאַרפלייצן שטחים. ווען דו וואָלסט זיך אבער דערמאָנט, אז איבער דיינע בארגן־כוואַליעס טראָגן זיך שיפלאַך, דיינע שמייכל־שפּאַלטן פאַר־גיסן זיך פון דעם שיף־נאָז־שנייד, — דאַן וואָלסטו פאַרשטאַנען דעם כח פון דאָס קליין מאַרך־קעסטעלע...

ניט איין מענטש איז דערטרונקען געוואָרן, ביז דו האָסט דערלויבט איבער דיינע כוואַליעס זיך צו הויבן — און ניט איין מענטש וועט פאַלן, די פאַרשימלטע טראַדיציעס צו ברעכן...

אפשר בין איך א ק ר ב ן...

שלמה דאווידמאַן

# אויף דאָס נײַ

.1

מירע איז אַרומגעגאַנגען פֿון צימער צו צימער און געראַמט, געווישט. אַלע וואָך טוט זי דאָס, ווי אַן אַפּקומעניש. הײַנט — מיט אַ באַזונדערער פֿרייד: די שוועסטער קומט, די שוועסטער קומט.

פֿאַרדרייט אַ טשיפּעק אַפֿן קאָפּ, פֿאַרשטעקט און אַרומגעשפּיליעט מיט אַ פֿאַרטוך און אַן אַלטן מלבוש, מיט שטויב־באַשיצערס, זוכט זי אַ שמוצעלע אין אַלע ווינקלען, פֿענסטער, טירן; זי טוט עס מיט אַזאַ ערנסטקייט און פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט, ווי אַ פֿרומער איד איז בודק חמץ.

„אײַן קליינינקייט", — כאַפּט מירע אַ ביסל איבער דעם אָטעם. — „אַכט יאָר ניט געזען האָדל'ען. מוז שוין זײַן אַ גרויסע מויד, אַ כוואַטסקע, אַ קאָמיוגישע בחור'טע. אירע בריוו — פֿײַער".

קאַרל האָט זיך אויפֿגעכאַפּט. טרייסלט דאָס וויגל. ער וויל דאָס צוברעכן, אָדער אַרויס. וויינט שרײַענדיג. מירע לויפֿט צו, כאַפּט אים אַרויס, טענצלט מיט אים אויף די הענט און רעדט — ווי צו אַ גרויסן: „נו, קאַרל ליבקנעכט, זיך אויסגעשלאָפֿן? הײַנט דאַרפֿסטו זײַן שטיל, די מומע האָדל דאַרף קומען".

קאַרל רײַבט זיך אַן אייגל, מעלה־גרה'ט, וואָס ער האָט אין שלאָף מסתמא געגעסן. שמייכלט און ווײַזט מיט אַ פֿינגערל:

— מומע האָדע, הײַטע?

— יאָ, מײַן פּיאָנער, מומע האָדע, הײַטע.

זי דערלאַנגט אים אַ פֿלעשל מילך און גרייט צו אַ זיכער פּלאַץ. בשעת מעשה חזר'ט זי איבער דאָס אָפּטע ביסל טראַכטעניש: ווען קאַרל קומט ניט, וואָלט אודאי געווען בעסער. אַ פֿרײַער פֿויגל. מיטינגען, אונטערנעמונגען, הו־האַ, לעבעדיק.

קאַרל איז שוין דאָ — פאַרפאַלן. נאָך אַ פּאָר יאָר, און קאַרל וועט מיטגיין.

האָדל קומט. אפשר וועט זי העלפן. דאַרף שוין זיין אַ גרויסע, כוואַטסקע מויד, אַ קאָמיוגישע בחור'טע. בריוו — פּייער, פּייער.

## 2.

די טיר האָט זיך צעפּראַלט און האָדל איז אַריינגעקומען אַ צופלאַמטע, ווי נאָך אַ הייסן טאַנץ. זי האָט אַרומגעהאַלזט מירע'ן און איז געבליבן אַ פּאָר מינוטן אַ פאַרקייטלטע מיט שוועסטער'ס הענט. שוועסטער האָבן הערצער געפּנט: קושן, טרערן, געלעכטער, אויפרעגונג: „מירע! האָדל!"

מאָרים האָט אָוועקגעשטעלט די פּעקלאַך, זיך אויסגעמאַנטלט און קאַרלען דערציילט אַ נייע פרייד: „אַ מומע האָדל איז געקומען, אַי אַ האָדל — אַ פּייער".

— האָדל, דו ביסט שיין — אַ רויז, — האָט מירע אַראָפּ־געצויגן איר שוועסטער'ס מאַנטל.

— אַ רויטע בלום, אַ ברענענדיקע, — האָט מאָרים צוגעגעבן.

— אוי קושט מאָרים שיין און געשמאַק. איך וויל נאָך אַ קוש, — האָט האָדל זיך אויפגעהאַנגען מיט אירע הענט אויף מאָרים'עס האַלז.

מירע איז געבליבן שטיין אין אַן אומגעריכטער לאַגע. זי האָט אַראָפּגעלאָזט אירע אויגן, זיך אָנגעפרעגט דאָרטן אין הערצל: „די בעסטע זאַך — שמייכלען". איז מירע געשטאַנען און געשמייכלט.

מאָרים איז געשטאַנען אין האָדל'ס הענט, ווי אַ געשמידטער אין קייטן. מירע'ס שמייכל האָט ער פאַרשטאַנען, דאָס איבער־געקייט אין זיין מוח, און וויל אַזוי, אַרומגענומען האָדל'ס קעפּל און צובריט איר פּנים.

— מירע, ס'אַ קאַפּיע פון דיינע קאַפּריזן, — האָט זיך מאָרים באַפרייט.

קאַרל האָט זיך געלאָזט הערן:

— האָדע, האָדע.

— זע נאָר, ער ווייסט שוין מײַן נאָמען, — איז האָדל צו און געכאַפּט דאָס קינד אַף די הענט. געטאַנצט אַ וואַלס און זיך אַליין אַקאָמפּאַנירט.

— הער אַ געמבעלע, — האָט מאָרים אַרײַנגעשריגן אין קיך צו מירע'ן.

מירע איז אַרײַן און געגרייט צום טיש.

שטיקלאַך און ברעקלאַך נײַעסן און נײַגעריקייטן האָבן באַגלייט די ביסנס אין מויל אַרײַן. צופיל פראַגן האָבן זיך אָנגעיאָגט אין שוועסטער'ס מוחות, מ'זאָל ריידן רואיק און גאַנץ.

.3

דער בידנער ווינטער־טאָג איז צוריבן געוואָרן אין קיך ביים וואַשן די טעלער. אַ סקריפּנדיקע שנייאיקע נאַכט האָט זיך אונטערגעקוקט אין די פענסטער: „צינדט אָן אַ ליכט — כ'בין דאָ מיט מײַן ווייסער באָרד און רויטער נאָז".

יונגען און בחור'טעס זײַנען אַרײַן מיט געלעכטער און רויטע באַקן.

— אַ חבר'טע פון רוסלאַנד, אַזאַ גאַסט. דערציילט, דער־ציילט. אַלע ווילן, אַז האָדל זאָל כאַטש אַוועקשטעלן דעם גאַנצן סאָוועטן־פאַרבאַנד אינמיטן צימער, און זאָלן אַלע זען.

— האָדל איז אַ קאַרגע, — באַקלאָגט מען זיך פאַר מירע'ן, — זשאַלעוועט אַ וואָרט.

— אַז אַלע האָבן זיך פאַרלייגט אַף מיר. כ'פאָר נאָך ניט אוועק. כ'וועל דערציילן, דערציילן, — האָט זיך האָדל גע־פלאַמט. — לאָמיר עפּעס בעסער אַ זינג טאָן, אַ טאַנץ טאָן, אַז מ'זאָל וויסן אין אַמעריקע, אַז איך בין דאָ.

און האָדל אַליין טאַקע האָט דאָס די ערשטע אַ צעוויקל געטאָן אירע פּיסלאַך, אַ צעעפן געטאָן איר סאַפאַראַנדעלע, און חברה האָט שוין אונטערגעכאַפּט.

געטאַנצט, געזונגען, געלאַכט ביז אין שפּעטער נאַכט אַרײַן.

אײַנציקווייז האָט מען, ינעבאַך, געמוזט אַרויפציען די מאַנטלען, אַרויפשלעפן די קאַלאָשן און זאָגן אַ גוטע נאַכט: „ווײַל מאָרגן מוז מען גיין אין שאַפּ אַרײַן", — האָט מען דער־

קלערט האָדל'ען מיט אַ שטאָלצן טאָן, וואָס איז געווען אַרומ־געריימט מיט אַזאַ מין באַדויער און בענקעניש.

האָדל האָט דאָס נאָך ניט פאַרשטאַנען. נאָר זי האָט געפילט, ווי יעדער בחור און מיידל נעמט עפּעס צו ביי איר אַ זשמעניע פרייד, לעבעדיקייט — און לאָזט איר איבער אַ בינטל וואַכעדיקייט.

.4

און די טעג האָבן אָנגעהויבן צו ווערן געוויינלאַך און פּשוט אין מירע'ס הויז. האָדל האָט שוין געאַרבעט. מאָרים איז, ווי פאַר האָדל'ס עפּאָכע, געגאַנגען מערסטנס צו מיטינגען, און מירע — ס'רוב צו אונטערנעמונגען. ווייל קאַרל וויל נאָך אַליין אין הויז ניט בלייבן.

נאָר מירע'ן דוכט זיך, אַז, ווען מאָרים מיט האָדל'ען גייען אַרויס פון הויז צו אַ מיטינג, הויבן זיי אָן ריידן לעבעדיק און לאַכעדיק. און ווען זיי קומען צוריק, ריידן זיי שטיל אַביסל ביי דער טיר, זייער סוד זאָל אין הויז ניט אַריין. און ווען מאָרים פאַרשליסט די טיר — פאַרשליסט ער אויך זייערע מוחות.

שעה'ן פלעגט מירע זיצן מיט קאַרל'ען, קוקן אין זיינע אויגן. אפשר האָט מאָרים באַהאַלטן דאָרטן זיין סוד. אָדער אפשר האָט האָדל דאָרטן אַוועקגעלייגט אַ געדאַנק.

אָפּטלאָך האָט זי אונטערגעהאַלטן איר מוח, ער זאָל ניט פלאַצן און זיך דורכגעשמועסט:

„פאַרוואָס טראַכט זי אַזוי?"

„ס'האַרץ".

„האָדל איז דאָך אַ שוועסטער, און מאָרים אַזאַ גוטער".

„זי איז לעבעדיקער, שענער, אַ מיידל. ער — אַ פרייער פויגל".

„קאַרל איז מיין שונא".

„נאַרישע מירע, לייען בעסער אַ בוך".

נאָר קיין בוך לייענט זיך ניט. די קעפּלאַך פון די צייטונגען כאַפּן אויף די אויגן. די קלענערע בוכשטאַבן הויבן אָן צו שפּרינגען. זי קאָן זיי ניט באַהערשן.

קאַרל שלאָפט שוין. איר קאָפּ שפּאַלט זיך. זי בינדט אַרום איר שטערן מיט אַ טיכל. זי קוקט אַרײַן אין קישן:

„רעכט האָבן זײ... ניט קײן אײגנטום...“

זי האָט אױפגעהערט צו טראַכטן. אין דער טיר האָט זיך געדראַפּעט אַ שליסל. פון יענער זײט דערטראָגט זיך אַן אָפּ־געריסענער לאַך, אַן אָפּגעהאַקטער קוש.

„אױב פרײַ, גערעכט, צו װאָס אין געהײם. גנבה?“

זי שטרענגט זיך אָן צו ליגן אומבאַװעגלאַך, אָן אָטעם.

עס דערטראָגט זיך אַ קורצער זאַץ: „זי שלאָפט“. אַ קלאַנג פון ליפּן־באַריר.

.5

מירע פלעגט אַמאָל אומגערן בלײַבן שטײן בײַם שפּיגל און ציען אַ פּאַראַלעל: שװאַרצע אױגן — בײדע אין דער מאַמען געראָטן. באַקן — זײַנען נאָך רױטלאַכער פון האָדל׳ס. װאוקס — איז זי העכער. מיט׳ן צינגל שלײפן זײ בײדע די װערטער גלײַך, און עס קומט אַרױס מיט אַ הילכיקן קלאַנג. דאָס ביסל לעבעדיקײט האָט מירע אָבער פאַרלױרן. מאָרים האָט אַ היבש ביסל אױפגעפרעסן, און דאָס איבעריקע האָט קאַרל צוגענומען.

און האָדל פאַרמאָגט דאָך אַזױ פיל פרישע לעבעדיקײט.

„איז דערפאַר?“

„קען זײַן, יאָ־יאָ“.

פלעגט מירע אַראָפּבױגן דעם קאָפּ און זיך נעמען צו שטוב־אַרבעט.

געדאַנקען האָבן זיך אָבער עקשנות׳דיק אײַנגעאַקערט אין איר מוח. זי האָט קײן אַרבעט רואיק ניט געקענט דורכפירן. װי אַ װעכטער היט אַן אַרעסטירטן, גײט נאָך זײַנע טריט, אַזױ האָט אַ טרױער באַגלײט מירע׳ן זינט האָדל איז געקומען.

אַף יעדער זאַך האָט מירע געזען האָדל׳ס שטעמפּל: מאָרים פּוצט זיך מער, װי פריער. קײנמאָל ניט געטראָגן אַזעלכע גלאַנציקע שיך. בײַט די קעלנער אָפט. זײַן פּנים שטענדיק אָפּגעשאָבן, פריש. זײַנע גרױלאַכע אױגן גלאַנצן. ער איז נאָך העכער געװאָרן.

צו איר — קאַלטבלוטיק געוואָרן.
מיט האָדל'ען זינגט ער.
„אַך, ווי נאַריש דו ווערסט, מירע".
מירע האָט זיך געשטאַרקט. זיך אָפּט פּיין אויסגעזידלט. אַליין זיך אויסגעלאַכט, וואָס זי וויל מיט'ן שכל פאַרשטאָפּן דעם ווייטיק פון האַרצן.

## .6

האָבן זיך שוין צווישן אייגענע חברים געפונען גוטע פריינט, וואָס האָבן זיך אַזוי ליבלאַך געזאָרגט פאַר מירע'ן און איר געבראַכט גרוס ן.

מירע האָט געפירט מיט זיי אַ קאַמף. אייניגע אַפילו גאַנץ פּיין אויסגעזידלט: „אַזאַ קליינבירגערלאַכקייט. קיינער איז ניט פאַרקויפט".

טיף אין האַרצן איז אָבער צוגעקומען מיט יעדען גרוס אַ פּעקעלע פּולווער. דאָרטן, ערגעץ אין די פאַרבאָרגענישן, ליגן זיך די פּעקלאַך שטיל אַוועק. און ווען ס'וועט אויפבליצן אַ פונק, אַ פּייערל, וועלן די פּעקעלאַך אויפרייסן.

און דעמאָלט וועט געשען אָדער, אָדער — — — —

נאָר געקומען איז דאָס אַזוי אומגעריכט און קורץ און שאַרף:

זונטיק האָט מען צוזאַמען פאַרבראַכט שפּעטלאַך און זייער פרייליך. האָדל האָט אַפילו אַריינגעגאָסן אַן איבעריק גלעזל וויין און קאַרל'ען געקושט היים. מאָרים האָט אַפילו צו־פּיל גערוויכערט און זייער ווייניק גערעדט, נאָר שטיל מיטגעשמייכלט, ווען אַ וויץ האָט געפּאָדערט.

די היימישע חברים, וואָס האָבן מיטגעהוליעט, האָבן אַפילו ניט געטראַכט וועגן — — —

און מירע האָט אויך ניט געפילט, אַז — — — —

נאָר מאָנטיק אינדערפרי, ווען מירע האָט זיך געלאָזט דורכ'ן עס־צימער, האָבן צוויי ווייסע צעטעלאַך איר איבע־גע־האַקט דעם וועג. די צעטעלאַך זיינען געשטאַנען אַפ'ן טיש, אונטערגעשפּאַרט, ווי שפּיגעלאַך, מיט אַ באַפעלערישן אָנזאָג:
„לייען שנעל, מירע".

מירע איז צוגעלאָפן צום טיש, געכאַפּט די צעטעלאַך אין די ציטערנדיקע הענט. נאָר לייענען האָט זי ניט געקאָנט, ווייל די צעטעלאַך האָבן זיך גערייצט מיט מירע׳ס אויגן.

מירע האָט זיך אַראָפּגעזעצט אויף דער סאָפּקע. טיף אַריינגעצויגן דעם אָטעם, — אַרויסגעלאָזט מיט אַ זיפץ. זי האָט אויסגעגלייכט איר פּלייצע און שטאָלץ אָנגעשטעלט אירע אויגן:

„מירע!

„מער האָבן מיר שוין ניט געקענט. איך וועל העלפן איבער מיינע כחות. קוש קאַרל׳ען. מאָרים“.

„מירע!

„אַנטשולדיק, שוועסטער, אַזוי האָט עס געמוזט געשען. האָדל“.

7.

פון יענעם מאָנטיק אינדערפרי האָט מירע אַראָפּגעלאָזט די אויגן און געשוויגן.

שטיל, ווי אַ גנב, אויספּאַרקויפט דאָס ביסל מעבל, זיך איבערגעפירט צו אַ חבר׳טע אין אַ צימערל.

נאָך שטילער אַוועק אין שאַפּ אַריין.

און טאָג נאָך טאָג איז מירע אַהיים געקומען, זיך באַהאַלטן מיט איר קאַרל׳ען אין צימערל און דאָרטן צונויפגעלייגט די טעג אין אַ קניפּל:

— און אַז דו וועסט ווערן אַביסל גרעסער, וועל איך דיך פירן צו דיין פּאַפּען, — האָט מירע גערעדט צו קאַרל׳ען.

און געלייענט האָט זי בריוו. פריינט האָבן איר שוין געלאָזט וויסן, ווי און וואו מאָרים מיט האָדל׳ען וואוינען. און געוואוסט האָט מירע, אַז יעדער בריוול מיט אַ טשעק, וואָס מאָרים באַקומט צוריק, ווייל איר אַדרעס ווייסט ער ניט, איז ווי אַ קויל אין זיין האַרצן. איז דאָס געווען איר טרייסט.

און געלייענט האָט מירע ביכער. זייער פיל — ביז האַלבער נאַכט. גלייך ווי דאָרטן זיינען פאַרשריבן פּלענער, וואָס זי מוז דורכפירן גאָר אינגיכן.

ווייל מירע איז שטילער און שווייגנדיקער געוואָרן, האָט זיך

איר קאָפּ נאָך מער געבויגן. די שווערע משא, געדאַנקען־פּעק, האָט זיך געצויגן צו דער ערד.

חברים און פריינט, וואָס האָבן זי זעלטן באַגעגנט, האָבן זי כמעט ניט דערקענט:

— וואָס איז געשען מיט אייך, מירע?

— אַ פייער. מיין זון וואַרט אַף מיר. אַנטשולדיקט.

קורץ און ניט מער. מירע האַלט איצט אינמיטן פּלאַן. זאָל וועלט וואַרטן, נישקשה.

## 8.

אַף אַ שטילער גאַס אין פילאַדעלפיע האָט זיך אין אַ שבת אָוונט צעשפּרייט אַ הוליאַנקע־געזאַנג, דאָס איז געקומען פון די נייע שכנים. „מאָדנע מענטשן — האָט גאַס געמורמלט — געהערט? — אַ רויטן ברית“.

רעדעס האָבן דאָרטן געפלאַקערט, הענט זיינען אַזש צעטראַסקעט געוואָרן. פיס האָבן אויסגעהאַפּקעט רוסישע טענץ און אויסגעדזשיגעט — אַמעריקאַנישע. לידער — פון גאָר דער וועלט. ווייַן האָט זיך געגאָסן, ווי — סאָדע־וואַסער.

האָדל איז געזעסן אָן אַ זייט, אַ שיינענדיקע, נאָר נאָך שוואַך צו הוליען. מאָרים איז אַרומגעגאַנגען, מיט יעדן געכאַפּט אַ שטיקל שמועס, באַשמייכלט, פאַררויכערט און זיך פאַרטראַכט.

לאַנג טראַכטן האָט חברה ניט געלאָזט — האָט ער געמוזט טאַנצן מיט בחור'טעס אַ קייַלאַכדיקס. ער האָט זיי אַלעמען באַשמייכלט, פאַררויכערט און זיך אויסגעדרייט פאַרקלערט...

און ווען מירע האָט געעפנט די טיר, זיינען אַלע געבליבן שטיין מיט אָפענע מיילער, אויסגעשפּרייטע הענט. האָדל'ס אויגען האָבן שוין געהאַלטן ביים אַרויסשפּרינגען. נאָר מאָרים האָט זיך אַ רוּאיקער אַראָפּגעבויגן און גערופן מיט הענט קאַרל'ען.

מירע האָט קאַרל'ען איינגערוימט אַ סוד, איז ער צוגעלאָפן צו מאָרים'ן:

— פּאַ־פּאַ.

מאָרים האָט קאַרל'ען געקושט.

די קאָמפּאַניע האָט געמאַכט בלױז אײן באַװעגונג, אַ פֿרעגנדיקע.

מירע האָט זײ נאָך אַ קוק געשענקט, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און איז אַרױס.

זי האָט שנעל געשטעפּט אירע טריט צום װאָקזאַל, די פֿיס זאָלן ניט װעלן פֿאַרראַטן.

װינטל האָט געטריקנט טרערן אױף באַקן און שװײס אױף שטערן.

אױפֿן װעג קײן ניו יאָרק איז מירע געפֿאָרן באַגלײט מיט צװײ טראַכטונגען:

„אײן װעלט שױן דורכגעלעבט“.

„איצט — אױף דאָס נײַ“.

מאַקס פּערלאָוו

# ניו־יאָר

מערי איז מיט אימפּעט אַריינגעלאָפן אין הויז און האָט מיט זיך אַריינגעטראָגן אַ שטראָם באַגייסטערונג. נאָך זייענדיק בײַ דער טיר האָט זי שוין געלאָזט פילן איר פריילאַכע שטימונג, ווען זי האָט צו זיך אַליין גערעדט: „אָ, דזשי! וואָט אַ סוועל טאַים!...".

אין הויז זיינען געזעסן עטלאַכע מענטשן, געסט, געקומענע צו אירע עלטערן. מערי האָט געצויגן אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט מיט איר ווילדער צופרידנקייט; זי האָט צו אַלעמען געוואָרפן אַ פאַרבייגייענדיקן „העללאָ, פיפּל", איז צוגעלאָפן צו דער מוטער, וואָס האָט נאָכגעקוקט איר יעדן טראָט און זי טאָכטעריש אַרומגענומען, אויפהויבנדיק בעת מעשה די לינקע פוס ביז'ן טיש.

די מוטער האָט זיך בלומרשט געפּרואווט באַפרייען פון איר טאָכטער'ס פּלוצלימדיקן אַרומנעמען. דאָך האָט זי געוואָרפן מוטערשע, צופרידענע בליקן צו אַלע אַרומיקע, ווי איינער זאָגט: זעט, ס'אַרא טעכטערל...

מערי האָט אָבער די מוטער אַזוי גיך ניט אָפּגעלאָזן, זי געטוליעט צו זיך און צופרידן דערציילט:

— יו נאָו ,מאַ, אַי עם גאָאינג אוט ניו־אירס איוו".

— וואוהין? — איז שוין די מוטער ערנסט געוואָרן. — דו פאָרסט מיט אונז אַלעמען.

— „אָ, דזשי!" — האָט מערי ברוגז געענטפערט, — „אין ניו־אירס איוו?" איך מעג גיין, און טאָקע ביז שפּעט באַנאַכט אויך...

— מיט וועמען וועסטו גיין און וואוהין? — האָט זיך שוין דער פאָטער, אַ פריינטלאַכער מענטש, אַריינגעמישט.

מערי איז צוגעלאָפן צום טאַטן:

— אָ פּאַ, אַלע גייען... אַן אויטאָמאָביל... „וואָנס עי איר" מעג מען...

דער פּאָטער האָט איר גאָרניט געענטפערט, נאָר מיואש'דיק געקוקט אױף איר. נאָכדעם איז זיין פּנים באַדעקט געוואָרן מיט טיפן ערנסט און באַזאָרגטקייט. מערי האָט דאָס שוין אָבער ניט באַמערקט, ווייל זי איז שוין געווען אין צווייטן חדר און ווי צו זיך אַליין געמורמלט:

„אָ, שור, אַי עם גאָאינג טו גאָו, אפילו איר ניט וועלן... אַי וויל העוו סאַם סוועל טאַים..."

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מערי'ס עלטערן זיינען געווען אריבערגעקומענע פון אַן אוקראַי־ניש שטעטל. געקומען זיינען זיי ביידע נאָך אַלס יונגע קינדער. איטע, מערי'ס מאַמע, דאַן אַ יונגע מיידל, איז אריינגעכאַפּט גע־וואָרן אין די נעגל פון דעם אַמעריקאַנישן סוועט־שאָפּ; דאַן האָט זי געטראַכט אַ סך וועגן דעם אָרימען אַרבעטער־לעבן און האָט אין איר הארצן געטראָגן אַ שטאַרקן פּאַרדרוס אױף די באַלעבאַטים, וואָס אונטערדריקן אַזוי גרויזאַם די אימיגראַנטן.

זי האָט בלויז געטראַכט וועגן די אומגליקלאַכע אימיגראַנטן, ווייל דאָס איז דעמאָלט געווען איר אַטמאָספערע. נאָך ביז היינט זיינען בא איר אין זינען פאַרבליבן אַט יענע חדשים און יאָרן, ווען זי האָט אירע טעג בא דער מאַשין פאַרשטעפּט; ווען די באַלע־באַטים זיינען איבער איר רוקן געשטאַנען און געטריבן ווי מען טרייבט אַ שקלאַף.

איטע האָט נאָך אפילו היינט ליב צו דערציילן וועגן פיל אינצידענטן פון יענער צייט; נאָר אַט די דערפאַרונג נוצט זי זייער זעלטן, און דאָס איז בלויז אין דער צייט ווען זי קומט זיך צוזאַמען מיט איר אָרימער משפחה... טאָ זאָל די משפחה וויסן, וואָס זי, איטע, האָט דורכגעמאַכט... דערציילט זי, אַז אַמאָל האָט אַ נאָדל אין איר פינגער אריינגעטאַנצט און זיך איבערגעבראָכן. זי האָט דאַן פון ווייטאָק שטאַרק געשריען און איז געווען געצוואונ־גען אַרונטערצולויפן אין שפּיטאָל. די נאָדל איז אין אַ פּאָר מינוטן אַרום אַרויסגעצויגן געוואָרן און זי איז צוריק אַרויפגעקומען אַר־

בעטן. ארום און ארום האָט זי פאַרלאָרן אַ פערטל שעה, און ווען עס איז געקומען צום צאָלן, האָט דער באַלעבאָס ארונטערגענומען די עטלאַכע סענטן.

דערציילט עס היינט איטע און טוט אָפּט אַ זיפץ: שווער געווען אמאָל צו לעבן...

האָט איטע דאָן אין איר עלנטקייט אַ טרייסט געזוכט. זי האָט געפונען אַ געליבטן, אויך אַן אָרימער שניידער; אַ געזונטער יונג איז ער געווען: בער האָט מען אים גערופן.

ווען בער האָט איטע'ן אין די אָרעמס ארייינגענומען און זי צום הארצן געדריקט, האָט איטע אירע פּיסלאַך אַזש ביז צו די אַקסלען אויפגעהויבן. זי האָט אַפילו אַ פּאָר מאָל פאַר אַזאַ שפּיל גע־פּרואווט איבער באַקן דערלאַנגען, נאָר בער האָט חוץ זיין געזונטן גוף אויך אַ שיינע, ליבלאַכע שפּראַך פאַרמאָגט. גערעדט האָט ער קלוג און אויסגערעכנט, איבערהויפּט נאָך, ווען ער איז אַביסעלע אין התפּעלות אריין, האָבען זיך זיינע ווערטער ווי אַלטער גוטער וויין אין איטע'ס נשמה אריינגעגאָסן.

און איטע האָט פאַרשטאַנען באַ זיך: איך האָב אים ליב, דעם בער'ן. אַן אָרים מיידל בין איך, אַרבעטן שווער אַרבעט איך, און די עלנטקייט נאָגט מיין נשמה ארויס... ס'איז דאָך אַזוי גוט צו האָבן אַ מאַן, אַט טאַקע אַזאַ ווי בער, און לעבן צוזאַמען. ער וועט מיין עלנטקייט פאַרטרייבן, מיר וועלן ביידע אַ היים אויפבויען, ביידע אַרבעטן און צופרידן זיין...

אַזוי האָט איטע באַ זיך געטראַכט. בער'ן האָט זי אָבער אַזוי גיך ניט נאָכגעגעבן. זי האָט ליב געהאַט אים צו זען אַ פאַרטראַכטן. ס'איז דאָך זייער אינטערעסאַנט צו זען, ווי אַט דער גרויסער בער בלייבט אומעטיק צוליב אַט דער קליינער איטע'ן, און איטע'ן איז גוט פאַר'גנב'עטערהייט אויפצוהויבן די אויגן און זען זיין פאַר־טראַכטן בליק; ווייסן, אַז אפילו בער'ס שפּראַך איז ניט גענוג רייך אויסצודריקן זיין איצטיקע שטימונג.

נאָך דער חתונה זיינען זיי ביידע געגאַנגען אַרבעטן, נאָר ווען אַ קינד איז געקומען, און איטע האָט מער ניט געקענט אַרבעטן, איז זי אויך פאַרצווייפלט ניט געוואָרן: ערגעץ אין דער איסט־סאַיד געטאָ, אין אַ שמוציקער געסל, האָבן זיי עטלאַכע חדרים גענומען

ארויסגעהאָנגען אַ מודעה, אַז דאָ ווערן „באָרדערס” אָנגענומען, און פון אַט די „באָרדערס” האָט איטע טאַקע געהאָלפן די הויז אויפ־צוהאַלטן.

האָט איטע געאַרבעט שווער אין יענע צייטן. צופרידן אָבער איז זי געווען, ווייל בער איז דאָך צו איר אַזוי ליבלאָך און גוט גע־ווען. קומענדיג פון דער אַרבעט, פלעגט ער צוקומען צו זיין יונג ווייבל, זי וואָגיק אַ הויב טאָן, צודריקן צו זיך און אַ האַרציקן קוש טאָן אין שטערן. אַ שמייכל האָט שטענדיג איבער זיין פּנים גע־שוועבט. און דאָס האָט זיי ביידן מוט צוגעגעבן. איטע האָט הויך און ברייט געלאַכט און בער האָט ברייט און צופרידן גע־שמייכלט.

ובפרט נאָך ווען דאָס ערשטע קינד האָט אָנגעהויבן אונטער־וואַקסן, ווען דאָס קינדישע שפּיל האָט זיך אין הויז געלאָזט פילן, האָבן זיי זיך אודאי געפילט גליקלאָך. איטע האָט אָפּגעשאַצט דאָס פאַרלאָזן פון שאָפּ, און אין איר איצטיקער אַרבעט האָט זי געזען אַן אומאָפּהענגיגקייט און געלעגנהייט אָפּצושפּאָרן אַ פּאָר דאָלער.

זיינען יאָרן געלאָפן. עס זיינען געקומען נאָך אַ פּאָר קינ־דערלאָך, אַ פּאָר אָפּגעשפּאָרטע „גראָשנס” איז שוין אויך פאַראַן. ובפרט נאָך, אַז בער האָט געקראָגן זייער אַ גוטע שטעלע פון אַ פאָרוואַלטער איז אַ גרויסער קליידער־פאַבריק, איז דאָך אודאי גוט.

די גוטע שטעלע איז ווי דורך אַ צופאַל געקומען.

אין דעם שאָפּ, וואו בער האָט געאַרבעט, האָט זיך עפּעס גע־טומלט. דער באַלעבאָס האָט געיאָגט די אַרבעטער נאָך מער ווי געוויינטלאָך. אַרבעט ווערט געמאַכט און גלייך אַוועקגעשיקט פון שאָפּ. אַלע אין שאָפּ זיינען אָנגעשטריינגט: וואָס איז די יאָגע־ניש? בער אָבער זיצט איינגעהויקערט איבער זיין מאַשין און שווייגט. עפּעס אַ גרויסן סוד וועבט ער איצט אַריין אין אַט דעם געשטעפּ. נאָך דער אַרבעט איז בער געבליבן דער לעצטער אין שאָפּ; ווען אַלע זיינען זיך צוגאַנגען, איז בער אַריין אין „אָפיס” און האָט כמעט ווי אַפ'ן וואונק געהאַט מיט'ן באַלעבאָס אַט אַזאַ מין געשפּרעך:

באַלעבאָס: הער, בער, דו ביסט מיינער אַ פלימעניק

און פאַר דיר קאָן איך זיך פאַרטרויען. דו ביסט אַ בלאַטער יונג און מיר וועלן קאָנען דעם „דזשאָב" דורכפירן.

בער: כ'מיין, פעטער, איך וויל אַ לעבן מאַכן... מיין איטע אַרבעט צו שווער... איך וויל ניט קיין געלט, נאָר אַ גוטע שטעלע...

דער פעטער, אַ איד, וואָס האָט שוין אַ סך דערפאַרונג אין אַמעריקאַנישן לעבן, האָט אַ שמייכל געטאָן. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און בער'ן איבער די ברייטע פּלייצעס געקלאַפּט: בער, עס איז אָלרייט! דו ביסט אַ גוטער בעל־מלאָכה און דו וועסט מיין פּאַרטנער ווערן... אַ הונדערטער אַ וואָך. גוט?

בער'ס אויגן האָבן דערשראָקן און מיט ניט ווייניק איבערראַשונג אָנגעקוקט זיין שמייכלענדיקן פעטער. אין דער מינוט האָבן זיך שוין צענדליקער בילדער פון גוטן לעבן געשאָקלט פאַר זיינע אויגן. ער האָט גאָרנישט געזאָגט, נאָר שטאַרק געדריקט דעם פעטער'ס האַנט.

און נאָכדעם: אַפּגעמאַכט! אָ, זאָלן די „קאָמפּאַניס" איינגעזונקען ווערן! זיי זיינען גענוג רייך...

בער האָט דאַן גענומען אויף זיך אַ ריזיקאַלישע אַרבעט. זיין פעטער האָט עס מורא געהאַט דורכפירן און בער האָט אים געמוזט אַרויסהעלפן: ער איז פאַרט יונג און געזונט. פאַר אים וועט עס זיין גרינגער דורך דעם דאַך אַרויסקריכן און פון דאָרטן מיט דער וואַנט וואָס פירט צום „יאַרד" זיך אַפּ'ן פּאַרקאַן אַרונטערגליטשן. דורך דער טיר קאָן מען ניט אַרויסגיין, ווייל עס שטעקט אַ געפאַר אין דעם...

בער האָט דעם „דזשאָב" גוט דורכגעפירט כאָטש זיין ברייט האַרץ האָט שטאַרק געקלאַפּט און אין זיין קאָפּ האָבן זיך שרעקנדיקע פאָרשטעלונגען געבאַמבלט; דאָך האָט ער אַפילו אָן איטע'ס וויסן דאָס דורכגעפירט, ווייל עס איז שווער פאַר איטע'ן צו אַרבעטן.

---

בער איז צוזאַמען מיט'ן פעטער'ס קליידער־פאַבריק געוואַקסן. דער פעטער האָט זיך איצט אָן בער'ן קיין קער ניט געטאָן. ער האָט אים געהאַלטן כמעט ווי אַ שותף צו זיינע געשעפטן.

איטע האָט שוין מער קיין „באָרדערס" ניט געהאַלטן. זי האָט

זיך אָפּגעגעבן מיט פּוצן און צוואָגן אירע קינדערלאַך, וועלכע זי האָט שטאַרק ליב געהאַט. די קינדער זיינען שוין אויסגעוואַקסן. אַרבעטן דאַרפן זיי ניט גיין, ווייל דער „פּאַ" מאַכט דאָך פאַר זיי א שיינעם לעבן...

בער ווערט א בכבוד'יקער איד. זיין בויך וואַקסט פון טאָג צו טאָג. עס איז ניטאָ מער דער אָמאָליקער געזונטער געלעכטער און שיינע שפּראַך; זיין גאַנצער קערפּער איז איצט א צעשוואָמענער מיט ווייכע פעטע הענט; דער שמייכל אויף זיין פּנים איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א זאַטן און צעשוואָמענעם, ווי ער זאָל רחמנות האָבן אויף זיך און אויף דער גאַנצער וועלט... אין הויז האָט ער זיך דערפילט מער אָפיציעל: ער, בער, דער פאַרוואַלטער פון דער קליידער־פאַבריק... איטע האָט בא אים איצט אביסל פאַרלאָרן: ער געדיינקט דאָך זי ווי א פּשוט'ע אַרבעטס־מיידל. וואָס איז דען? וואָס האָט זי דען געטאָן, כדי זיך ארויפצואַרבעטן? גאָרניט! דאָס איז אַלץ ער, בער!

אמת, מיט איטע'ן האָט ער וועגן אַזעלכע זאַכן ניט גערעדט. ער האָט אָבער אַזוי געפילט און דאָס האָט אריינגעבראַכט אַן אומצופרידנקייט אין הויז: בער האָט מער ניט געשמייכלט צו איטע'ן אָט אַזוי ווי אַמאָל. ער איז מער געוועזן שווייגנדיק: ערשטנס, פלעגט ער אַ מערסטן ניט זיין אין הויז, און ווען ער איז שוין יע געוועזן אין הויז האָט ער זיך אריינגעזעצט אין וויג־שטול און זיך שטום געשאָקלט.

איטע האָט דאָס דערפילט. זי האָט אָבער ניט געוואוסט יווי אַזוי דאָס צו פאַרשטיין. זי האָט אויך קיין סך אויפמערקזאַמקייט צו דעם ניט געשיינקט, ווייל די קינדער האָבן פאַרנומען א סך פון איר צייט.

יע, די קינדער! די קינדער זיינען איצט געוואָרן איטע'ס אַמביציע. אָט איצט האָט זי די געלעגנהייט! אירע קינדער וועלן אויסוואַקסן דאָקטוירים און אַדוואָקאַטן, פּיאַנאָ־לערער און לערער.

די קינדער האָבן גאָר עפּעס אַנדערש געטראַכט. זיי האָבן זיך אויפגעהאָדעוועט אויף דער איסט סאַידער שמוציקער געסל, וואָס איז זייער הויז געוועזן. עס האָט זיי קנאַפּ געהאָלפן דער מוטער'ס שרייען, אַז זיי זאָלן אין שטוב אריינגיין. עס האָט זיי געצויגן

צו די פּייערן, וואָס האָבן געסמאַליעט אינמיטן די גאַסן; די גרופּעס אינגלאַך און מיידלאַך, וואָס פּלעגן זיך צוזאַמענקומען און זינגען און שפּרינגען האָבן זיי געמאַניעט אַרונטער אין גאַס.

איטע האָט ניט געקאָנט צוזען, ווי די קינדער חבר'ן זיך מיט די צעלאָזענע, אָרימע קינדער, וואָס ווייסן ניט פֿון קיין גרענעץ אין שטיפֿן; בפֿרט נאָך, אַז בער איז שוין פֿאַרט אַזאַ'ן אַרויפֿגעאַרבעטער, ווען אַ פּאָר טויזנטער זיינען שוין אין באַנק פֿאַראַן, און ווען פֿון די קינדער דאַרף מען אויסבילדן דאָקטוירים און אַדוואָקאַטן, — טאָ ווי אַזוי זשע געפֿינט מען זיך עס דאָ אויף דער איסט סאַיד? ווי אַזוי זשע חבר'ט מען זיך דאָס מיט די אָרימע אָפּגעריסענע קינדער? ניין, אַהינצו ערגעץ ווייט אַנטלויפֿן! אָט אַהינצו וואו קיינער וועט פֿון איר פֿאַרגאַנגענהייט ניט וויסען... אַ גביר'טע וועט זי אַראָפּקומען! נייע מענטשן באַגעגענען...

הגם בער האָט קיין חשק ניט געהאַט צו צאָלן הונדערט דאָלער אַ חודש פֿאַר צימערן, ווייל ער איז נאָך געווען פֿול מיט'ן לוסט צו זאַמלען געלט, נאָר ווען איטע איז שטאַרק צוגעשטאַנען, ווען זי האָט געטייטלט אויף די קינדער, ווי זיי ווערן אַ תל צווישן די שלים'מזל'ס, האָט ער סוף כל סוף געמוזט נאָכגעבן.

קוקן שכנים אַרויס דורך די פֿענסטער, ווי אַ נייע פֿאַמיליע באַזעצט זיך אינ'ם אַפּאַרטמענט. קוקן נייגעריקע פֿרויען און זיינען זיך משער, וויפֿיל זאָל אַזאַ פֿאַמיליע פֿאַרמאָגן, וואָס קאָן צאָלן הונדערט דאָלער אַ חודש. נאָך מיט מער נייגעריקייט האָבן זיי אָנגעקוקט ווען מען האָט די מעבל אַריינגעבראַכט: סטייטש, אַזוי רייך!

און איטע, ווען זי ווערט באַקאַנט מיט די שכנים, זוכט זי זיי געבן צו פֿאַרשטיין: נו, איר ווייסט דאָך, קינדער, מען דאַרף זיי צו לייטן ברייינגען...

* * *

מר. בערנשטיין'ס הויז האָט געהאַט אָנזען אין דער רייכער נאַכבאַרשאַפֿט. איטע, וואָס האָט זיך איצט גערופֿן מרס. בערנשטיין, האָט אָנגעקוואָלן פֿון אירע שיינע צימערן און מעבל. די איצט געווען פֿיר, דריי מיידלאַך און איין אינגל. אין זייער דערקינדער האָבן זיך אויך דערפֿילט דערהויבן. קינדער זיינען שוין

הויבנקייט האָבן זיי אָבער ניט פאַרגעסן די איסט סיידער חברים, עם האָט זיי געצויגן אַהינצו צו זייער לוסטיקייט ; דאָ איז פאַר זיי געווען צו איינג.

איטע, וואָס האָט טעג און וואָכן ניט געהאַט וואָס צו טאָן, האָט ווייטער געוועבט אירע חלומות וועגן די קינדער, וואָס זאָלן האָבן פּראָפעסיעס, און ווען יאָרן זיינען געלאָפן און די עלטערע מיידל איז שוין זעכצן יאָר אַלט געוואָרן, האָט איטע אַלץ מער אונטערגעשטראָכן איר פאַרלאַנג : סיידי מוז זיך לערנען גוט ! סיידי מוז זיין אַ לערערין און קריגן אַ דאָקטאָר פאַר אַ מאַן... סיידי דאַרף זיך אויפפירן גביריש, פאַרנעמעריש...

סיידי האָט אָבער פיינט געהאַט דער מאַמע׳ס ארויפגעצוואונגענקייט. וואָס מער איטע איז צו איר צוגעשטאַנען, אַלץ מער איז סיידי אויפגעבראַכט געוואָרן.

— ניין ! איך וויל ניט לערנען ! — פלעגט זי שרייען. — איך האָב גענוג געלט און קאָן לעבן אַ גוטן טאָג... קאַם־אָן נאָך אַ „דרעס” ! קאַם־אָן נאָך אַ „קאָוט ! ווהאַט׳ס די מעטער, מאַ ? יו גאַט פּלענטי אָוו מאָני !...

און אַזוי, ניט וועלנדיק זיך לערנען, האָט דאָך סיידי געענדיקט היי־סקול. איטע פלעגט זיך צוהערן צו אירע געשרייען און ניט וואַגן איר ניט נאָכגעבן : טאָמער וועט זי דערפאַר אָנגיין מיט׳ן לערנען, טאָמער וועט זי דערפאַר נעמען אַ פּיאַנאָ־לעקציע ; איז — נאַדיר דיין פאַרלאַנגטע קלייד, מיין טאָכטער !

די טאָכטער פלעגט עס פיין צונעמען, געבן אַ קוש דער מאַמע׳ן, פאַרשמירן די ליפּן און די באַקן, אריינשטעקן אין די אויערן צוויי גרויסע רינגען, וואָס האָבן זיך כמעט ביז די אַקסלען געבאָמבלט, און מיט שטיפערישקייט פון הויז אנטלויפן.

זיינען טאַנץ־זאַלן אַ סך פאַראַנען אין ניו יאָרק, און קאַבאַרייען און קינעמאַטאָגראַפן אויך, טאָ ווי אַזוי זשע זאָל אַ ניינצן יאָריקע מיידל, ווי בערנשטיינ׳ס טאָכטער, דאָרטן ניט זיין ? און, אַז פאַר אַ מיידל אַליין פּאַסט דאָך ניט גיין, מוז מען קריגן אַ בחור, וואָס זאָל אויסנעמען ; נו, איז דען אַ גרויסע זאַך צו קריגן אַ בחור, ווען אַ מיידל ווייסט נאָר די שפּיל, ווען די ליפּן קאָנען זיך צונויפציען און פון די ווייבע שטיקלאַך אראָפּהייגנגענדיקע קישעלאַך פון די

אויערן שמעקט פערפיום... ווען דער קערפער קאָן זיך אזוי גראציעז דרייען און זיך בויגן; ווען „מואווים" דערציילן אונז אזעלכע שיינע געשיכטעס פון טויזנט און איין נאכט, ווי רייכע אקטריסעס און גביר'ישע קינדער לעבן זיך, טאָ פארוואָס־זשע זאָל סיידי אזוי ניט לעבן? ווייסט סיידי, אז זי איז א מיידל, און זי ווייסט אויך, אז בחורים דארפן קניען פאר מיידלאך און זייער קוש פארלאנגען, און אז מיידלאך דארפען פארווארפן די העלזער און פארמאכן די אויגן... טאָ פארוואָס־זשע זאָל דאָס „מיס" בערנשטיין ניט טאָן?

זעט איטע, מרס. בערנשטיין, צו ווי איר סיידעלע באשמירט דאָס נעזל און די בעקלאך, און באפארבט די ליפּן. אין הארצן קוועלט זי אָן: א גרויסע מיידל שוין! נאָר פונדעסטוועגן ווארפט זי איר אונטער עטלאכע ווערטער, פארוואָס זי לערנט זיך ניט.

לאכט סיידעלע און שטעקט דער מאמע'ן ארויס א צונג, טוט זיך א קלאפּ אין הינטער־חלק, פארדרייסט די קליידל העט ארויף און לויפט ארויס פון שטוב.

בלייבט איטע שטיין און קלערט א ביסל: ס'איז עפּעס זייער ניט שיין. זי איז אמאָל אזוי ניט געווען. מיטאמאָל דערמאָנט זי זיך אָבער: אלע אמעריקאנישע קינדער זיינען אזוי, איבער־הויפּט די גביר'ישע, טאָ וואָס איז דאָ די געפאר?...

און די קלענערע קינדער וואקסן אויך און לערנען זיך פון דער עלטערער שוועסטער. אלע צוזאמען פּטר'ן ארונטער די „האָום וואָירק" און ריידן וועגן „גוד טיימס" און „באָיעס" היינט נעמט דער „דוירטי..." אוים, און מאָרגן דער... די טעג ווערן באשטימט אין פּאָראוים, ווען און מיט וועמען „אויסצוגיין"...

און מרס. בערנשטיין אליין האָט זיך אויך ניט פארזען. אז שכנים זיינען פאראַן רייכע און מען גייט אוים, מען פארברייגגט גוט, דארף זי דאָך קיין אויסנאַם ניט זיין; ובפרט, אז מר. בערנ־שטיין איז היינט אזוי פארנומען, שטענדיג אין געשעפט; ער דארף שטענדיק זיין אין דער געזעלשאפט פון זיין אָנקל און אנדערע מאנופעקטשורערס, און סיידי אנטלויפט מיט אירע פריינט, און די קלענערע גליטשן זיך שוין אויך צוביסלאך ארוים פון שטוב, טאָ פארוואָס זאָל'זי בלייבן אליין?

נאָר ווען אמאָל בלייבט זי פאָרט אליין, און ניט ווילנדיק קומט

איר אַפּ׳ן זינען איר פאַרגאַנגענהייט. דאַן ווערט איר עפּעס קשה, שווער אַפ׳ן האַרצן: עפּעס הינקען אירע אַמביציעס אונטער, סיידעלע איז ניט דאָס, וואָס זי, איטע, האָט געוואָלט. סיידי שרייט אַף איר... סיידי איז אַן אויבערפלעכלאַכע מיידל... זי ווייסט פון גאָרניט און וויל פון גאָרניט וויסן... די אַנדערע קינדער אויך אַזוי... און יאָרן לויפן. אָט איז שוין סיידי איין און צוואַנציק יאָר... וועט זי קריגן אַ דאָקטאָר אָדער אַן אַדוואָקאַט פאַר אַ מאַן?... וועט זי?...

קוקט מרס. בערנשטיין נאָך יעדן טראָט סיידעלע׳ס, יעדן בחור וואָס קומט אין הויז אַריין. די בחורים אָבער קומען עטלאַכע מאָל און פאַרשווינדן, און קיין „גרויסע" מענטשן שאַרן זיך עפּעס ניט צו: דער איז אַן אָרימער, און יענער איז אַן אַרבעטער... זי הויבט אָן געבן אָנצוהערעניש סיידי׳ן, און הגם סיידי לאַכט זיך אויס, דאָך ווירקט עס אַמאָל אַף איר.

— די „באָיעס", גאַדעמיט! — שרייט סיידי, — איך האָב זיי ערגעץ אַנדערש... איך... איך...

און בעת מעשה שמירט זי נאָך גרעבער די ליפּן און וואַרט נאָך מיט מער נייגעריקייט פאַר׳ן טעלעפאָן־רוף.

צוריק מיט אַ פּאָר יאָר האָט סיידי אויך גע׳חלום׳ט וועגן דאָקטוירים און אַדוואָקאַטן, און וועגן אַ „מאַשין", וואָס וועט זיי אומעטום אַרומפירן. ווי דען אַנדערש? צו וואָס דאַרף מען דען אַ מאַן, אויב ניט פאַר דעם? צו וואָס איז דען אַ פרוי געבוירן געוואָרן, אויב ניט צו געניסן פונ׳ם לעבן? אַניט, וואָס דאַרף זי דען איר שיינעם, גראַציעזן קערפּער?... אָט מיט דעם דאַרף זי אַלץ קויפן...

איצט טראַכט זי שוין אַביסעלע אַנדערש. זי איז שוין ערנסט וועגן יעדן בחור, וואָס זי באַגעגנט אין געזעלשאַפט. דאָך פאַרגעסט זי ניט, אַז זי איז בערנשטיינ׳ס טאָכטער, פּייפט זי אַף דער גאַנצער וועלט און אַף אַלע „דוירטי מען"...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען מערי איז איצט אַ פריילאַכע איבער די צימערן אַרומגעלאָפן און גליקלאַך געמורמלט: „אָ, דזשי, וואַט עי סוועל טאַים!", איז איטע געזעסן אַ פאַרטראַכטע. אודאי וואָלט זי וועלן איר

טאָכטער אָפּשטעלן און זאָגן: הער נאַר, מיין טאָכטער, זיי ניט אַזוי איבעראַשט, דו וועסט ניט פאָרן וואוהין דו דיינקסט צו פאָרן... נאָר איטע ווייסט, אַז זי וועט דאָס ניט קאָנען טאָן. ווייל מערי וועט זיך צו איר ניט צוהערן. דאָס איינציקע, וואָס זי קאָן טאָן, איז — זיך אויסוויינען אביסל... מערי וועט טאָן וואָס זי וועט וועלן און וועט נאָך אָף איר, איטע׳ן, אָנפאַלן: סטייטש, סיידי׳ן האָסטו דען אויך ניט געלאָזן טאָן וואָס זי האָט געוואָלט? מערי האָט מער קיין דרך ארץ ניט פאַר דער מאַמע׳ן, ווייל די מאַמע איז ניט מער די גביר׳טע, מרס. בערנשטיין: דער גרויסער גביר, מר. בערנ־שטיינ׳ס פעטער, צוזאַמען מיט מר. בערנשטיינ׳ען, האָבן גרויסע אויגן געקראָגן, ספּעקולאַציע האָט זיך זיי פאַרוואָלט פירן, וואָל־סטריט שפּיל איז פאַר זיי ווי צוגעמאָסטן; האָט זיך וואָל סטריט צו זיי מיט׳ן רוקן אויסגעקירעוועט און זיי פון די ספּעקולאַנטישע רייען אַרויסגעוואָרפן: נאַט, גרויסע לייט! ווייסט, וואָס וואָל סטריט איז!... וואָל טריט קאָן אָט אַזעלכע יאָלדן פאַר׳ן גאָרגל אָנכאַפּן און זיי פאַרוואָרפן ערגעץ צום אַשמדאי...

איז מר. בערנשטיין געקומען אהיים מיט אַן אָראָפּגעלאָזטן קאָפּ. מרס. בערנשטיין האָט זיך פּשוט צוכליפּעט און איז איס אָפּ׳ן האַלז אַרויפגעפאַלן, און אפשר אָט אין יענעם מאָמענט האָט זי זיך דערמאָנט אָן דער צייט, ווען זי פלעגט אין זיינע אָרימס ליגן... איצט איז אָבער ניט דער זעלבער בער וואָס אמאָל: ניטאָ יענער געזונטער דרוק, ניטאָ יענער ענטוזיאַסטישער באַגעגענען. ניטאָ! ניטאָ דאָס פאַרגאַנגענע! יאָרן זיינען פאַרלאָפן... אַלץ איז אויס־געוועבט: דאָס געלט ניטאָ... בער פאַרלאָרן... אַפילו מר. בערנ־שטיין שוין אויך ניטאָ!... עפּעס פרעמדע לייט זיינען זיי איצט איינער צום צווייטן.

און די קינדער? איצט האָט איטע געטראַכט וועגן די קינדער. סיידי? ווי אַזוי וועט זי די אָרימקייט באַגעגענען?

סיידי האָט זיך שוין לאַנג אויסגעלאַכט פון דער מאַמע׳ן. ערגעץ אין אַ בראָדווייער קאַבאַרעט האָט זי איר אידעאַל געפונען. דאָרטן איז נאָך אַזוי פיל „עקסייטמענט” פאַראַן, דאָרטן דאַרף מען דאָך ניט הערן דער מאַמע׳ס אָנצוהערעניש, אַז מען דאַרף אַ תכלית

זוכן, אַ „באָי״ אַריינקריגן... דאָרטן איז פריי פאַר׳ן גוף און פאַר דער נשמה... משוגע קאָן מען דאָך ווערן אין דער היים...

איצט, ווען זי האָט די נייס דערהערט, האָט זי פאַרדרייט דאָס פּנים, זיך אַראָפּגעבויגן און פאַרשטאַרקט די זאָקן ביז העט אַרויף.

— איך קאָן ניט אַרבעטן! — האָט זי דער מאַמע׳ן אַ וואָרף געטאָן און איז אַנטלאָפן פון איר געוויין.

דער קאַבאַרעט איז איר היים געוואָרן.

* * *

מר. בערנשטיין האָט זיך די מוסקולן געטאַפּט: נישקשה, ער וועט נאָך אויפלעבן בער׳ס אַמאָליקע כחות! דער אַמאָליקער בער האָט אין אים אויפגעוואַכט, און ער איז געווען גרייט ווידער צו גיין אַרבעטן.

איטע האָט אַלץ באַגעגנט מיט שטילן געוויין. מיט פאַרשטיקטע טרערן פון די גרויסע צימערן זיך אַרויסגעקליבן, און אַזוי געשפּאַנט פון שטאָפּל צו שטאָפּל, אַרונטער און אַרונטער...

מערי, די אינגערע מיידל, איז דאָך אויסגעהאַלטן געוואָרן אין שול. ווייט איז זי שוין אָבער געווען פון אירע עלטערן. דאָס איינציקע, וואָס איז איר פאַרבליבן, איז נאָך געווען דאָס חנפ׳ענען זיך צו די עלטערן, ווען זי האָט פון זיי דאָך אַמאָל עפּעס געוואָלט אַרויסקריגן, אָט צום ביישפּיל, ווי אַרויספאָרן אַ גאַנצע נאַכט פאַר „ניו אירס איוו״.

מערי האָט זיך ניט געוואָלט אונטערגעבן צו די איצטיקע אומשטענדן. זי האָט פון סיידי׳ן אַלע געוואוינהייטן אַרונטערגענומען און האָט זיי נאָך איצט מער אויסגענוצט געגן איר מאַמען, וואָס איז ניט ווערט רעספּעקטירט צו ווערן...

מערי האָט גע׳חלומ׳ט פון וועלטן ברייטע, רייכע, וואו מען קאָן גאַנצע נעכט טאַנצן און שפּרינגען. דזשעז און „בלעק באָטאָם״ האָבן איר קערפּער געהויבן; די אַרויסגעהאַנגענע וויטרינעס אין גרויסע רעקלאַמעס פון טאַנץ־זאַלן און קאַבאַרייען האָבן אויך זי געמאַניעט. איינס איז איר אין הויז געוואָרן, און ווען קיין געלט איז ניטאָ און מען קאָן עס אַליין ניט פאַרדינען, מוז מען דאָך דאָס ערגעץ יע קריגן...

האָט מערי אָנגעהויבן איר קערפּער נאָך גראַציעזער פון סיידי׳ן

אַרויסשטעלן, האָט זי אירע ליפּן געפאַרבט און האָט זיך אָפּט איבער ניו יאָרקער גאַסן אַוועקגעגליטשט, האָט גערעדט און געלאַכט מיט ברייטע געלעכטערס צוזאַמען מיט נאָך חבר׳טעס, ניו יאָרקער מיידלאַך, אומרואיקע נשמות.

מערי האָט גע׳חלומ׳ט פון חתונה האָבן מיט אַ רייכן מאַן צו קאָנען האָבן אַלע לוקסוסן. איר מאַמע אַליין האָט דאָך דאָס אין איר אַזוי פיל מאָל אַריינגערעדט... איצט האָט זי אָבער קליינע אויסזיכטן, דערפאַר איז גוט צו פאַר׳שכור׳ן די צייט, ווען ניי־יאָר קומט און אַ געלעגנהייט איז פאַראַן, ווען אַ לוסטיקע חברה פאָרט אַרויס מיט אַ „מאַשין" ערגעץ איבער בערג און טאָלן... פאַרוואָס טאַקע ניט? פאַרוואָס וויל עס איר „פאָני" מאַמע ניט ליידן?...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

מערי האָט שוין קיינמאָל ניט באַגריפן פאַרוואָס איר „פאָני" מאַמע וויל עס ניט ליידן, ווייל אַף מאָרגן, דעם ערשטן יאַנואַר פון׳ם נייעם יאָר, האָט זיך אַ נייס צעשפּרייט אין אַלע צייטונגען, מיט גרויסע קעפּ האָט די סענסאַציע פון די ערשטע זייטן אַראָפּגעשריען:

„דער ניי־יאָר האָט מיט זיך אַ מיסטעריע געבראַכט: אַ יונגע אַכצן יאָריקע מיידל איז געפונען געוואָרן אַ טויטע אַף די וועגן פון ניו יאָרק אין די בערג. איר נאָמען איז מערי בערנשטיין, אַ טאָכטער פון אַן אימיגראַנט פון אַן אוקראַיניש שטעטל, ב. בערנשטיין".

שלמה דאווידמאַן

# דער טאַטע פון בעסאַראַביע.

## 1.

אין דער מלוכה פון די בראָנקס, אין דער געגנט פון מאָריסאַניע, איז געלעגן אַ שטיל פויל געסל און גע׳חלומ׳ט. ס׳איז אויפגעשטאַנען אין אַ יונג־דיקן פאַרטאָג, אין יאָר נײַנצען־זעקס־און־ צוואַנציק, אַן אויסגעצוואָגנס פון אַ באַנאַכטיקן רעגן. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אויסגלײַכן די בײנער און פינטלען מיט די אויגן אין די פענסטער אַרײַן. ס׳האָט זיך נאָך ניט געגרייט צו באַגריסן די שטראַלן פון דער זון. נאָר די מילך־פלעשלאַך, וואָס האָבן זיך באַפרייט פון אייזנדיקע הענט און זיך אָוועקגעשטעלט בײַ טירן און פענסטער, פאַרטיק צו שווײַנקען זיך אין מענטשלאַכע גאָרגלען, האָבן דערציילט, אַז אַפ׳ן צווייטן שטאָק, פון וואַנען די פענסטער קוקן אַרויס אַפ׳ן געסל, איז עפּעס טומלדיק.

„אַזוי איז די מעשה, די „גרינע״ קריגן זיך שוין איבער די אַמעריקאַנער דאָלאַרס?״ האָט זיך דאָס געסל צעשמייכלט אַף ווײַבערשע ליפּן.

די מעשה איז זייער אַ קורצע:

הערשל איז שוין אַכט יאָר אין לאַנד. ער האָט שוין געהאַט פופציק מלאכות. ער איז שוין געשלאָפן אין פּאַרק און געגעסן „סדחת״. ערשט צוריק מיט אַ פּאָר יאָר האָט אים אַ לאַנדסמאַן אַרויפגענומען אין אַ שאָפּ. ער האָט זיך אויסגעלערנט שנײַדן פעלכלאַך. האָט ער זיך געשניטן די פינגער און געשווירן די פעלן, אָפּגעשפּאָרט אַ פּאָר סענט און אַריבערגעבראַכט זײַן שוועסטער׳ל מירל: וואָס וועט זי זיך וואַלגערן דאָרטן בײַם טאַטן, דעם קבצן אין בעלץ?

מירל איז אוועק נייען קליידלאַך. הערשל און מירל, געוויינ־לאַכע אידישע אַרבעטער־קינדער, לעבנסלוסטיקע, שיינע געזונטע בעסאַראַביער בוימעלאַך, האָבן זיך געקאַרגט און פאַרבאָרגט, אַבי אַרויסנעמען די עלטערן קיין אַמעריקע: וואָס וועלן זיי זיך וואַלגערן דאָרטן ביים פאַרשימלטן שטעלכל אויף דער יאַטקישער גאַס? צוזאַמען איז גרינגער צו שלעפּן דעם אַמעריקאַנער יאָך מיט'ן פאַרפּוצטן דלות.

זיי פלעגען בלויז קומען אין קלוב פון די לאַנדסלייט, צום יערלאַכען באַל. פלעגן גיין אַ פּאָר מאָל אין די מואַווים דורכ'ן מאָנאַט, זיך קויפן געוויינלאַכע קליידער, — אַבי אָפּשפּאָרן אַ פּאָר גראָשן אַריבערצונעמען די עלטערן קיין אַמעריקע.

און מען האָט זיי אַריבערגעבראַכט.

האָט זיך די מאַמע אַרומגעדרייט אַ גאַנצע וואָך אַ שבת'דיקע. ריינע נייע קליידלאַך האָט מירל געקויפט און געניייט. אָפּקאָכן אַ פּאָר טעפּלאַך יויך מיט פלייש, מיט פּאַ־סאָליעס, מיט אַ צימעסל, איז אויך מיר אַ קונץ, אויך מיר אַן אַרבעט ביי חוה לאה'ן.

דער טאַטע, אַ יום־טוב'דיק אידל, איז זיך געגאַנגען אין בית־המדרש'ל אינדערפרי און פאַרנאַכט. ער האָט זיך שפּאַצירט באַלעבאַטיש, פּאַוואָליטשקע, איבער בראָנקסער געסלאַך. ער האָט באַטראַכט זיין הערשל'ס נאָכבאַרשאַפט. ס'איז אים גאַנץ פיין געפעלן: די דירות זיינען זייער שיינע, די טראָטואַרן זיינען ריינע.

אַ פּאָר זונטיקס האָבן הערשל מיט מירלען געפירט טאַטע־מאַמע אין בראָנקסער זאָאָלאָגישן גאָרטן. דער טאַטע האָט געוואָלט ווייזן די קינדער, אַז כאָטש ער איז שוין טאַקע אַריבער די פופציקער, נאָר קיין פאַרך איז ער ניט, ער קען נאָך אַ וויצל אויך, ער געדיינקט נאָך די יאַטקישע גאַס. האָט ער זיך גע'חכמה'ט: „דער העלעפאַנט מוז זיין אַ אידישער, אַ ניט, ווי קומט צו אים אַזאַ לאַנגע נאָז? די צוויי טיגערס זיינען מסתמא חסידים, זיי האַלטן זיך אין איין אַרומדרייען. זיי שלענגלען מיט די וויידלען, ווי חסידים מיט די גאַרטלען. זיי באַלעקן און באַשמעקן זיך, ווי די חסידים — דעם אויסגעגאַ־

סענעם קידוש פון אזאַרעניצער רבי'ן אף לייבל דעם חזן'ס קאַפאָטע".

הערשל און מירל זיינען געווען צופרידן, וואָס טאַטע־מאַמע האָבן הנאה פון אַמעריקע.

.2

נאָר די ערשטע האָניק־וואָכן האָבן זיך דורכגעטראָגן פוילע, לעמעשקעוואַטע. דער טאַטע, חיים זיידע, האָט זיך ליידיק ניט געקענט אַרומדרייען. ער האָט זיך געהאַלטן אין איין עצה'ן מיט חוה לאה'ן. זי האָט אים איינגערוימט אַ סוד, אַז די קינדער זיינען ניט קיין בעלי־תכלית'ניקעס. זיי ווייסן ניט דעם ווערט און קיין חשבון פון אַ מטבע. זי האָט שוין אַ קניפּל פון עטלאַכע און פערציג דאָלאַר. דאָס האָט זי אָפּגעשפּאָרט פון אָנבייסנס או וועטשערעס און איינגעמאַכטסן. חיים זיידעס אויגן האָבן זיך צעשפּילט. ער האָט צוגעטראַכט אַ קרעמעריש־סוחריש'ן פּלאַן: זיי וועלן בעטן די קינדער לייען אַ הונדערטער, וועלן זיי עפענען אַ הערינג־קרעמל. ניט אַזוי צוליבן געלט, ווי גלאַט זיך אַביסל רירן, די הענט זיך צעפירן. די קינדער האָבן געשמייכלט און האָבן פאַר די עלטערן געקראָגן די פּאָר סענט.

„און הערינג איז אַזאַ מין טייער מאכל, וואָס גייט קיינמאָל ניט אַרויס פון דער מאָדע. אַלע פעלקער עסן הערינג, אפילו ליטוואַקעס" — אַזוי ווערטלט זיך חיים זיידע מיט די ווייבער, און פאַרקויפט הערינג און קלייבט אַ דאָלער.

---

און אַז די נויט פון ברויט מיט הערינג קאַרבט זיך אין אַרבעטער'ס לייב אַריין; און אַז די האַנט ווערט אַ שער און דער קאָפּ ווערט שוין שווער; און די שעה'ן אין שאַפּ ציען זיך ווי יאָרן דורך די גראַטעס אין טורמע; און מען אַרבעט, און מען האָרעוועט, און מען שקלאַפט — ווערט געבוירן אַ צאָרנדיקער טאָג.

אין יענעם כעס'דיקן טאָג צעוויגן זיך די הענט און פיס; די קעפּ שטעלן זיך אויף און הויבן זיך, און הוידען זיך; די מיילער און ליפּן מאָלן אויס זייער בייזקייט, פאַרדרוס, בושה

און אינטערטעניקייט, וואָס האָבן זיך אָנגעקליבן פאַר טעג און יאָרן; די אויגן בליצן און שאַרפן און שעלטן; און די ציין קריצן, רייבן זיך און גריזשען זיך אין אויפברויזנדיקן צאָרן — מען דערקלערט אַ סטרייק!

טומלט זיך הערשל שוין די פערצענטע וואָך. ער סטרייקט, ער קעמפט. ער שלאָפט ניט און עסט ניט. ער איז שוין געוואָרן ווי אַ דאַר דרענגל.

קיין הילף פון דער יוניאָן וויל ער ניט נעמען. זאָל מען געבן די ארבעטער, וואָס דאַרפן שפּייזן זייערע ווייבער און קינדער. ביי מירלען האָט ער שוין צוגענומען די לעצטע פּאָר סענט. ער האָט זיך שוין פאַרבאָרגט בא אַלע זיינע פריינט און באַקאַנטע. און אַז מען ארבעט ניט, לויפן עפּעס די דאָלארס ארויס פון די קעשענעס, ווי אַלישקעס. אָט ערשט געהאַט אַ פינפערל, שוין ניטאָ.

הערשל האָט ניט געוואָלט, זיך געשלאָגן טויזנט מאָל מיט דער דעה: „יאָ־ניט, יאָ־ניט". און דאָך געמוזט. ער האָט זיך געווענדעט צום טאַטן נאָך אַ גמילת־חסד'ל. ער זאָל אים לייען עטלאַכע דאָלאַר ביז איבער'ן סטרייק.

דער טאַטע האָט געשמייכלט און געזאָגט: „אַהאַ, איך האָב דיר געזאָגט, זאָלסט ניט הערן די חברה פון דיין יוניע. מען דאַרף זיך ניט שפּאַרן מיט די גבירים. זיי האָבן אַ סך מזל, גאָט איז מיט זיי. מען ארבעט מערער אַ שטונדע, מען נעמט ווינציקער אַ דאָלאַר".

חוה לאה האָט אים איינגעשטילט. אים דערמאָנט, אַז הערשל האָט זיך אוועקגעלייגט אין דער לענג און אין דער ברייט. ער האָט זיך אויסגעבראַכט און זיי אריבערגענומען קיין אַמעריקע. נישקשה, ער מעג אים לייען עטלאַכע דאָלער. ס'איז מזומן געלט. דער אַלטער האָט זיך אָבער איינגעשפּאַרט: „ניין, ער האָט ניט. ער האָט ערשט געקויפט עטלאַכע פעסלאַך הערינג. ער פאַרמאָגט ניט קיין פעני בא דער נשמה".

ווען חיים זיידע וואָלט נאָך דעם שמועס ארויסגענומען אַ פּאָר דאָלער און דערלאַנגט זיין זון, וואָלט הערשל סיי־ווי־סיי דאָס אים אַ וואָרף געטאָן אין קאָפּ אריין. נאָר הערשל האָט

געוואָלט, אַז מירל און מאַמע זאָלן טאַטן דערקענען. ער האָט געוואָלט, אַז זיין טאַטקעלע זאָל זיך אין זיך אָפּשפּיגלען. האָט ער אין יענעם פרימאָרגן זיך אויפגעכאַפּט. ער האָט געגעבן אַ קלאַפּ אין קישן: „יאָ“. ער האָט אַף די שפּיץ באָרוויסע פינגער זיך אריינגע'גנב'עט אין טאַטע־מאַמעס צימערל. ער האָט שטיל זיך אָנגעבויגן און פון אונטער טאַטנ'ס צוקאָפּנס ארויסגעשלעפּט אַן אַפּויטיקע. ער האָט אַזוי הויך געציילט די־פּאַפּירלאַך, אַז ביז ער האָט אָנגערעכנט פיר הונדערט זעקס און אַכציק דאָלער, האָבן זיך שוין טאַטע און מאַמע און שוועסטער ארויסגעוואָרפן פון די בעטן און אים ארומגערינגלט מיט ציטער־דיקע קערפּערס.

הערשל איז געשטאַנען אַן אָנגעשאַרפטער. ער האָט געקריצט מיט די ציין און געבליצט מיט די אויגן, ווי אַ הונט, וואָס גרייט זיך צו שפּרינגען אַף זיין קעגנער. חיים זיידע, דאָס טאַטקעלע זיינס, האָט זיך געטרייסלט פאַר פּחד. די נאָז האָט זיך באַ אים אויפגעשטעלט, ווי באַ אַ קאָטער דער עק, ווען ער פאַר־טיידיקט זיך מיט בייזע וואָנצעס פון אַ הונט.

הערשל האָט געהאַלטן אין זיין לאַפּע דעם פּאַק מיט פּאַפּירענע דאָלערס, זיי געהוידלט פאַר טאַטע־מאַמע־שוועסטער אין די אויגן און זיך געבייזערט: „און קיין פינפערל האָט עס ניט צו לייען אַ זון, אַ סטרייקער!“ דערנאָך האָט ער אַף גיך געגעבן אַ שאָקל מיט'ן קאָפּ און, ווייזט אויס, באַשלאָסן: „צורייסן, צום טייוול, ניט מיר, ניט דיר“. ער האָט צוגעפּירט זיין לינקע האַנט צו דער רעכטער, פינגער מיט פינגער האָבן שוין אָפּגערעדט צו האַלטן זיך פעסט. ווען הערשל וועט געבן מיט זיינע אויגן אַ באַפעל: „רייסן!“ וועט איין האַנט גיין אַהער און די צווייטע אַהין, וועלן די צענערלאַך, צוואַנציקערס ליגן צו'חלק'טע, פּאַפּירענע יתומה'לאַך, אָפּגעשניטענע יאָרן אַף זיי.

חוה לאה, די מאַמע, איז שיר געשטאָרבן אַ טויטע, זי האָט צוגעהאַלטן חיים זיידען, ווי אַ סלופּ, זי זאָל ניט אומפאַלן. פיס און הענט האָבן איר געציטערט: „הערשעלע, האָב גאָט אין האַרצן, זונעניו!“

מירל איז געשטאַנען אביסל פון דער ווייטנס. זי האָט מורא געהאַט צו כאַפּן א קלאַפּ פון ברודער. זי האָט אפילו פאַרשטאַנען, אַז דער טאַטע איז שולדיק, ניט אַזוי האַנדלט מען מיט קינדער, פונדעסטוועגן האָט זי געהאַלטן אין איין גרילצן הערשלען אין די אויערן: „באַרואיק זיך, קאָנטראָליר זיך, שטיל איין דיין כעס, באַרואיק זיך“.

הערשל האָט מיט א שאַרפן בליק דורכגעזיפּט זיין שוועסטער מירלען, מיט א שפּאָטיש שמייכעלע באַשפּיגן טאַטע־מאַמע און מיט אַן איינגעקאַרבטן כעס באַפוילן די פינגער צו דערפילן זייער שליחות: „נאַ, נאַ, באַרואיק זיך“. און פּיצלאַך פּאַפּירלאַך־געלט, פון די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע, האָבן זיך אַראָפּגעהוידעט פון זיינע הענט.

הערשל איז אַרוים מיט איילנדיקע טריט. מירל איז, ווי א פאַר'משפּט'ע, אוועקגעגאַנגען אין וואַש־צימער. דער טאַטע, חיים זיידע, האָט זיך אַוועקגעוואַלגערט איבער דער פּאָדלאָגע און געקליבן די קאָנפעטי־שטיקלאַך דאָלערם מיט הונגעריקע אויגן. ער האָט פאַרגעסן, אַז ער האָט זיך נאָך די נעגל ניט געוואַשן און גייט נאָך אַרום אין אונטערוועש. חוה לאה, מיט טרערן אין די אויגן, האָט אים געהאָלפן קלייבן די פּאַפּירלאַך. זי האָט אים אָלעמאָל דערמאָנט, ער זאָל אַרויפשלעפּן די גאַטעס, וואָס זיינען געהאַנגען אַף אים ברייטלאַך.

---

יענעם טאָג האָט הערשל פאַרשפּעטיקט אין ליניע פון די סטרייקער, וואָס האָבן, ווי פון דעכער פון הימל־קראַצערס, געקוקט,, געשלענגעלט און געצויגן זיך אין לעבעדיקע סטענגעס.

דער אָנפירער פון סטרייק האָט אים געפרעגט: „הערשל, דו אַזוי שפּעט?“ הערשל האָט עפּעס דאָרטן אָפּגעמורמלט מיט די ליפּן: „אָ, זיך דאָרטן צעווערטלט מיט מיין טאַטן פון בעסאַראַביע“.

שלמה דאווידמאַן

# דאָקטאָר בלעק

דער רעגן איז געפאַלן מיט כעס אַף דער ערד און אָפּגע־שפּרונגען מיט אַ פּליוסקעלע, ווי ער זאָל וועלן אויסטאַנצן אַף די שטיינער די טראַגעדיע פון אַ דערגרייכטן ציל.

די נאַכט האָט געפינסטערט מיט איר פולער שווארצקייט.

לואיס האָט זיך געשאַרט באַ די ווענט. אַלע מאָל האָט אַן ארויסגעשפּיצטע צוימל אים דערלאַנגט אַ שטורך אין זייט אריין, האָט ער זיך אָפּגעוואָרפן, פאַרקרימט און געשאָלטן יעזוס'ן מיט'ן טייוול.

אַן אַש־קאַן האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג, האָט ער אביסל מיט דעם געקעמפט און הייזעריקלאַך זיך דורכגעזידלט. אַז די קאַן האָט אַליין נישט געוואָלט אָוועק פון טראָטואר, האָט ער זיך אביסל צוגעשפּאַרט און זיך מיט זיך דורכגעשמועסט: „דאָקטאָר בלעק, דו ביסט היינט שכור, גיי אַהיים און שלאָף זיך אויס".

„ניין, באַלעבאָס, לואיס איז ניט קיין שכור. נאָר אָפּ'ן וועג האָב איך מיט דזשימ'ן געכאַפּט אַ שנעפּסל".

„דזשי, ווי ער האָט עס מיך אָנגענומען ביים קאָלנער און מיט דער קני אַ דוצקע געטאָן, האָב איך זיך באַלד צעקושט מיט'ן שוועל".

די אַש־קאַן האָט זיך אָנגעהויבן צו הוידען, האָט זיך לואיס אַראָפּגעקראַצט מיט'ן רוקן און אריינגעפּאָליושקעט זיך אין אַ טייכל. אַ נאַסער גרויל האָט אים דורכגענאָדלט זיין קערפּער. ער האָט זיך איינמאָל איבערגעקייקלט מיט'ן בויך אַראָפּ, אָנגעשפּאַרט די הענט און ארויפגעשלעפּט זיינע ביינער.

די גאַס האָט זיך נאָך אַליץ געוויגט אין זיינע אויגן.

ער האָט צוגעשפּילעט נאָך אַ קנעפּל פון אויבערמאַנטל, זיך באַפעסטיקט זיינע גלידער זאָלן זיך ניט צעפאַלן.

ער האָט זיך געזיגזאַגט און געקירעוועט פון געסל צו געסל און געזוכט זיין הויז.

אַ פאַרשפּעטיגטער נעגער האָט זיך געאיילט, בויגנדיק דעם קאָפּ אונטער די קלעפּלאַך פון רעגן. לואיס האָט אים אָנגעכאַפּט באַם לאַץ און געבעטן: „הער, ברודערל, איך בין דאָך ניט שכור, פאַרוואָס איז מיין הויז אַנטלאָפן פון מיר?"

„אַ הונט האָט ניט קיין היים, ער שליאַיעט זיך אַרום אַף הפקר", האָט דער נעגער לואיס'עס האַנט אָפּגעוואָרפן.

— העי, ברודערל, דו לאַכסט אויך פון לואיס'ן? די ווייסע, ווייסטו דאָך, שפּעטן פון מיר נאָך פון מיינע שול־יאָרן. איך האָב געוואָלט אַ דאָקטאָר ווערן, האָבן זיי מיר אַ נאָמען געגעבן „דאָקטאָר בלעק". נו, בין איך געוואָרן אַ משרת אין אַ האָטעל. האָט מיך דער באַלעבאָס היינט אַרויסגעשפּיגן. זאָל ער גיין צום טייוול".

און ער האָט דערציילט, געמאָלן שטיקער פון זיין לעבן צו אַ גרוי־ציגלדיקער וואַנט. דער נעגער איז שוין לאַנג אַוועק און אים איבערגעלאָזט אינמיטן.

לואיס האָט זיך ווידער געשלעפּט איבער די געסלאַך.

מיט אַמאָל איז זיין הויז פאַר אים אויסגעוואַקסן: דאָס האָבן אים זיינע געטרייע פיס אהיים געבראַכט, זיי ווייסן שוין זיין וועג.

ער האָט זיך אַרויפגעראַטשקעוועט אַף די פיר הילצערנע טרעפּ־לאַך. ער האָט אַרויסגעשלעפּט זיין שליסל און אָנגעהויבן קראַצן דעם שלאָס פון טיר.

---

די לואיס'יכע האָט זיך געשמאַק געטוליעט צו דזשימ'ען, בשעת מעשה אַרויסגעלאָזן אָנשטימיקע ליפּן־קלאַנגען פון ערגעץ. דזשים האָט געלאַכט און דערציילט ווערטלאַך.

דאָס שליסל־קראַצן האָט זיי איבערגעשראָקן. זיי האָבן גע־שאָלטן די ווייסע, די שדים און די רוחות. די לואיס'יכע האָט אויסגעשריגן: „ווער, צום טייוול, איז דאָרט אַזוי שפּעט?" דערביי איז איר דורכגעפלויגן אַ געדאַנק, צי איז דאָס ניט טאָני: „נאָר טאָני דאַרף דאָך קומען דאָנערשטיק, מיטוואָך איז דזשימ'ס נאַכט?"

לואיס האָט געענטפערט מיט א הייזעריקן קול: „איך". האָט דזשימ'ען שוין געפּלאצט דער געדולד, איז ער אראָפּ, צוגעבונדן די גאטקעס, און זיך פּארטיק געמאכט צו האקן אין די ציין אריין.

באם שיין פון גאז־לעמפּל האָבן זיך דריי שווארצע פּנימ'ער געקרישטאָלט; זעקס אויגן זיינען אף א סעקונדע געוואָרן פאר־גליווערט, דערנאָך האָבן זיי זיך אָנגעבלאָזן, אָנגעגלאָצט.

„דאָקטאָר בלעק, וואָס פאר א טייוול האָט דיך אהער גע־בראכט?", האָט די לואיס'יכע זיך גע'כעס'ט.

„דער פארשאָלטענער באלעבאָס מיינט, אז איך בין שכור, האָט ער מיך ארויסגעוואָרפן", האָט לואיס ארויסגעקרעכצט.

„האָסטו ניט וואו צו שלאָפן, דאָקטאָר, וועסטו קומען מאָרגן", און מיט א שטויס האָט לואיס געמאכט א קונץ: די פיס אָפ'ן גאניקל און דער קאָפּ אָפ'ן טראָטואר.

לואיס איז געלעגן אף די קארבן פון די טרעפּ, געקרעכצט און געשאָלטן; אריינגעשנאָבלט זיין נאָז אין די צען פינגער און מיט זיי זיך אויסגע'טענה'ט.

דער רעגן איז זיך געפאָלן זיין וועג.

א פּאָליסמאַן האָט זיך פון אונטער ערגעץ א דאך ארויסגע־רוקט און איז מיט פוילע טריט צו לואיס'ן צוגעקומען. פריער האָט ער מיט'ן שטעקעלע אויסגעקלאפּט א מארש אף לואיס'עס הינ־טער־חלק, און אז לואיס האָט אָלץ געפוילט זיך אויפצוהויבן, האָט ער אים אָנגענומען בא די אויערן און אים אויפגעשטעלט, ווי מען שטעלט אויף א זעקל קוילן.

„גיי אהיים שלאָפן, דאָקטאָר בלעק, שטער ניט דעם רעגן פאלן", האָט דער פּאָליסמאַן געלאכט.

לואיס האָט אָנגעהויבן צו באלעבעטשען. אים דערציילט גאָר, אז זיין ווייב לאָזט אים ניט אריין. דזשים איז דאָרטן. דער באלעבאָס האָט ארויסגעוואָרפן.

האָט זיך דער פּאָליסמאַן נאָך העכער צעלאכט און אים גע־שטופּט: „ביסט גאנץ פיין פארשניאָשקעט. דאָך ריר זיך, ריר זיך, ס'רעגנט".

לואיס האָט זיך געוויגט. דער רעגן האָט געשלאָגן. א ווינט האָט געבלאָזן. דער פרימאָרגן האָט זיך נאָך ניט געאיילט.

מאַקס פּערלאָוו

# דער ווייסער קאָפּ

— אָט דאָס איז דער ווייסער קאָפּ?

— יע, אָט דאָס איז דער ווייסער קאָפּ!

און זיי האָבן זיך צעקושט.

אַזוי האָבן זיך ביידע ברידער באַגעגנט, ווען דער קלענערער איז אַרונטערגעקומען פון עלים איילאַנד. בערל, דער עלטערער ברודער, האָט זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז פון'ם קליינעם טייוול, ווי מען פלעגט זיין קלענערן ברודער אין דער היים רופן, מיט דער קוטשמע ווייסע האָר, פאַר וועלכער מען האָט אים גע־קרוינט מיט'ן צונאָמען: „דער ווייסער קאָפּ", איז אויסגעוואַקסן אָט דער געזונטער בחור מיט בלאָנדע, געלאָקטע האָר און מיט אַזאַ ערנסטן שמייכל אויף'ן פּנים. בערל האָט נאָך אַמאָל אָנגעקוקט זיין גאַסט און איבערגע'חזר'ט:

— אָט דאָס איז דער ווייסער קאָפּ?

— יע, אָט דאָס איז דער ווייסער קאָפּ!

און בײַ זיך אין הארצן האָט זיך בערל געוואָלט רעכט מאַכן: טאַקע אמת, אַז איך האָב זיך אים פאָרגעשטעלט אינגלשער, ווי ער איז, נאָר אַ גרינער איז ער דאָך אַלץ איינס, און איך וועל אים קאָנען האַלטן אונטער מיין השגחה... און ער האָט אָנגעהויבן אויספרעגן אויף די עלטערן, פריינט און באַקאַנטע, און זיך אַזוי אַוועקטראָגנדיק צו זיינע קינדער־יאָרן אין דעם געבורטס־שטעטל, איז ער געוואָרן כמעט ווי סענטימענטאַל. דאָס בלוט האָט אָנ־געהויבן אַזוי וואַרים צו פליסן אין די אָדערן און אין מח האָט זיך געפּלאָנטערט: אַוועק די יאָרן...

— אַ גאַנץ גוטער יונגערמאַן, מען דאַרף זיין דופּק אָנ־טאַפּן, — האָט דער קלענערער ברודער געטראַכט.

און אַזוי זיינען זיי צום הויז צוגעקומען.

בערל איז געווען אַן ארויפגעאַרבעטער אין דעם גאָלדענעם לאַנד. ער האָט געהאַט אַ פאַר־שאַפּ, וואו ס'האָבן געאַרבעט אַ צוואַנציק אַרבעטער. געוואוינט האָט ער אויך זייער רייך. אַהיים אָבער פלעגט ער וועגן דעם ניט שרייבן; ער האָט זיך גע־טראַכט, אַז וואָס ווייניקער מען שרייבט אַהיים וועגן אַמעריקאַ־נער עשירות, אַלץ געזונטער איז. פון צייט צו צייט פלעגט ער זיי צושיקן עטלאַכע דאָלער מיט אַ בריוול, אַז אין אַמעריקע איז זייער שווער צו מאַכן אַ לעבן...

דערפאַר האָט דעם קלענערן ברודער, דעם ווייסן קאָפּ, אָט די עשירות אַביסל איבערראַשט. ער האָט מיט פאַרוואונ־דערטע אויגן באַטראַכט די וואוינונג, די מעבל און אַלע לוקסוס אַרטיקלען, וואָס האָבן זיך דאָרטן געפונען.

בערל האָט אים געפירט פון צימער צו צימער און יעדע זאַך פאַרטייטשט, פאַרוואָס דאָס נוצט און וויפיל דאָס קאָסט.

דער ווייסער קאָפּ האָט געפרעגט: פאַרוואָס האָסטו וועגן דעם אַהיים ניט געשריבן? און אין האַרצן האָט עפּעס ווי גע־טאָן דערפאַר. האָט דער ווייסער קאָפּ טאַקע אַנדערש געטראַכט:

— אַזוי, פיינער תכשיט, איך קאָן דיך שוין איצט אַביסל...

און ווען ער האָט אַזוי געטראַכט, האָט דער עלטערער דער־וויל געענטפערט: — דו ווייסט דאָך, אין אַמעריקע איז מען „ביזי", פאַרנומען הייסט עס.

— ביזי, פאַרנומען, הייסט עס?

— יע, זייער ביזי!

— באַ וואָס אַרבעטסטו?

— אָט, כ'האָב אַן אייגענע שאַפּקע.

און בערל האָט דעם ברודער אין די אויגן אַריינגעקוקט. ער האָט געזוכט אַ קנאה־פייערל, וואָס זאָל זיך אָנצינדן, און אַ רעספּעקטירנדיקן בליק, וואָס זאָל זיך וואַרפן צום עלטערן, רייכן ברודער, וואָס האָט דעם קלענערן אַריבערגעבראַכט אינ'ם גאָלדענעם לאַנד, איז אָבער אַ מאָדנער חברה־מאַן געווען אָט דער ווייסער קאָפּ: אַ פייערל האָט טאַקע אין די אויגן גע־ברענט; עפּעס האָט זיך טאַקע אַ טיפער קנייטש דורכגעשנירלט דורך די ליפּן אין זיינע אויגנדעקלאַך האָבן זיך עטלאַכע מאָל אַ

טרייסל געטאָן: ס'איז אָבער שווער געווען צו זאָגן, וואָס דאָס זאָל באַדייטן און בערל האָט זיך געטראַכט: אָה, געוויס טראָגט ער זיך אַריבער צו זיינע ליידן, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען אין דער היים, און פאַרגלייכט זיי מיט מיין לעבן... זיכער איז ער מיר מקנא; נו, וואָס דען?

דערפאַר האָט ער דעם ווייסן קאָפּ אַ קלאַפּ געטאָן איבער'ן פּלייצע: ס'איז אָלרייט, דו וועסט זיך אויך אַרויפאַרבעטן... איך וועל דיך שוין מאַכן פאַר אַ לייט. מאָרגן וועסטו גלייך אָנהויבן אַרבעטן און מאַכן אַ לעבן, טאַקע בא מיר אין שאַפּ. דער ווייסער קאָפּ האָט געשמייכלט...

— נו, זיכער!...

* * *

אַ שטילקייט האָט אין אַלע צימערן געהערשט. דער פרימאָרגן האָט שוין אָנגעהויבן אַריינבליקן צו אָט דער שטילקייט מיט אַ וואַרנונג זי אין גיכן צו פאַרטרייבן; און אָט האָט זיך טאַקע דערהערט אַ וואָרף אַף אַ גלעזער און אַ הוסט איז נאָכדעם געקומען.

דער ווייסער קאָפּ האָט זיך אויפגעכאַפּט, ניט טויט ניט לעבעדיק, און זיך געגומען אָנטאָן. כ'זאָל כאָטש ניט פאַרשפּעטיקן, — האָט ער בא זיך געטראַכט, און אזוי איילנדיק געקעמט די בלאָנדע לאָקן און פאַרצויגן גלייכצייטיק דעם פּאָס איבער די הויזן. אין אַ פערטל שעה אַרום איז ער שוין געווען גרייט צו עפנען די טיר.

— דו וועסט ניט גיין! — האָט אַ מענערשע שטים אָפּגעענטפערט פון דער צווייטער זייט טיר, — דו וועסט ניט גיין!

דער ווייסער קאָפּ האָט דערקענט זיין ברודער'ס שטים. ער איז אַף אַ ווײַלע שטיין געבליבן, באַטראַכט דאָס פענסטער, וואָס גייט אַרויס פון זיין צימער אין יאַרד אַריין; ער האָט אָבער באַלד מיט אימפּעט אַ זעץ געטאָן אין טיר: לאָז אַרויס, דו נאַרישער מענטש!

— דו וועסט ניט גיין! — האָט בערל איבערגע'חזר'ט — שלעכטס האָב איך דיר געטאָן, דו באַיסטרוק איינער!

נאָר אַ פעסטער זעץ האָט די טיר אַ טרייסל געטאָן אַזש בערל האָט זיך פאַרצאַפּלט.

— לאָז גיין, זאָג איך דיר!

בערל האָט די טיר ניט אָפּגעלאָזן. ער האָט בא זיך באַשלאָסן איינמאָל פאַר אַלע מאָל, אַז אויב אָן אייגענער ברודער וויל אים ניט אַרויסהעלפן אין דער אַרבעט בעת ס'גייט אָן אַ סטרייק אין טרייד, טאָר ער לכל הפחות ניט גיין אַליין פּיקעטן דעם שאַפּ... דאָס איז שוין צופיל... צו נידריק פאַר זיין ווירדע צו האָבן אַזאַ ברודער... און דערווייל האָט איבער'ן גאַנצן הויז נאָכאַמאָל אָפּגעהילכט אַ קלאַפּ אין טיר מיט אָט די ווערטער:

— לאָז אַרויס, דו הונט איינער, ווייל אָט צעברעך איך די טיר.

און ווען בערל'ס פרוי און קינדער האָבן זיך פון שלאָף אויפגעכאַפּט און אָנגעהויבן בעטן בא אים ער זאָל אויפהערן, איז בערל אָפּגעטראָטן פון טיר.

ווען די טיר האָט זיך אויפגעפּראַלט, זיינען ביידע ברידער געבליבן שטיין איינער אַנטקעגן אַנדערן; ביידע האָבן זיי מיט די ציינער געקריצט און זיך איינער אין דעם צווייטנס אויגן איינגעקוקט.

קיינער האָט גאָרניט געזאָגט.

מיט אַמאָל האָט זיך דער ווייסער קאָפּ אַ דריי געטאָן, איז אַריין צוריק אין צימער, און האָט אָנגעהויבן אויפוואַרפן זיינע זאַכן אין אַ טשעמעדאַן.

— וואוהין? — האָט בערל מיט צאָרן געפרעגט.

דער ווייסער קאָפּ האָט געשוויגן און ווייטער געטאָן זיין אַרבעט.

— וואוהין? — האָט בערל נאָך מיט מער צאָרן געפרעגט.

דער ווייסער קאָפּ האָט זיך שטאָלץ אַ הויב געטאָן:

— צו מיין קלאַס!

— צו ד—דיין קל—לאַס?! — האָט בערל פון פאַרדרוס קוים געשטאַמלט, — צו ד—דיין קל—קלאַס! אַ ברודער איז בא דיר גאָרניט!... צו דיין קלאַס...

— ניין, א ברודער איז גאָרניט! מיין ברודער האָט צוטאָן מיט פּאָליציי און גענגסטערס צו שלאָגען ארבעטער קעפּ, און איך בין אן ארבעטער!...

אזוי האָט דער קלענערער ברודער געענטפערט און האסטיק פארמאכט די טיר הינטער זיך.

בערל האָט נאָכגעשריען:

— דו, דו, דו ווייסער קאָפּ!... איך וועל דיר ווייזן!... דו באָלשעוויק!

שלמה דאַווידמאַן

# דער שטייפער קאָלנער.

.1

מעקסי איז אַריינגעפלויגן אין הויז אַריין. די טיר האָט ער אָפּגעלאָזן פון זיך, האָט זי זיך שוין אַליין צוגעמאַכט מיט אַ סקריפּעלע. זי האָט זיך אויך געפרייט, וואָס מעקסי איז שוין אַזוי לעבעדיג. ווייל שוין אַ שיינע עטלאַכע וואָכן, ווי ער גייט אַרויס אַלע פאַרטאָג אַזוי שטיל, פרוי און קינד'ס שלאָף ניט צו שטערן. ער זוכט אַרבעט. וואַנדערט אַרום איבער ניו יאָרק, מיט באַנען און מיט אייגענע פיס. קומט אַהיים אַ מידער, הונ־געריגער און אַנטוישטער. עפּנט שטיל די טיר, ווי אַ שטראָף זאָל אים דערוואַרטן אין הויז.

דערפאַר האָט זיך די טיר היינט אַזוי דערפרייט, וואָס ער איז אין הויז אַריינגעפלויגן.

בעטי איז געבליבן שטיין מיט אַן אויסגעצויגענער האַנט צום קינד. דער לעפל מיט קאַשע, וואָס זי האָט געהאַלטן, האָט זיך געגעבן אַ שאָקל און איז געבליבן הענגען קאָסע, גרייט אַרויס־צופאַלן. סעמעלע האָט אָנגעהויבן שפרינגען מיט פיסלאַך און הענטלאַך: „פאַ־פאַ".

מעקסי האָט פריער אָפּגעדזשיגעט אַ טענצל, געכאַפּט בעטי'ן און דאָס קינד און זיך אויסגעדרייט אַ פריילאַכס. דערנאָך האָט ער זיך אויסגעצויגן און פאָרגעשטעלט, ווי אַזוי ער האָט געקראָגן דעם „דזשאַב":

— קען איך זען מר. פיעלד?

— יאָ.

— מיין נאָמען איז מ ע ק ס י פ י י ן.

ער גיט מיך א באטראכט פון קאָפּ ביז די פיס. גיט א שאָקל מיט דער מאָרדע און אַ קנייטש מיט׳ן שטערן. דאָס הייסט: „אָ־קעי”. מיין פיגור געפעלט אים.

פארצייכנט מיין נאָמען און אדרעס. באטראכט מיך נאָך אמאָל. מאכט אזא ערנסטן פנים, ווי דער פרעזידענט פאר די וואלן: „הא, מיין יונגער הער, איר טראָגט א וויכן קאָלנער? איר וועט מוזן האָבן א שטייפן. בא אונז דאַרף מען זיין אויס־געצויגן ווי אַ סלופּ. פארגעסט ניט, אומבאדינגט, א שטייפן קאָלנער”.

מעקסי האָט פארענדיגט. ער האָט ווידער צעוויקלט זיינע גרינגע פיס און געטענצלט.

— נאָר וואו, מעקסי, האָסטו געקראָגן דעם דזשאָב? — האָט בעטי ווידער געהאָדעוועט דאָס קינד.

— טרעף! — האָט ער געלאכט.

— אין טעאטער „סטרענד”?

— ניין.

— „קעפּיטאָל”?

— העכער.”

— „ראקסי”? !

— געטראָפן. נו, בעטי, נעם גלייך אָלע מיינע העמדער און טראָג אוועק צום לאָנדרימאַן. פארגעס ניט, אומבאדינגט, די קעלנער ש ט י י ף.

.2

דער לאָנדרימאַן האָט אויסגעהאנגען די וועש און זיך געזונ־גען א זמר׳ל. דערביי האָט ער זיך געגעבן אַ כאַפּ: „אוי, וואַ, נומער צוויי־הונדערט־און־פיר, דאָס איז מעקסי׳ס העמדער. דער לײדיקגייער האָט דאָך שוין געקראָגן א דזשאָב, מסתמא אַף א טאָג — האָט ער איבערגעשריגן צום העמדער־פּרעסער — אָלע העמדער טונקט מען איין א י י ן מאָל אין קראָכמאָל, מעקסי׳ס — צ ו ו י י מאָל” — האָט דער לאָנדרימאַן געזאָגט מיט׳ן ניגון

פון מה נשתנה, און אַריינגעבויגן די קעלנער אין שיסל אַריין, ווי א מאַמע צוזאָגט קינדערשע קעפּלאַך.

„סעי, מיסטער שווירט־אייראָנער, מאַכט אַ גוטן דזשאַב אַף מעקסי'ס קעלנער. אַ רחמנות, דער בחור האָט זיך שוין לאַנג פאַרשולדיקט דעם טאַטן מיט דער מאַמען.

און דער פּאַרוואַלטער פון ר א ק ס י האָט אָנגעזאָגט: „פאַרגעסט ניט, אומבאַדינגט, אַ שטייפן קאָלנער".

אַפן צווייטן טאָג האָט דער העמדער־פּרעסער צוגעטראָגן באַווייזן: „איר זעט? אַ העמדעלע־גנב, שטייף — עס שטייט!"

.3

מעקסי האָט זיך פאַרפּוצט. בעטי האָט יעדן שפּרינקעלע אָפּגעבערשטלט פון אים, צוגעגלייכט דעם שניפּס, אָפּגעשטעקט אַ קוש, און מעקסי איז אַרויס.

בעטי איז געבליבן זיצן מיט אַ קלאַפּנדיקן האַרץ. זי האָט שוין געוואָלט, אַז דער טאָג זאָל אַריבער. זי האָט זיך געשפּילט מיט'ן קינד. זי האָט צוגעזאָגט צו קויפן שפּילעכלאַך. זי האָט געמאַכט פאַרשיידענע פּלענער: אַביסל זיך אַרומצאָלן, אַ פּאָר קליידלאַך, אַ שטיקל מעבל.

.4

מעקסי איז געשטאַנען אין אויסגעצויגענער, אויפגעהאַנגען אַ שמייכל אַף די ליפּן און צעגאָסן, צוביסלאַך, אַף די אַריינגייער.

דער פאַרוואַלטער האָט זיך אַלע מאָל דורכגעדרייט, באַקוקט אַלע טיר־היטער, בילעטן־רייסערס, אָשערס. געכאַפּט אַ קוק אַף מעקסי'ן: „שטייפער קאָלנער. אויסגעצויגן. אַ שמייכל. פיין".

מיט אַמאָל האָט מעקסי דערפילט עפּעס אַ קיצל אין האַלז. ער האָט אַרויסגעשלעפּט אַביסל זיין קאָפּ פון קאָלנער. דער קאָלנער איז אָבער געשטאַנען פעסט, ווי אַ צוים אַף אַן אָקס. ער האָט זיך אַלעמאָל אַריינגעקאַרבט אין מעקסי'ס גאָרגל אַריין און אָנגעזאָגט: „איך בין שטייף!"

א ווײלע האָט מעקסי געשוויגן. אײנגעהאַלטן אָטעם. ווײ־טיק אײנגעשלונגען. אױסגעצױגן, ווי אַ סלופּ.

דער עולם וואַרט. ניטאָ קײן פּלאַץ. מ׳לאָזט ניט אַרײן.

מעקסי גיט זיך אַ כאַפּ אין אַ זײט. גיט אַ דרײ דעם קאָפּ, אַביסל באַפרײט פון יאָך.

ווידער אױסגעצױגן. גלײך. אָטעם אײנגעהאַלטן. ווײטיק אײנגעשלונגען.

דער עולם גײט. מעקסי אַרבעט מיט מויל און הענט. גיט אַ דרײ דעם קאָפּ. מענטשן זאָלן מײנען ג ל אַ ט אַ ז ו י. דער־ווײל זיך באַפרײט אַ ביסל פון קאָלנער, וואָס שטעכט אין פלײש אַרײן, ווי מיט שפּיזן.

דער פּאַרוואַלטער שטײט עפּעס אין ווינקל און קוקט צופיל אַף מעקסי׳ן. מעקסי באַמערקט עס. ער שטײט שטיל, אױסגע־צױגן, ווי אַ סלופּ. אַ שמײכל. קאָלנער־שטײף. ער ווײזט מיט די הענט, וואוהין צו גײן.

דער פּאַרוואַלטער נישטאָ. עס וואַרגט. אַ דרײ מיט׳ן קאָפּ. האַ, אַ ביסל פרײער! דער ערשטער טאָג איז שווער. ניט צו־געוואוינט צו אַזעלכע האַרטע קעלנער, אַזאַ אױסגעצױגנקײט. דערווײל, אַ דרײ דעם קאָפּ. עס וואַרגט. צום טײוול, אַ דרײ מיט׳ן קאָפּ.

פון הינטער זײן פּלײצע איז אױסגעוואַקסן דער פּאַרוואַלטער. ער האָט אָװעקגעשטעלט אַף מעקסי׳ס פּלאַץ אַ צווײטן. צו מעק־סי׳ן האָט ער געגעבן אַ וואונק און אָװעקגעשפּאַנט צו זיך אין קאַנטאָר.

מעקסי איז שיר אָװעקגעפאַלן פון שרעק: „פאַרוואָס״? באַ־פעל איז באַפעל. אױסגעצױגן. אַ שמײכל: „און אפשר אַ הע־כערן אמט?״

דער פּאַרוואַלטער האָט זיך אַוועקגעזעצט, אָנגעזאָפּלט די פענסנע אַף דער גראָבער נאָז, אַרױסגעשטעלט אַ פּאָר גזלנ׳ישע אײגעלאַך:

— מר. פײן, וואָס דרײט איר מיט׳ן קאָפּ?

— איך דרײ? האַ, דער שטײפער קאָלנער. צו האַרט. ניט געוואוינט.

— האָ, מיר ווייסן. „פֿאַירד". דאָס איז פֿאַר אַ טאָג אַרבעט.

דער פֿאַרוואַלטער האָט זיך אויפֿגעהויבן און זיך געלאָזט צו דער טיר.

מעקסי איז געבליבן שטיין מיט'ן טשעקל, ווי אַ בעטלער מיט'ן היטל. ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, דערציילן פֿון זיין פֿרוי, קינד, חובות, שוין לאַנג אַרבעטסלאָז. דער פֿאַרוואַלטער האָט אָבער געעפֿנט די טיר און אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

מעקסי האָט זיך אַרויסגעוואַקלט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, ווי אַן אויסגעשפּיגענער, פֿאַר'משפּט'ער פֿון לעבן.

## 5.

מעקסי האָט אַרומגעבלאָנדזשעט אויף די גרויסע גאַסן, ברייטע עוועניוס. אויסגעשטעלט זיינע אויגן יעדן פֿאַרבייגייער, צי דער־קענט מען ניט, וואוהין ער גייט.

„געבן זיך אַ וואָרף פֿון בריקל און פּטור ווערן פֿון דעם פֿאַסקודנעם וועלטל". מעקסי האָט זיך גענומען איילן. ער זאָל, חלילה, ניט חרטה האָבן אויף זיין באַשלוס.

אַ פֿרוי מיט אַ קינד זיינען אים אַנגעקומען אַנטקעגן. מעקסי האָט זיך אָפּגעשטעלט. זיי נאָכגעקוקט. „און בעטי און סע־מעלע וואַרטן אויף אים".

אַ פּאָר מינוטן איז ער געשטאַנען אויפֿן ראָג און געטראַכט.

דריי מאָל האָט ער זיך דורכגעדרייט זיין הויז און ניט גע־קענט אַריין.

ער איז פּאַוואָליע אַרויף, שטיל געעפֿנט די טיר.

בעטי איז געזעסן באַם טיש. סעמעלע אַנגעשפּאַרט. ביידע איינגעדרימלט געוואָרן. אַ סטאַטוע פֿון אַ געטרייער מאַמען מיט אַ קינד: „אין דערוואַרטונג".

מעקסי האָט אַראָפּגעצויגן זיין העמד, אַנגעכאַפּט באַם גאָרגל און אינדערשטיל געוואָרגן זיין שונא, דעם שטייפֿן קאַלנער, פֿרוי און קינד'ס שלאָף ניט צו שטערן.

# אַ מ ע ר י ק ע . . .

צווישן נאָדל־געשפּרינג און מאַשין־געקלאַפּ ווערן בליקן באַגעגנט און ווערטער געוואָרפן.

בערל דער הויקער דרייט נאָך מערער אויס די פּלייצע אַזוי, אַז זיין קאָפּ זאָל זיין נעענטער צום שכן, מאיר דעם לאַנגן, און מאיר דער לאַנגער בויגט זיך איין כלומרשט אויפצוהויבן אַ וויקל פּאָדים, און עס ווערט געפירט אַזאַ שמועס:

ב ע ר ל : בראַנשטיינ׳ס שאַפּ שוין אויך אָפּגעקויפט!

מ א י ר : אַ שלאַק זאָל אים טרעפן, דעם קרח׳ן.

ב ע ר ל : אַז די וועלט איז אים צו קליין.

מ א י ר : פאַר אונזער פּראַצע...

און ווען מאיר דער לאַנגער וואָלט פון צווישן די פּיסלאַך פון׳ם שטול ניט דערזען דעם פּאָרמאַנ׳ס לאַקירענע שיך שפּאַנען נעענטער, וואָלט זיך דער שמועס נאָך געצויגן און געצויגן; נאָר ווייבאַלד ער האָט דאָס יאָ דערזען, האָט ער דעם וויקל פּאָדים שוין אין די הענט געהאַלטן, און צו בערל׳ען זיך אָפּגערופן מיט אַ זינגענדיקן קול: „דער מכשף גייט!״...

בערל דער הויקער האָט די פּלייצע ווידער אַמאָל אַ דריי געטאָן, און צווישן נאָדל־געשפּרינג און מאַשין־געקלאַפּ ווערן זיך געדאַנקען:

בראַנשטיינ׳ס שאַפּ שוין אויך אָפּגעקויפט!

אַ שלאַק זאָל אים טרעפן, דעם קרח׳ן.

## צוויי לאַנדסלייט אין צוויי גרופּעס.

מאיר דער לאַנגער זאָגט, אַז ער איז גערעכט, וואָס ער טראָגט אַזאַ שנאה צו זיין באַלעבאָס; יעדע נייע מאַשין, וואָס עס קימט צו אין שאָפּ, טוט מאיר׳ן ווי אַ שטאָך אין האַרצן, און ווען נאָך עטלאַכע אַרבעטער קומען צו אין שאָפּ, הויבן זיינע לאַנגע פּיס

אזש אָן צו ציטערן... זאָל מען, חלילה, ניט מיינען, אַז מאיר דער לאַנגער וויל ניט ליידן וואָס נאָך עטלאַבע אַרבעטער וועלן אַ לעבן מאַכן, פאַרקערט, ער איז זייער בעסטער גוטער פריינט. וואָס־זשע אַרט דאָס אים פּאַרט אַזוי? ווייל מיסטער שוואַרץ, דער באַלע־באָס, איז מאיר'ס אַ לאַנדסמאַן, און מאיר געדענקט נאָך אים פון דער היים אַלס אַ „קבצן מיט דרוקעס", און דאָ, נאַדיר גאָר, מיט אונזער פּראַצע און דורך אַ ביסל צופאַל, ווערט ער אַ גאַנצער ראַקפעלער און קויפט אָפּ שאָפּ נאָך שאָפּ...

דערפאַר, אַז עס קומט וואַרמעס־צייט און מאיר זעט זיך אַרומעט, אַז קיינער פון די „צרות און שלעק" איז ניטאָ, קלייבט ער אַרום זיך אַ גרופּע אַרבעטער און קומט אַרויס מיט אַזאַ לשון:

„אַ מלחמה איז געקומען, אַ פּאַרוויסטעניש פאַר מיליאָנען מענטשן, און פאַר אים אַ גליק... נו, איז דאָס דען זיין פּייאַיקייט שולדיג, וואָס ער האָט גראָדע געקויפט אַ ביסל סחורה, און די סחורה איז געשטיגן פון טאָג צו טאָג?... און איז דאָס דען אַ דאַנק זיין פּייאַיקייט, וואָס פאַר דעם געלט האָט ער אַ שאָפּ געקאָנט עפענען, און מיר זאָלן פאַר אים פּראַצעווען אין אים רייך מאַכן?!"...

די אַרבעטער שאָקלען צו מיט די קעפּ און גיבן מאיר'ן געדעכט, ווייל נאָך אַלעמען ווייסן זיי דאָך אַלע, אַז „מיסטער שוואַרץ" איז נאָך איצט אויך אַ גראָבער יונג, אַ כולו גאָרניט, און זיי ווייסן וועגן אים נאָך אַ סך זאַכן, נאָר צו וואָס וועגן דעם זיך פאַרשפּרייטן, אַז ניט אַלע ווילן אַזוי דיינקען; אַז אָט אינ'ם זעלבן שאָפּ איז פאַראַן אַ צווייטער לאַנדסמאַן, וואָס באַקעמפט מאיר'ן מיט זיין גרופּע.

אַלטער, דער עלטסטער אַרבעטער פון שאָפּ, איז אויך דעם באַלעבאָס' לאַנדסמאַן, און אַלטער איז מיט מאיר'ן אויף מעסערס, ווייל אַלטער גרויסט זיך מיט זיין לאַנדסמאַן, און זאָגט אַלע מאָל: זעט, ס'אַ לייט ער איז, מיסטער שוואַרץ! איך געדיינק נאָך ווי ער האָט די מאַשין אויף די פּלייצעס געשלעפּט, געגאַנגען פון איין שאָפּ צום צווייטן זוכן אַ דזשאָב, און איצט: זעט!

עס האָט ניט געהאָלפן דאָס, וואָס מאיר דער לאַנגער פלעגט אים אָנרופן שוסטערשע קאָפּ (ווייל ער איז פון דער היים אַ

שוסטער געווען). אַלטער פּלעגט זיך בלייבן באַ דאָס זייניגע, און אויך ער פּלעגט ארומקלייבן ארום זיך א גרופּע ארבעטער, און צו זיי אזוי זאָגן:

„זעט, אין אמעריקע זיינען קיין מיוחסים ניטאָ; ווער עס איז א מענטש, אַ בּריה, דער ארבעט זיך ארויפ׳עט. איז דאָס דען א חרפּה צו ווערן א גביר? הלואי אַף אונז געזאָגט געוואָרן...״

און די ארבעטער פּלעגן אים אָנקוקן. די מיילער צועפּענען, די אויגן אויסגלאָצן און טראַכטן אָט וועגן אזאַ שיינעם אויטאָ־מאָביל, וואָס זייער באַלעבאָס פּאַרמאָגט... וועגן אַן „אייגענעם״ שאָפער, וואָס זאָל נאָכגיין פּוס־טריט און היטן יעדן באַוועג פון זיין האַר...

אַלטער איז געטריי דעם באַלעבאָס, און ער וועט זיך ניט אָפּדרייען אין מיטן דער ארבעט אויפצוהויבן א וויקל פּאָדים... איז ווען אין אָט יענע מינוטן, ווען אָט די אַלטערס זיצן איבער די מאַשינעס און „רייבן די גיים״, קומט אריין מיסטער שוואַרץ, באַמערקט אים טאַקע דער ערשטער מאיר דער לאַנגער; ווייל מאיר דער לאַנגער האָט אַ טבע צו כאַפּן אַלע ווײַלע א קוק צווישן די פּיסלאַך פון׳ם שטול, און זען אויב די לאַקירטע שיך קומען ניט נעענטער... מאיר דער לאַנגער טוט גלייך א שושקע צו בערלען דעם הויקער: קרח איז דאָ! און אין אַ פּאָר סעקונדן ארום וויסן שוין עס אַלע ארבעטער.

יאָגן זיך מאַשינעס מיט מאַשינעדיקן אימפּעט, און מיסטער שוואַרץ שפּאַצירט ארום און וואַרפט א פריינטלאַכן שמייכל צו יעדן ארבעטער באַזונדער... מיסטער שוואַרץ פּוילט זיך אפילו ניט, אויב דער ארבעטער קוקט זיך ניט ארומעט און רירט יענעם אין פּלייצע אָן:

— שים, ברודער׳ל שים! איז נאָך עטלאַכע „קאָפּיקעס״ און שים! ...

אַלטער קוועלט גאָר אָנעט פון אזעלכע ווערטער. „זעט, ס׳אַ דזשענטלמען דער מיסטער שוואַרץ איז! ...״

און אַף מאָרגן וואַרמעס־צייט האָט ער זיך מיט וואָס צו באַרימען פאַר די ארבעטער: א גרויסער זיג! מיסטער שוואַרץ פּאַרדינט צו זיין אַ גביר!

און מאיר דער לאנגער בייסט דאן די ליפן און טראכט וועגן זאכן, וואס פאר אלטער'ן זיינען זיי ניט פארשטענדלאך.

## מיסטער שווארץ.

ווען מיסטער שווארץ האט זיך אויפגעכאפט פון זיין שלאף אין מיטן דער נאכט, האט ער דערפילט, ווי עפעס קייקלט זיך פון זיין הארצן ארונטער....

אין יענער מינוט איז מיסטער שווארץ'ן גלייך א געדאנק איינגעפאלן, אז אייגנטלאך איז ניט שלעכט צו לעבן אף אונזער וועלט; און באלד טאקע איז נאך א געדאנק געקומען, אז דאס, וואס די וועלט איז אזוי שיין, איז דאס טאקע צו פארדאנקען אים און נאך אזעלכע, ווי ער איז.

פארוואס דאס איז אזוי, האט מיסטער שווארץ איצט ניט געקאנט טראכטן, און צו וואס אין אלגעמיין טראכטן וועגן דעם? אט האבן דאך אזעלכע מענטשן, ווי מיסטער קאהען און מיסטער שליסל, אויך אזוי געזאגט, און אז אזעלכע צוויי באנקירן זאגן, ווייסן זיי דאך וואס זיי זאגן... און אט האבן דאך אלע געסט, מענטשן מיליאנערן, וואס זיינען זיך נעכטן צו אים צוזאמענגעקומען, אזוי געזאגט, אז ער, מיסטער שווארץ, איז א גרויסער אונטערנעמער און א גוואלדיקער אויפטוער, און אז אמעריקע שטייט אף אזעלכע, ווי ער...

און וואס דארף מען מער? נעכטן איז ער דאך געווארן פרעזידענט פון דער גרעסטער ניו יארקער באנק.

מיסטער שווארץ רוקט ארונטערביידע הענט אונטער דער זיידענער קאלדרע און גלעט זיין פעטלאכן בויך מיט אויסגערעכנטקייט און ישוב הדעת... אפשר מיינט ער דערמיט איינצוגלעטן אנדערע געדאנקען, וואס קריכן אין מוח, אז זיי זאלן זיך ווייטער ניט וועבן, ווייל עס איז דאך פארט אזוי גוט צו טראכטן בלויז וועגן דעם, אז נעכטן זיינען בא אים אין הויז געווען מענטשן מיליאנערן, און אז נעכטן האבן זיי אים, מיסטער שווארץ'ן, פאר פרעזידענט פון דער גרעסטער ניו יארקער באנק געמאכט... דאך קריכט עפעס אין די געדאנקען! אך, צום טייוול! עפעס אמאל האט מיסטער שווארץ געהערט א מעשה וועגן א מיליאנער, וואס

האָט זיך חתמ׳ענען ניט געקענט, און ווען איינער האָט אמאָל אָט יענעם מיליאָנער א פרעג געטאָן: מה דאָך איר קאָנט זיך ניט חתמ׳ענען, זייט איר אזא מיליאָנער, טאָ ווי זשע וואָלט שוין געוועזן ווען איר וואָלט זיך יאָ געקאָנט חתמ׳ענען?

און אויף דעם האָט דער מיליאָנער געענטפערט: דאן וואָלט איך א שמש אין שול געוועזן, ווייל איך וואָלט געקאָנט דעם קאָנטראקט אונטערשרייבן...

עס איז אפשר א נארישע מעשה, נאָר ווי אויף צו להכעיס, קריכט עס אין קאָפּ אריין, און די בעט איז שוין צו קליין פאַר מיסטער שווארץ׳ן, וועלכער ווארפט זיך פון איין זייט אף דער צווייטער, אזש דער קאָפּ טוט אים וויי...

און אפשר איז דאָס פאַר מיסטער שווארצ׳ן א טובה ארויס־געקומען, ווייל אין אזעלכע אומרואיקע מינוטן איז אים איינגע־פאלן, אז ווען זיין מירל וואָלט מיט אים דאָ אין בעט געלעגן, וואָלט ער אפשר זיינע געדאנקען פארשפּילט... און ווי באלד שוין זיך יאָ שפּילן, טאָ, האָ? מירל איז איצט אין „קאָנטרי״ אוועק־געפאָרן... וויפיל אשטייגער איז זי אלט? פיר און פערציק יאָר. יע! שוין א סך קנייטשן האָט זי אויפ׳ן פּנים... אלט איז זי שוין, זיין מירל.

איצט האָט שוין מיסטער שווארץ מער ניט געטראכט וועגן דער מעשה מיט׳ן מיליאָנער, וואָס וואָלט א שמש געוועזן זיין... איצט האָט מיסטער שווארץ שוין געטראכט, אז זיין מירל איז צו אלט און אָפּגעלעבט... און ער? אָט זעצט דאָך ס׳בלוט אין פּנים אריין! ער איז דאָך יונג און מונטער! געפינט זיך צווישן מיליאָנערן אדירים! און זי, מירל? זי געדיינקט אירע אלע אמאָ־ליקע קבצנ׳ישע שטיק... און צוריק ריידנדיק: וואָס איז מירל שולדיק, אז דער עלטער רוקט זיך אָן? ער געדיינקט דאָך וויפיל זי האָט זיך אנגעליטן זינט זי האָט מיט אים חתונה געהאט. איז דען א וואונדער וואָס זי זעט אזוי אויס?... מיסטער שווארץ טראכט איצט ערנסט, אז מירל האָט בא אים פאַרדינט א סך רעספּעקט, ווייל זי האָט שטענדיק געהאָרעוועט, קינדער דערצויגן אונטער דער גרעסטער ארימקייט...

פונדעסטוועגן קריכן שוין ווידער אין קאָפּ אזעלכע פאַר־

קערטע געדאנקען. צום ביישפיל: מיינט דען מיסטער שווארץ צו טראכטען, אז ער דארף זיך מיט מירלען ניט רעכענען? מיינט ער דען צו טראכטען, אז ער קאן איצט הייראטען א יונג מיידל און נאך מערער אויסנעמען, און ווער ווייס? אפשר וועט ארויסקומען א טובה... א סימן: אין א שטיקל צייט ארום, ווען מיסטער שווארץ איז געזעסען אין א ווייכען פאטעל אנטקעגען באמאלטע און באפוצטע ווענט מיט אלערליי בילדער, האבען זיך צו זיינע אויערן דערטראגען אזעלכע ווערטער:

„מיסטער שווארץ, איר קענט דאס גרינג אויספירען. איר פארשטייט? פאר עטלאכע הונדערט דאלאר קאנט איר קריגען איינעם, וואס זאל באשטעטיקען איר אומטרייהייט, און דאן זייט איר פריי...”

מיסטער שווארץ האט געלאזען דעם רויך פון זיין ציגאר געשווינד, און עפעס האט אים דאך ווי געטאן. רעדט מען דאס אזוי וועגען זיין מירלען? פונדעסטוועגען האט ער זיך מיטאמאל האסטיק א הויב געטאן:

— אלרייט, מיר'ן זען.

## יום טוב אין שאפ.

דעם יום־טוב אין שאפ האט אריינגעבראכט אלטער, ווייל אלטער האט זיך דערוואוסט, אז מיסטער שווארץ האט שוין נאך א פאר שעפער געקויפט... ספעציעל איז אלטער געווען צופרידען, וואס דער מיסטער שווארץ איז אזוי באפריינדעט מיט'ן געשעפטס־פארוואלטער פון דער יוניאן.

אלטער האט זיי אליין באגעגנט גיין געארעמט. מיסטער שווארץ האט ארויסגעפירט מיסטער ברעגמאנ'ען, דעם געשעפטס־פארוואלטער פון דער יוניאן, פון אויטאמאביל, ער האט אים אונ־טערן ארעם גענומען, און זיי זיינען איין ערגעץ אוועקגעגאנגען. אלטער טענה'ט, אז דאס איבערצייגט נאכאמאל, וואס פאר א גרויסער דזשענטלמאן מיסטער שווארץ איז, אז אפילו צו דער יוניאן און אירע פארטרעטער באציט ער זיך אויך אזוי פיין.

אמת איז טאקע, אז ווען מאיר דער לאנגער האט דאס איינגעהערט, האט ער גלייך אפגערופן בערל'ען דעם הויקער אן

א זייט, און האָט מיט אים א סך איינגע'טענה'ט... דאָס האָט אבער ניט געשטערט אלטער'ס פריילאכער שטימונג.

## סענסאציע.

מיסטער שווארץ!

גרויסע ווערטער, גאנצע זייטן. די צייטונגען זשאַלעווען ניט קיין פאפיר און גיבן אָפּ נענוג פּלאַץ פאר'ן גט־פראָצעס פון מיסטער שוואַרץ, פּרעזידענט פון דער גרעסטער ניו יאָרקער באַנק און אייגענטימער פון עטלאכע גרויסע דרעס שעפער, קעגן זיין פרוי.

די צייטונגען דרוקן אויך מיסטער שוואַרץ'עס בילדער און דערציילן ניסים וועגן זיינע גרויסע פייאיקייטן, און אָט דעם פייאיקן מאַן האָט עס פאַרראַטן א פשוט'ע אידענע, א מאַרק־אידענע, זיין פרוי.

פאַרראַט איז גוטער מאַטעריאַל און גרויסע סענסאציע, און רעפאָרטערס קומען אריין און ארויס פון מיסטער שוואַרצ'עס הויז; מען שטודירט יעדן באַוועג פונ'ם גרויסן מאַן...

טרעפן זיך אַזעלכע געשיכטעס, וואָס א מאַן גט אָפּ זיין ווייב, נאָר ווי קומט עס וואָס מיסטער ברעגמאַן, דער געשעפטס־פּאַר־וואַלטער פון דער יוניאָן, שפּילט דאָ אַזא גרויסע ראָלע? פאַר־וואָס דרוקט מען אויך זיין בילד אין די צייטונגען? מענטשן אַמפּערן זיך, מען וויל דערגיין דעם סוד, נאָר גיי דערוויס זיך עפּעס בא א גביר, אז פאַר זיין בליק ציטערט מען א וואָרט אויסצוריידן, און דער געשעפטס־פאַרוואַלטער ענטפערט: „מאַינד יור אָאון ביזנעס"...

איז אַלטער זאָגט טאַקע, אז פּריוואַטע געשעפטן האָבן ניט צו טאָן מיט דער יוניאָן, און אז מאַלע וואָס אויב מיסטער שוואַרץ איז געפאַלן א קרבן פון א פאַלשער פרוי, טאָר דער געשעפטס־פאַרוואַלטער אים ניט ארויסהעלפן? יוניאָן איז יוניאָן און גערעכ־טיקייט איז גערעכטיקייט...

מאיר דער לאַנגער דיינקט אָבער אַנדערש וועגן דעם און רופט שוין זיין באַלעבאָס מיט גאָר אַן אַנדער נאָמען: דער נקבה'ניק... וועגן דעם געשעפטס־פאַרוואַלטער טראַכט מאיר אויך גאַנץ

אנדערש פון אלטער'ן, נאר וועגן א געשעפטס־פארוואלטער דארף מען בלויז טראכטן, — אזוי זאגט מאיר צו בערל'ען דעם הויקער.

קריגן זיך די גרופעס ווידער ארום און מיסטער שווארץ האט דערווייל אפגעזוכט א יונג מיידל און גייט מיט איר אין א גוטער שעה צו דער חופה...

## סטרייק!

אלטער האט אודאי געהאט אן אנדער מיינונג וועגן זיין לאנדסמאן, מיסטער שווארצ'ן; אלטער האט אים גערעכנט פאר א גוטן מענטשן און פריינט פון די ארבעטער און פון דער יוניאן. א סימן: אזא גוטער ברודער מיט'ן געשעפטס־פארוואלטער! און דא גאר קומט אריין מיסטער שווארץ און רופט אויס: מאיר, אלטער, בערל, און אז. וו. איר קאנט דא מער ניט ארבעטן!

שטייט אלטער א דערשראקענער:

— וואס הייסט?

— אזוי איז דאס!

מאיר דער לאנגער גייט צו צו אלטער'ן און נעמט אים אונ־טער'ן ארעם: קום, ברודער, איצט וועלן מיר זיך איבערבעטן...

און אלטער מורמלט נאך אלץ: וואס הייסט?!

זיינען געשטאנען ארבעטער לעבן שאפ און די קעפ אין דער הויך געריסן, גרויסע אויפשריפטן האבן זיי אויף די הערצער געטראגן: „דא סטרייקט מען פאר די רעכט פון די ארבעטער צו מאכן א לעבן...”

לעבן איין זייט טיר שטייט אלטער מיט אן אראפגעלאזטן קאפ און טראכט אפשר וועגן זיין אמאליקן גוטן לאנדסמאן, מיסטער שווארץ.

אנטקעגן אים שטייען מאיר דער לאנגער און בערל דער הויקער און ריידן צווישן זיך...

— קיפ אן וואקינג, קיפ אן! ...

אזוי האט מיט א הארטן קול דער פאליציאנט געטריבן די סטרייקער, און בעת מעשה געשמייכלט צו זיינע באגלייטער, מיסטער שווארץ און מיסטער ברעגמאן, געוועזענער געשעפטס־פארוואלטער פון דער יוניאן...

שלמה דאווידמאן

# דער וועלט א שפיצל

.1

אויף א בערגיק געסל ארום קראטאנא פארק שטייט א צוויי־גארנדיקע ווייסע הויז. ביינאכט, ווען שפאצירער פארבלאנדזשען אהינצו, שלאגט זיי א שטארקע ווייסקייט אין די אויגן. דורך די פענצטער זעט מען פרויען אין ווייסן. ווי מתים, דרייען זיי זיך ארום, לויפן אריין אין ווייסע צימערלאך ,ברענגען פון דארטן ארויס טעפלאך, שיסלען, האנט־טיכלאך, אלע ווייסע, אנטלויפן ערגעץ מיט זיי, וואשן זיי אויס און קומען צוריק מיט נייע.

מים אפעל דרייט זיך שוין ארום אין דער ווייסער הויז א יאר צוועלף. געקומען איז זי אהערצו פון די ערשטע. דעמאלט זיי־נען נאך ווייניק פאציענטקעס געווען. איינגאנצן האבן געארבעט דריי־פיר „נוירסעס”. איצט איז דער פריוואטער שפיטאל געווארן בארימט. א צענדליק דאקטוירים און דאקטוירימלאך קומען אריין טאג־טעגלאך. זעקס באדינער זיינען אנגעשטעלט. צוויי און צוואנציק ווייסע שוועסטער לויפן ארום פון פרוי צו פרוי, באטאג און באנאכט.

און זי, מים אפעל, שפאנט ארום און גיט באפעלן. אינ־דערפרי גייט זי פון פאציענטקע צו פאציענטקע, באווייזט א האלבן שמייכל, זאגט „גוט־מארנינג” און פרעגט יעדן טאג יעדער פרוי, די זעלבע פראגע: „ווי פילט איר היינטיקן פרימארגן?” דער־נאך באהאלט זי דעם האלבן שמייכל, שפאנט ארום און גיט בא־פעלן.

און אז ווי איז צו א נוירס, ווען מים אפעל רייסט זיך אף איר אפ. אירע אויגן שטעכן די שוועסטער ווי מיט מעסערס. דאס

קול איר'ס, וואָס פאַרצוימט זיך מערסטנס מיט בלייכע בעס'־דיקע ליפּן, שרייט אַרויס בייזע ווערטער, ווי פון אַ הייסן קעסל. די שוועסטער מוז הערן און שווייגן, אויב ניט — ווערט זי מאָרגן אַרויסגעוואָרפן.

ווען אַ פרוי גייט־צו־קינד, די קרעמפּן דערגרייכן די העכסטע מדרגה, די גוואַלדן און געשרייען טראָגן זיך איבער'ן שפּיטאָל, ווי פון אַ מענטשן, וואָס מען קווילעט צו בּיסלאַך מיט אַ פאַרזשאַווערט מעסער, אַנטלויפט מיס אַפּעל דעמאָלט אין אָפּיסל, פאַרשטעקט זיך די אויערן מיט צוויי טעלעפאָן־פלעשלאַך און רעדט מיט דער גאַנצער וועלט, אַבי ניט צו הערן די ווייבערשע ווילדע יאָמערייען.

.2

און ליב האָט זי אַזוי די נאַכט, ווי אַ פּחדן, אַ גנב, האָט זי ליב. זי ליגט אָפּן בעטל אין פינצטערן צימערל און באַטראַכט איר וועלט; איר אַלטע היים האָט זי שוין לאַנג פאַרגעסן, ס'איז איר בלויז געבליבן אין זכרון אַ שילדל אַף רוסיש: „קאָנטאָרא מאָי־סעיאַ אַבראַמאָוויטשאַ עפּעלבוימאַ". עלטערן און אייגענע זיינען געשטאָרבן. באַקאַנטע און פריינט — פאַרגעסן. אירע ערשטע געליבטע — זיינען ערגעץ ווייט, זי ווייסט ניט און וויל ניט וויסן פון זיי.

און די גאַנצע וועלט האָט זי עפּעס פאַרשאָלטן: אַלץ איז אַזוי מורא'דיק ווייס, שרעקנדיק טויטלאַך, אַזש דערוואָרגן צו ווערן: ווייסער שפּיטאָל, ווייסע ווענט, ווייסע לאָמפּן, קליידער, שוועסטער, קישן, טישן, בעטלאַך, איר בלייך ווייס פּנים, אירע גרויע־ווייסע האָר, — דערשטיקט צו ווערן. וואָלט זי געקאָנט נעמען אַביסעלע סם, אַזאַ פליסיקן מחיה'דיקן, שוואַרצן שטאַרקן טרונק, וואָלט זי זיך באַפרייט פון אַלץ, פון אַלעמען.

ביז צוריק מיט פינף, זעקס יאָר, האָט זי נאָך געהאַט שטיק־לאַך פריידן. אמת, זי אַליין האָט געוואוסט, אַז עס זיינען פאַל־שע ליבעס. טעות'ן, צייט־פאַרטרייב, נאָר זי האָט זיך געלאָזט נאַרן: יונגע, שיינע, שטאַרקע דאָקטוירים, ווי האָט מען אַנ־דערש געקענט? היינט זיינען צו איר אַלע אַזוי פרעמד. מען מיידט זי אויס, ווי אַן אַלטע בייזע מכשפה.

זי האָט אַמאָל אינטערעסאַנטע טעג אויך. אמת, קיינער ווייס ניט און טאָר ניט וויסן. ס'איז ניט שיין. עס פּאַסט ניט פאַר דער ווייסער וועלט. נאָר זי, מיס אַפּעל, קומט אַהיים אין איר צימערל, לייגט זיך אַוועק אין בעטל און שמייכלט צו זיך אַריין — אַזוי פּיל שמייכלען, וויפּיל עס פאַרמאָגט די שוואַרצע נאַכט, איר שוואַרצע וועלט.

אָט דערמאָנט זי זיך אַ טאָג: מען האָט אַ יונגע פרוי, אַ בלום, אַוועקגעלייגט אויפ'ן בעטל. מען האָט זי פאַרוויגט מיט אַ שלאָף־געטראַנק. צוויי דאָקטוירים האָבן זיך געפּאַרקעט מיט די מכשירים. מיס אַפּעל איז געשטאַנען אין אַ ווינקל און אויס־געבעטן אַ טויט אויף איר. און זי, די בלום, איז מער ניט אויפ־געשטאַנען.

וואָס פאַר אַ טרויער האָט זיך עס דעמאָלט אַוועקגעלייגט אויף דער ווייסער הויז, באַדעקט די ווייַסע שוועסטער, דאָקטוירים און פּאַציענטן. נאָר זי, מיס אַפּעל, האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און אַריינגעקוקט אין איר האַרץ אַריין. דאָרטן האָט אַזאַ פרייד, אַזאַ נקמה־באַפרידיקונג גערוט, ווי זי וואָלט אויף אַ טאָג צוריקגע־קראָגן איר ערשטע יוגנט.

און ביינאַכט איז זי געלעגן אַף איר בעטל און געשמייכלט אין דער שוואַרצער נאַכט אַריין, און געדאַנקט, וועמען ס'זאָל ניט זיין, פאַר אַזאַ ליבן, אינטערעסאַנטן, באַפרידיקנדן טאָג.

און אַמאָל האָט זי גאָר אַ פריילאַכע צייט, כמעט אַ יום־טוב: אַ פרוי, אַ פּאַציענטקע, ליגט אַף איר ווייס בעטל אָן אויסגעצווי־גענע, אַ מידע. די פרוי איז אַנטוישט און זייער מיאוס אָפּגע־נאַרט געוואָרן; טעג און חדשים האָט זי געטראָגן אַ סוד אין בויך. ניט אַלע יסורים און ווייטאָקן האָט זי געקאָנט אויסדריקן אין אויען, קרעכצן און וויינען. זי האָט איבערגעטראָגן אַלע צרות, און איצט האָט מען אַרויסגעשלעפּט אַ טויט קינד, אַ שטיק פליייש, ווי מיאוס די וועלט האָט זי אָפּגענאַרט.

נאָר מיס אַפּעל געפינט זיך דעמאָלט אַזאַ גרויסע טרייסט: נאַרישע מענטשן, בהמה'שע פרויען, צו וואָס קינדער? אָט זי לעבט ווי אַ קלוגע פרוי, זי איז פריי.

אין אַזאַ אינדערפרי קומט מיס אַפּעל אין שפּיטאָל אַ צופרי־

דענע. זי גייט אַרום פון פּאַציענטקע צו פּאַציענטקע, באַווייזט אַ גאַנצן שמייכל און זאָגט ווייך „גוט מאָרנינג" און פרעגט יעדער פרוי די זעלבע פראַגע: „ווי פילט איר היינטיקן פרימאָרגן?"

די באַפעלן פון איר מויל קומען אַרויס געלאַסענער און שטי־לער. די בייזע שפּיציקלאַך פון די ווינקלען־אויגן צו איר נאָז באַהאַלט זי ערגעץ אונטער די דעקלאַך.

„היינט איז מיס אַפּעל גוט געשטימט!" — טראָגט זיך אַרום אַ פראַזע אין שפּיטאָל פון מויל צו אויער, פון שוועסטער צו באַ־דינער. און אַלע זיינען עפּעס אַזוי צופרידן, גלייך ווי דרייסיק פרויען וואָלטן אין איין טאָג געלעגן געוואָרן און געבוירן דרייסיק געזונטע אינגלאַך.

אין אַזעלכע טעג דערלויבט מען זיך צו שמועסן מיט מיס אַפּעל. מען זאָגט אַ וויץ אין איר אַנוועזנהייט, מען דערציילט מעשה'לאַך פון פּאַציענטן און זי שמייכלט מיט. אָפּטמאָל קויפט מען בשותפות „אייז־קרים", אָדער מען כאַפּט זיך אַריין אין אַ נאָענטער „מואַווים".

.3

לעצטע וואָך זיינען געקומען צוויי יונגע פרויען, צוויי שוועס־טער. זיי זיינען געווען אַזוי ענלאַך איינע אויף דער צווייטער, אַז פיל מאָל האָט מען זיך אַ טעות געמאַכט אין זייערע נעמען.

איבער'ן שפּיטאָל האָט מען זיך אָנדערציילט פיל געשיכטעלאַך פון זיי. ווער האָט די מעשה'לאַך אַריינגעבראַכט אַהער, ווער איז דאָס געוואויר געוואָרן, ווייסט מען ניט. אפשר האָט מען זיי גאָר ד אָ אויסגעטראַכט: סך־הכל האָבן גאָר זייערע מענער ניט גע־וואוסט אין וועלכער זיי זיינען פאַרליבט. אַז איין שוועסטער פלעגט צופעליק אַוועק ערגעץ, האָט די צווייטע פאַרנומען איר פּלאַץ.

פאַר די חתונות האָבן די חתנים געקויפט פאַרשיידענע רינג־לאַך, נאָר מען איז אַלץ ניט געווען זיכער. האָט איינער, דער קליגערער חתן, אָנגעבונדן אַ בענדעלע אויף דער האַנט פון זיינער און פּטור.

און ווידער האָט מען דערציילט געשעענישן, וואָס מען האָט בלויז אַריינגעשושקעט אין די אויערן, דערנאָך האָט מען זיך פאַררויטלט און געלאַכט אין די פויסטן...

מיטוואָך אינדערפרי האָט זיך צעטראָגן אַ פריילאַכער טומל איבער די צימערלאַך. צוויי שוועסטער האָבן געבוירן צוויי אינגלאַך.

מיס אַפּעל איז אַרומגעגאַנגען אַ פאַרצאָרנטע. זי האָט געשריען אויף יעדן מיט אַזאַ כעס, אַז אַלע האָבן זיך געשראָקן פאַר איר בליק און זי אויסגעמיידט. זי איז אַרומגעלאָפן פון צימער צו צימער, און וואו זי האָט נאָר באַמערקט אַ פריילאַך פּנים, האָט זי אַריינגעשטאָכן אירע בייזע שפּיציקלאַך פון די ווינקלען־אויגן און אַרויסגעשניטן פון זיי די שמייכלען.

עפּעס האָט ווער אַריינגעוואָרפן אַ פּאָר ווערטער: „מען זאָל ניט פאַרבייטן די אינגלאַך”. דער זאַץ איז אַריין אין מיס אַפּעל׳ס אויער און געבליבן הענגען אין איר מח.

מיס אַפּעל איז אַריין צו דער קינדער־באָדערין און זי גע־בעטן איר איבערצולאָזן דעם פאַרגעניגן — צו באָדן די צוויי אינגלאַך פון די צוויי בלאָנדע שוועסטער. די באָדערין האָט זיי איבערגעגעבן מיט כבוד און מיט פרייד צו מיס אַפּעל.

## .4

שוין אַ וואָך צייט, ווי מיס אַפּעל גייט אַרום אַזאַ יום־טוב׳־דיקע איבער׳ן שפּיטאָל, גלייך ווי איר ערשטע יוגנט זאָל זיך האָבן צו איר אומגעקערט. נאָר זי לאַכט עפּעס אַזוי הויך און מאָדנע, און אייניקע קלינגט עס אין די אויערן היסטעריש־ווילד. „עפּעס איז פאָרגעקומען אין „מיס אַפּעל” — שושקען זיך די צוויי און צוואַנציק ווייסע שוועסטער, דער צענדליק דאָקטוי־רים און דאָקטוירימלאַך און די זעקס באָדינער. נאָר קיינער פרעגט זי ניט, מען האָט מורא.

מר. מאַרטין, דער הויפּט־דאָקטאָר, האָט איר געראַטן, אַז זי זאָל נעמען וואַקאַציע אויף אַ וואָך־צייט. נאָר זי האָט זיך צעלאַכט הויך און שטאַרק, ווי מענער צעלאַכן זיך פון אַ ציי־

נישן וויץ: „מר. מאַרטין, איך בין איצט אַזוי געזונט און שטאַרק, ווי ווען איך בין אַלט געווען זעכצן יאָר".

ביינאַכט אין איר צימערל, איז זי געלעגן אויף איר בעטל, געהאַלטן ביידע קישעלאַך, זיי געביטן פון איין האַנט אין דער צווייטער און גערעדט צו דער פינצטערניש: „מרס. גרינבערג, דאָס איז אייער קינד. און מרס. שפּילמאַן, דאָס איז אייער קינד", זי האָט זיך ווילד צעלאַכט און פאַרקייכט: „מים אַפּעל האָט אָפּגעטאָן דער ווייסער וועלט אַ שפּיצל, אַזאַ שפּיצל, כאַ־כאַ־כאַ."

מאַקס פּערלאָוו

# בישאָפּ האָט פאַרקריצט מי די ציין

קײלאַכדיקע, אָנגעפּילטע װאָלקענס האָבן זיך איבער דער שטאָט געטראָגן. די פינסטערניש איז געװאָרן אַלץ טיפער און געדיכטער, און ס'האָט זיך געדאַכט, אַז אָט װעט די שטאָט פון אַ שטורעם צעטרייסלט װערן, און אַ מבול װעט די חורבות פאַר־פלייצן. מענטשן, אײנגעבויגענע, אײנגעקאָרטשעטע האָבן זיך איבער די גאַסן געיאָגט, זיך אײַלנדיק אין די הײַזער. אין עטלאַכע מינוטן אַרום זײַנען שוין די גאַסן געװען אױסגעטאָן נאַקעט פון מענטשן. זײ זײַנען געשטאַנען אָפּגעלאָזענע, און אומעטיק באַ־טראַכט זייער נאַקעטקייט. די װאָלקנס זײַנען נאָך אַלץ װי שמאַטעס געהאַנגען. און געשראָקן מיט זײער מיאוס'ן, גרויען, צונויפגעשטוקעװעטן אױסזען.

אויף פּונ'ם פּאַרק װאו בישאָפּ איז געזעסן האָט דער צוזאָגנ־דיקער שטורם פאַרטריבן אַלעמען. די בענק זײַנען געשטאַנען לײדיקע און געװאַרט, אַז דער רעגן זאָל זייער טרוקנקייט אַביסל דורכנעצן.

פונדערװײַטנס, אין אַ װינקל פון פּאַרק, האָט זיך געמערקט זײַן פיגור זיצנדיק אױף אַ באַנק.

בישאָפּ האָט זיך אַ דרײ געטאָן, אַרױסגעהויבן דעם קאָפּ פון די צװײ אויפגעצױגענע אַקסלען, די אויגן זײַנע האָבן אַ נאַכלעסיק־פאַרדריסיקן בליק געװאָרפן צו די װאָלקנס. ער האָט פאַרקריצט מיט די ציין:

— בעסטיע, װאָס דו ביסט! ...

באַלד האָט זיך אַ געפיל פון דערשראָקנקייט איבער זײַן

קערפּער געשפּרייט. צוריק האָט ער דעם קאָפּ אין די אַקסלען איינ־געגורעט, און שטיל אינם צעריסענעם אַרבל אַריינגעשושקעט:

— אָ, דזשי, פאַרגיב מיך...

בישאָפּ האָט אויסגעזעזן פון א יאָר פופציק. ער איז אָבער מער ניט אַלט געווען ווי זיבן און דרייסיק יאָר. זיין איינגעבויגע־נער קערפּער, גרוי באַוואָקסענער פּנים, און ציטערדיקע הענט האָבן דאָס אָבער ניט געוואָלט צוגעבן...

שוין צוויי טעג ווי ער זיצט דאָ אַזוי אין פּאַרק. ער זיצט איינער אַליין, און וויל זיך ניט אָנשליסן אָן דעם באַמישן געגנג, ער האַלט זיי פאַר טויגעניכטסן וואָס זיינען ניט ווערט זיין חבר׳שאַפט....

און ווער איז ער, בישאָפּ? ער איז צום ערשטן מאָל דאָ אין פּאַרק געשלאָפן, צום ערשטן מאָל דעם גרויסן באַשעפער „בעסטיע" אָנגערופן... ביז איצט האָט ער געהאַט א דאַך איבערן קאָפּ, און געפירט אַן אָנשטענדיקן לעבן... אָבער איצט...

בישאָפּ האָט זיך ווידער אַמאָל אָפּן באַנק א דריי געטאָן: ווער ווייס? אפשר זיינען אָט די אַלע באָמס פריער אַזוי געווען. צום ערשטן איין נאַכט אין פּאַרק געגעכטיקט, נאָכדעם נאָך א נאַכט אונטער׳ן פרייען הימל געווען, און אַפּ׳ן סוף זיינען זיי גע־וואָרן דאָס, וואָס זיי זיינען... ווער ווייס?!

ער האָט זיך אויפגעהויבן פון באַנק. א רעגן האָט מיטאַמאָל ווי פון א רינווע א גאָס געטאָן און בישאָפּ׳ס קערפּער געטרייסלט, פונדערווייטנס האָט ער באַמערקט דאָס הויז פון פּאַרק, איבער׳ן בריקל איז געהאַנגען א דאַך, און בישאָפּ איז אַהינצו צוגעגאַנגען זיך צו באַשיצן פונ׳ם רעגן.

האָט דער רעגן פריער מיט אַזאַ אימפּעט געקלאַפּט, נאָכדעם אביסל מילדער געגאָסן ביז ער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א דריבנדיקן רעגנדל. די נאַכט האָט שוין אָבער אירע פליגלען איבער דער שטאָט פאַרשפּרייט, און די פינסטערניש האָט שוין אָנגעהאַלטן.

בישאָפּ איז נאָך אַלץ אָפּן בריקל געשטאַנען. אין זיין מח האָט אַן אומקלאָרקייט געקלאַפּט, און פון אים עפּעס געפאָדערט. ער האָט אָבער ניט געוואוסט וואָס צו טאָן...

מיט אמאָל האָט אַן עלעקטרישער לאָמפּ איבערן בריקל אַ לייכט געטאָן. בישאָפּ האָט איבערגעלייענט: „מענער".

ס'האָט זיך אים אין הארצן אָפּגעריסן: אָט דאָ הייסט עס... איז זיין פּלאַץ. ר'האָט ניט געקענט מער צוהערן דעם געשריי פון זיינע קינדערלאַך נאָך ברויט, האָט ער פארלאָזן און וואלגערט זיך אָט דאָ.

— וואו זשע איז זיין היים? וואָס טוען זיינע קינדערלאַך, זיין ווייב?

בישאָפּ האָט אַף זיין גאַנץ לעבן ניט געוויינט. איצט האָט זיך אים אָבער געדאַכט, אַז צוויי טרערן קייקלען זיך איבער זיינע באַקן... אפשר זיינען דאָס געווען טראָפּנס פונ'ם רעגן...

און נאָכאַמאָל האָט ער מיט די ציין פאַרקריצט:

— בעסטיע, וואָס דו ביסט!...

מיט דעם וואָרט אַף זיינע ליפּן איז בישאָפּ איינגעשלאָפן אָפּן בריקל וואו ס'איז אָנגעקלאַפּט אַ שילד: „מענער".

און ווען דער אויפזעער פונ'ם פּלאַץ האָט אים נאָכדעם פון דאָרטן פאַרטריבן האָט בישאָפּ נאָכאַמאָל פאַרקריצט מיט די ציין און אַרויסגעברומט:

— בעסטיעס, וואָס איר זייט!...

שלמה דאַווידמאַן

# אַזאַ נאַכט

אַזאַ גערדיכט־פינצטערע נאַכט האָט זיך אַוועקגעשטעלט, אַזש דערשטיקט צו ווערן. ס'האַלט אין איין רעגענען — קליאַפּ־ליאַפּ, קליאַפּ־לאַפּ, ווי גאַנצע אַרמייען האַלטן אין איין שפּאַנען פון הימל אין מלחמה קעגן ערד.

לואי איז געלעגן אויפן פאַרזשאַווערטן בעטל און זיך געוואָרפן אויף אַלע זייטן. ער האָט אַלעמאָל געווישט זיין שטערן אָן קישן אָדער אָן לייַלעך.

וואָלט איצט געווען אַ שיינער אָוונט, וואָלט ער אַרויס, אַריבער אויפן צווייטן טראָטואַר און זיך פּאַוואָליע אַרויפגעדראַפּעט אויף די פייער־לייטערלאַך, ווי אַ קאַץ, און זיך אַריינגעקוקט אין די פענצטער פון דריטן שטאָק.

היינט איז דאָרטן אַ יום־טוב. מרס. נעלסאָן האָט אים דערציילט, ווען ער האָט איר אייז אַרויפגעטראָגן, אַז מרס. גרין פּראַוועט אַ ברית. וואָס אַזוינס „ברית” באַטייט ווייסט ניט לואי. ער ווייסט נאָר, אַז מרס. גרין האָט געבוירן אַ זון און דערפאַר איז דאָרטן היינט אַ אידישע שמחה.

דזשעקסאָן, „די גאַליציאַן”, אַזוי רופט מען דעם שוואַרצן „דזשעניטאָר” אין געסל, וואָס האָט געכאַפּט אַ פּאָר אידישע ווערטער, האָט אים אַליין דערציילט, אַז ער ווייסט אַלץ. אַלע ווייבער ווייסן און לאַכן פון אים, פון לואי'ן.

ציען זיך דורך זיינע אויגן די בילדער, ווי אין די מואוויס: אַ טאָג. מרס. גרין, אַ נייע שכנה, ער ברענגט איר אַרויף אייז. זי שטעלט אים אַנטקעגן אַ פּאָר שוואַרצע אויגן, ברוינלאַך פּנים, ברייטן שמייכל. ער וואָלט געשוואוירן — אַ איטאַליע־

נערקע. ער, מר. גרין, איז אָבער אַ טיפּיש אידל מיט אַ פּיין בייכל, אַ קרעמער.

עד היום ווייסט מען ניט פון וועלכן פאָלק זי שטאַמט. איי־ניקע זאָגן: זי איז געבוירן געוואָרן אַף אַ אידיש־איטאַליענישער געמישטער גאַס אין ניו יאָרק. אַנדערע דערציילן: מר. גרין האָט פאַרמאָגט אַ שאַפּ. זי האָט ביי אים געאַרבעט. פריער האָבן זיי געמאַכט אַ שפּאַס. דערנאָך איז דאָס געוואָרן ערנסט.

אַמאָל איז לואי אַרויף מיט אַן עמערל אייז. מרס. גרין איז אַרומגעגאַנגען איבער'ן הויז אין שלאָפראָק און געווען איז זי ראָ־זעווע־פאַרשעמט, ווי אַ כלה־מויד. אירע ברוסטן האָבן זיך גע־הוידלט אַפן גאַרטל. און מיט אַזאַ ליבן „גוטמאָרנינג" האָט זי אים באַגעגנט.

לואי האָט זיך אָבער איינגעהאַלטן. ער איז ניט מער ווי אַן אייז־מאַן. ער דאַרף אַרויפבּרענגען דאָס שטיק אייז, קריגן פופצן סענט און זאָגן „גוט־באַי". ער מוז האָבן דרך־ארץ פאַר די ווייבער.

איינמאָל האָט אים מרס. גרין געבעטן, אַז ער זאָל איר העלפן איבערשטעלן אַ שאַפע. ווי גליקלאַך איז לואי געווען אין יענעם טאָג. גלייך ווי ער וואָלט געוואונען אַ טויזנטער. ער האָט זיך געגעבן אַ נעם, אַ הויב געטאָן די שאַפע, ווי אַ שטרוי, און איבערגעטראָגן אַפן נייטיקן פּלאַץ.

מרס. גרין האָט זיך פאַרוואונדערט. אים געגעבן עטלאַכע איידעלע קאָמפּלימענטן. זי האָט אים געבעטן באַווייזן זיינע מוס־קולן. לואי האָט אויפגעצויגן דעם אַרבל און אָנגעשטייפט די מוסקולן.

— האַרט, ווי שטיין — האָט מרס. גרין געשמייכלט — און מיין מאַנ'ס זיינען ווייך, ווי פּלייש אַף קאָטלעטן.

שפּעטער האָבן זיי זיך אַוועקגעזעצט אין בעט. זי האָט דער־ציילט מעשיות פון איר מאַן: ער איז רייך און גוט. נאָר זי האָט אים ניט ליב, ער איז פעט און שוואַך. האַלט זיך אין איין בלאָזן, ווי אַ פּענכער.

און טעג זיינען געקומען אַזעלכע ליבע פאַר לואי'ן...

און היינט איז דאָרטן אַ גרויסע שמחה. מרס. גרין האָט גע־

בוירן א זון. מרס. נעלסאָן האָט אים דערציילט, אז מען פּראַוועט א ברית. און לואי ווייסט ניט, וואָס עס באַדייט „ברית".

און אין דרויסן איז אזא פינצטערניש. פון הימל גיסט. און ער וויל זיך אזוי ארויפדראַפּן אַף די פייער־לייטערס ווי א קאַץ.

לואי האָט זיך פּלוצים א הויב געטאָן פון זיין בעטל: „ער מוז א קוק טאָן אַפן קינד, ער מוז".

ער האָט אַף־גיך אַרויפגעכאַפּט די קליידער. אַריינגעשטעקט אין קעשענע דאָס שפּיזל, מיט וואָס ער שפּאַלט דאָס אייז אַף קליינע פירעקיגע שטיקער, און זיך א לאָז געטאָן מיט אַן איינגע־בויגענעם קאָפּ אין דער נאַכט אריין, ווי צו אַטאַקירן זיינע שונאים אין שלאַכט.

ער האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אַף די אייזערנע לייטערס און איז געקראָכן — אַן איינגעקאָרטשעטער אַף אַלע פיר פיס און הענט, ווי א מאַלפּע. ער האָט אַריינגעקוקט דורכ'ן קיך־פענצטער: אין הויז איז שטיל. אַף טישן זיינען אָנגעשטעלט פלעשער מיט גלעזלאַך, טעלער און שטיקלאַך און ברעקלאַך פון צוקערוואַרג.

אין שלאָף־צימער האָט געברענט א לעמפּל און צעשטראַלט א רויטן קאָליר דורכ'ן אַבאַזשורל. מרס. גרין איז געלעגן צע־שפּרייט אין בעט און זיך געשפּילט מיט'ן קינד. מר. גרין האָט זיך אַרומגעדרייט אין שלאָפראָק איבער צוויי חדרים, זיך גע־קייקלט ווי א פעסל, און דורך זיין ליולקע האָבן זיך, ווי פון א קראַן, געצאַפּט פּלעכטלאַך, קייטלאַך רויך.

בשעת־מעשה האָט לואי געוואָלט א זעץ־טאָן אין פענצטער, אז ס'זאָל זיך צעשפּריצן אַף שטיקלאַך און פיצלאַך. מיט איין פוס וועט ער געבן א שפּרונג אריין און צושפּיזלען מר. גרינען אַף פיר־עקיקע שטיקער, ווי זיין וואָגן מיט אייז. זיין איטאַליע־ניש בלוט האָט זיך אין אים צעקאָכט. נאָר מרס. גרין וועט מאַכן גוואַלדן און חלש'ן.

האָט ער פּאַוואָליע געעפנט דאָס פענצטער און איז אריינ־געקראָכן אַף ציפּקעלאַך, ווי א גנב... ער האָט באַלד חרטה גע־קראָגן. צו וואָס דאַרף ער אזא וועג? ער וועט מאָרגן ברייננגען אייז, וועט ער זען דאָס קינד. פּלוצים האָט ער אָבער דערהערט

אַ קוויטשעקל, אַ קול׳כל פון קינד, ווי פון אַ פאַרלאָזטן קעצעלע. האָט אים אָנגעהויבן צו שווידערן, ווי איינער זאָל אים וואַרפן נאָדלען איבער׳ן קערפּער.

ער האָט באַמערקט, ווי מר. גרין איז אַריין אין וואַש־צימער מיט אַ צייטונג. האָט ער מיט שטילע טריט זיך געטראָגן אין איר צימער. ער איז אַריין און שטיל אַרויסגעלאָזט:

„מרס. גרין, איי וואָנע...״

מרס. גרין האָ זיך געגעבן אַ וואָרף און אַ שרעקלאַכן קוויטש אַרויסגעלאָזט. מר. גרין איז אַריין מיט אַראָפּגעלאָזטע תחתונים. לואי האָט זיך אַ לאָז געטאָן אָן אַ זייט און אויסגעצויגן זיין שפּיזל: „איך וועל אייך גאָרניט טאָן. איך וויל זען דאָס קינד, איך מוז״.

פרוי און מאַן האָבן זיך איבערגעקוקט. פרוי האָט אַראָפּ־געלאָזט די אויגן. מאַן האָט אויגן אויסגעגלאָצט.

לואי האָט זיך פּאַוואָליע אַראָפּגעבויגן צום בעט, גענומען דאָס קינד אויף די הענט און געקוקט אין דעם. געקוקט, געסמאָק־טשעט מיט די ליפּן און געשמייכלט.

מר. גרין האָט אַ שאַר געטאָן זיינע האָר אויפן קאָפּ. דער גרויסער סוחר האָט זיך אין אים דערוועקט. ער האָט זיך אַרויסגערוקט פון צימער.

לואי האָט זיך געשפּילט מיט׳ן קינד. מרס. גרין האָט איינ־געגראָבן איר פּנים אין קישן.

„מרס. גרין, — האָט זיך לואי געבעטן, — זאָגט מיר דעם אמת, איז דאָס מיינס?״

מרס. גרין האָט ניט געענטפערט. זי האָט געוויינט אין קישן אַריין. איר קערפּער האָט זיך געטרייסלט.

אין טיר האָט זיך דערהערט אַ חוצפּה׳דיקער קלונג און אַ קלאַפּ.

לואי האָט אַוועקגעלייגט דאָס קינד לעבן דער מאַמען. די מאַמע האָט עס אַרומגענומען און באַשיצט.

צוויי געזעץ־היטער האָבן זיך אַריינגעשטעלט. לואי האָט זיך פאַרלוירן. זיך געלאָזט לויפן. צוויי אייזערנע מיילער האָבן

זיי אנגעשטעלט. מר. גרין האט געשמייכלט. לואי האט זיך געזעגנט: „שלאפט געזונט, מיין קינד, מרס. גרין". און זיך גע־לאזט מיט די פאליסלייט.

די ארדנונגס־היטער זיינען געווען זייער בייז, וואס מען האט זיי ארויסגערופן אין אזא נאכט. אזא חשך — ניט אנדערש, די טייוולען און רוחות האבן געמאכט אן אויפשטאנד און בא־הערשן די נאכט.

מאַקס פּערלאָוו

# באַגעגנט צוויי מאָל

.1

א ניו יאָרקער פרימאָרגן. מענטשן מיט פאַרזשמורעטע אויגן האָבן זיך, ווי אין חלום, געשפּאַרט. שווער זיך דורכצושלאָגן אַ וועג אין די יאָג־שטונדן, דאַרף מען אַרבעטן מיט די עלנבויגנס און קני, — און דאָך זיך אַלע ווײַלע אָפּשטעלן.

רעסטאָראַנען האָבן זייערע טירן צעפּראַלט, האָבן מענטשן אַרײַנגעשלונגען און אויסגעשפּיגן. די עסנוואַרג־געשעפטן האָבן פון זיך אַלע ווײַלע אַרויסגעשטופּט אַ גרופּע פרויען מיט שקאַר־מוצן און מילך־קעסעלאַך אין די הענט; פלעשער מילך האָבן זיך פון נעבן די טירן ווי אַוועקגעגנב'עט, און אַלץ האָט אויסגעקלאַפּט און אויסגעטיקעט: ניו יאָרקער פרימאָרגן.

מאַשינען און וועגענער האָבן די וועגן געריסן, ווי זיי וואָלטן נאָך געוואָלט פון'ם פּאָליציימאַנ'ס פּיפּל אַנטלויפן.

יאָגן זיך מענטשן איינע אַנטקעגן די אַנדערע, ווער אַהין, ווער אַהער; קוועטשט מען זיך, שטופּט מען זיך, טרעט מען אויף די שפּיצן פינגער, הויבט מען קעפּ העכער און העכער: עס ווילט זיך אַריבערשפּאַנען אָט־די גרויסע מענגע מענטשן און זיך אַרונטער־כאַפּן אַהינצו, וואו מען קאָן פון דעם „ניקעלע" שוין פּטור ווערן; נאָר די מענגע מענטשן איז שטײַף און האַרט, גייט מיט מיט אומ־געדולדיקייט, און מען דרייט בעת־מעשה דאָס ניקעלע אין קעשענע, פאַרבייסט מען מיט די ליפּן, מען זאָגט „עקסקיוז מי", און מען שפּאַנט ווייטער, — ניו יאָרק שפּאַנט. דער ריז האָט זיך פון די הייזער אַרויסגעריסן, ווי נאָר די שליסלען האָבן די טויערן פון אַרבעט צעפּראַלט.

און פון צווישן דעם שפּאַנענדיקן ריז רייסט זיך אַלע ווײַלע

ארוים אַן אַטאָם, אַ קליין טײלכל, שלייכט זיך אַוועק אַן אַ זייט, פֿאַררוקט זיך ערגעץ לעבן אַ וואַנט פֿון׳ם ריזיקן שפּאַן־קאָרידאָר, שלעפּט ארוים פֿון קעשענע אַ צייטונג און וואַרפֿט געשווינד מיט די אויגן אויף אָנגעפּיקעוועטע שורה׳לאַך, קליינינקע ווערטערלאַך, זוכט און נישטערט.

שיינט אָפּט עפּעס אויף אין אַטאָמ׳ס אויגן, טוט ער אַ קריץ מיט אַ בליישטיפֿט אָן אַ זייט פֿון אָט־די קליינינקע ווערטערלאַך, רייסט אַרוים אַ שטיקל פֿון דעם פּאַק פּאַפּיר, און וואַרפֿט זיך אַליין צוריק אַריין אינ׳ם ריזיקן מענטשן־ים, און ווערט פֿאַרשוואונדן...

אָן אַנדערער זוכט און זוכט, בלייבט שטיין ווי פֿאַר׳חלומ׳ט, קוקט ניט ווילנדיק אויפ׳ן זיך באַוועגנדיקן מענטשן־שטראָם, און איז אָט־דעם שטראָם מקנא.

ווייל נאָך אַלעמען: אויב דער שטראָם לויפֿט, האָט ער דאָך אַ ציל. אַי דער ציל, וואָס ער וועט דערגרייכן, וועט אים אפּשר ווייניק־וואָס באַפֿרידיקן? אָבער דערווײַלע ווייסט ער דאָך, וואוהין ער גייט...

און אויב דער געדאַנק איז ניט אינגאַנצן ריכטיק, האָט אָבער לאַזאַר אַלנפֿאַלס אַזוי געטראַכט. ווייל לאַזאַר איז אויך געווען איינער פֿון יענע, וואָס איז אַן אומעטיקער געבליבן שטיין מיט דער צייטונג אין האַנט, און ניט געוואוסט וואוהין צו גיין.

ס׳איז אמת, אַז „וואָנט־עדס״ זיינען פֿאַראַן אַ סך. נאָר וואָס קומט דען ארוים? אָט, האָט ער דאָך שוין אַזוי פֿיל „דזשאָבס״ פֿאַרזוכט, שוין געשלעפּט קאַסטנס פֿונ׳ם פֿינפֿטן שטאָק אַרונטער, שוין געקערט און געראַמט, שוין געווען אַלץ אין דער וועלט, נאָר פֿאַר אַכט דאָלער אַ וואָך פֿאַרלאַנגט מען אַ סך מער אַרבעט, וויפֿיל לאַזאַר קאָן ארויסגעבן: עס פֿאָדערט זיך אַ בחור מיט געזונטע פּלייצעס...

פֿאַר די לעצטע עטלאַכע וואָכן גיט זיך אים אינגאַנצן ניט איין צו קריגן אַ „דזשאָב״. צופֿיל בעלנים זיינען פֿאַראַן. קומט לאַזאַר צוגיין צו אַ שאַפּ, וואו עס פֿאַרלאַנגט זיך אַ „באָי״, זיינען אַלע שטיגן, וואָס פֿירן צום אַריינגאַנג, באַלאַגערט פֿון בעלנים,

קליינינקע, קליינע און גרעסערע. מען קוקט אויף יעדן אָנקומענ־דיקן מיט נייגיר: טאָמער איז דאָס דער באַלעבאָס, דער פֿאַר־וואַלטער... קינדער ווילן עסן, קינדער ווילן לעבן...

.2

אַזעלכע פּרימאַרגנס האָט לאַזאַר געהאַט אַ סך. אָט אַזעלכע פּרימאַרגנס פּלעגן אים נעכט ניט לאָזן שלאָפֿן. פּלעגט ער ליגן אויפֿ'ן פֿייער־„עסקייפּ", די אויגן ברייט צעעפֿנט און קוקן אין דער אומענדלאַכער ווייטקייט.

דאָס הויז, וואו לאַזאַר האָט געוואוינט, איז געווען אַרונטער דעלענסי גאַס, וואו אין איין זייט האָבן זיך געמיניעט הונדערטער ליכט פֿונ'ם וויליאַמסבורגער בריק, און אין דער צווייטער זייט, אַ ביסעלע אַרונטער, האָבן די עופות געהאַט אַ רעכט צו פֿאַרפּעסטען די לופֿט, — דאָרטן האָבן זיך אַלע „מאַרקעטס" געפֿונען.

אין אָט אַזעלכע שלאָפֿלאָזע נעכט פּלעגן אָפֿט לאַזאַר'ן קלינ־גען אין די אויערן אַזעלכע ווערטער:

— דעלענסי גאַס? איין קליינקייט! דאָס איז דאָך איינע פֿון די שענסטע גאַסן אין ניו יאָרק! און ניט נאָר אין ניו יאָרק, נאָר טאַקע אין גאַנץ אַמעריקע... און חוץ דעם: דעלענסי גאַס איז איינע פֿון די וויכטיקסטע גאַסן אין ניו יאָרק, ווייל דאָרטן געפֿינט זיך דער וויליאַמסבורגער בריק, וואָס פֿאַראייניקט ניו יאָרק מיט ברוקלין.

ווי מאָדנע אָט־די ווערטער קלינגען איצט פֿאַר'ן נייגצן יאָ־ריקן לאַזאַר'ן! אין דער שפּעטער שעה פֿון אַ יולי־נאַכט, ווען דאָס אָנגעגליטע מאַנהעטן, נאָך פֿון באַטאָג, ברייט און פֿאַרעט דעם קער־פּער; ווען עס פֿילט זיך אַזאַ באַדערפֿעניש אין צומאַכן אַ ביסעלע די אויגן און איינדרימלען, נאָר די היץ, דער מאַשינען־ און וועגענער־געבראַזג, צוזאַמען מיט'ן באַלד־אָנקומענדיקן פּרימאָרגן פֿון זוכן אַ „דזשאָב" דערלאָזן עס ניט, — ווי מאָדנע עס קלינגט:

— דעלענסי גאַס? איין קליינקייט!...

אָט־די ווערטער האָבן פֿון לאַזאַר'ן ווי עפּעס געפֿאָדערט: אָפֿט פּלעגט זיך פֿאַר זיינע אויגן אַרויסשלייכן דאָס פּינורל פֿונ'ם

מענטשל, וואָס האָט אָט־די ווערטער אַרויסגעזאָגט. דאָס איז געווען אַן אַמעריקאַנער דעלעגאַט, איינער פון יענע, וואָס האָבן זיך אין צייט פון בירגער־קריג אַרונטערגעגליטשט צו דעם אָרימען פוילן און צעבראָכענע הערצער געהאָלפן...

איצט, ווען לאַזאַר'ן איז אַזוי שווער אויפ'ן האַרצן, ווען זיין אימפּעטיקער פולס האָט פאַר דער לעצטער צייט אָנגעהויבן צו אַרבעטן אַביסעלע גלאַסענער; ווען זיינע אַקטיווע אויגן, וואָס האָבן די גאַנצע צייט געהאַלטן אין איין זוכן און פאָרשן, האָבן אָפּט אָנגעהויבן צו פאַראַנקערן זייערע בליקן אין אַן אומענדלאַכער ריכטונג, — אָט איצט וואָלט ער אודאי געוואָלט אַ טראַכט טאָן וועגן יענעם דעלעגאַט. און טראַכטן וואָלט ער שוין ניט ווי אַמאָל, ווען ער האָט אים, פונקט ווי אַ סך אַנדערע נאַאיווע קינדער, פאַר אַ משיח אָנגענומען. איצט וואָלט ער געדיינקט, מיט וואָס פאַר אַ פּאָמפּע אָט־דער קליין־געוויקסיקער דעלעגאַטל איז אַרונטערגע־קומען און ווי אַזוי ער האָט זיך ראַזירט און פּאַרמומירט צו צוויי מאָל אַ טאָג... איצט וואָלט לאַזאַר אַפילו געדיינקט די פאַר בלאָנדע מיידלאַך, וואָס פלעגן אַזוי אָפט אין זיין, דעם דעלעגאַט'ס, צימער אַריינקומען...

דאָס קרייען פון די „מאַרקעט"־הענער פלעגן אָבער זיינע גע־דאַנקען אָן אַ זייט אַוועקקירעווען, און געטראַכט האָט ער:

„אויך אָט־דאָ, אין דעם עק דעלענסי גאַס וועקט אויף דאָס קרייען פון אַ האָן. אָבער אויך דאָס קרייען טראָגט אין זיך אַ אָנזאָג פון פאַרשטיקטקייט: פאַרשטיקט זיינען זיי אין די שטייגן און קאָנען שוין קיין פרייקייט ניט דערוואַרטן. זיי וועלן מער קיינמאָל ניט קאָנען אַרויספּשפּרינגען אויף אַ פּלויט און ברייטלאַך זיך צעקלאַפּן מיט די פליגלען: קו־קו־רע־קו...

## 3.

אָט אין יענע טעג פון אומרו האָט לאַזאַר פּערל'ען באַגעגנט. פּערל איז אויך ניט לאַנג צוריק אַריבערגעקומען פון יענער זייט ים. זי איז נאָך גאָר אַ יונג קינד געווען — אינגאַנצן זעכצן יאָר. די אַרבעט האָט נאָך איר געמיט ניט דערשלאָגן — איז זי געווען פול

מיט לעבן; האָבן אירע אויגן אַזוי דורכזיכטיק געגלאַנצט; איז איר יונגע פיגור אַזוי בויגעוודיק געווען; נאָר דאָס נאַאיווו פּנים האָט אויסגעקוקט ווי אַ שטענדיק־זוכנדיקער; ווייל פרעמד איז איר נאָך די אַמעריקאַנער סביבה געווען, און אין איר האַרצן האָט זי נאָך געטראָגן אַ בייִנקעניש צו דער היימישער חבר׳שאַפט און איבערגעבנקייט.

צווישן די פיל באַקאַנטע אין שול האָט זי אויך לאַזאַר׳ן גע־האַט. האָט זי אַ קוק געטאָן אויף זיין ברייטן שטערן און אויף דער קוטשמע בלאָנדע האָר, וואָס איז געווען צעטיילט אויף צוויי־ען דורך אַ שרונט אין מיטן, האָט איר האַרץ זיך ווי אַ צאַפּל געטאָן, און זי האָט אירע בליקן אָפּטער צו אים אויפגעהויבן.

לאַזאַר איז געווען אַנטוישט אין אַמעריקע. אַלץ האָט בא אים אויסגעקוקט פאַלש, ווי פאַלש עס זיינען געווען דעם דעלע־גאַט׳ס ווערטער וועגן דעלענסי גאַס. ניט קוקנדיק אָבער אויף זיין אַנטוישטקייט און דערשלאָגנקייט האָט זיך לאַזאַר דערפילט דערהויבן אַנטקעגן דעם אַמעריקאַנישן בחור׳ל: אין דער צייט, וואָס דער אַמעריקאַנער בחור׳ל ווייסט ניט פון פאַרטראַכטן זיך ערנסט און עפּעס דורכלעבן, איז ער, דער נייִנצן יאָריקער לאַזאַר, שוין אַ גאַנץ לעבן דורכגעגאַנגען... און אַט וועגן דעם פאַרגאַנ־גענעם לעבן האָט ער איצט אַזוי אָפט געטראַכט. ער האָט זיך דערמאָנט שוין לאַנג־פאַרגעסענע זאַכן און האָט זיך מיט זיי אין זיין געדאַנק אַרומגעטראָגן. און זיי זיינען אים טאַקע צונויף גע־קומען, ווען דאָס לעבן האָט זיך אַזוי שווער אויף זיינע אַקסלען געלייגט... אין דעם האָט ער אַ טרייסט געזוכט, און דאָס האָט זיין שטאָלץ אַרויסגערופן...

דערפאַר האָט ער אויך פאַר דער לעצטער צייט אַ סך גע־רעדט. ווי נאָר ער האָט זיך מיט עמיצן באַגעגנט, אַזוי האָט ער אַ שמועס פאַרפירט. אָט, ער וויל וויסן יענעמ׳ס מיינונג, און צי שטימט יענער איין מיט זיין, לאַזאַר׳ס, מיינונג. ווען ניט, — פאַרוואָס ניט? דאַרף מען דאָך אַרגומענטירן, איבערצייגן.

לאַזאַר האָט פיינט געהאַט צו בלייבן הינטערשטעליג: האָט ער אָנגעטראָפן אויף אַ האַרטן נוס, אויף אַזעלכן, וואָס קען זיין מיינונג פאַרטיידיקן, און ווען לאַזאַר האָט מיט יענעמ׳ס מיינונג

ניט איינגעשטימט, האָט ער עטלאכע מאָל זיין בליק אין יענעם איינגעגראָבן, נאָכדעם האָט ער די אויגן ארונטערגעלאָזט, און מיט די פינגער, אויף ביידע זייטן פון שרונט, די האָר א שאָר געטאָן. אזוי האָט ער שוין געוואַרט ביז יענער האָט פארענדיקט. ערשט נאָכדעם האָט ער צופרידן געפרעגט: „געענדיקט?" און ער האָט אָנגעהויבן צו אַרגומענטירן און ארויסשלעפּן דעם גאנצן באַגאַזש מיט באַווייזן, וואָס ער האָט פאַרמאָגט.

און ווען לאַזאר האָט פּערל'ס בליק באמערקט, האָט אויך זיין האַרץ א שטאַרקערן קלאַפּ געטאָן, און זיין שפּראַך האָט אָנגעהויבן צו פליסן. דאָ האָט לאַזאר געהאַט א געלעגנהייט צו אַנט־וויקלען ברייטער זיין פילאָזאָפיע וועגן אמעריקע און וועגן זיינע ליידן און פּאַראַורטיילן.

איז פּערל אין יענע טעג נאָכגעגאַנגען נאָך לאַזאר'ס פוס־טריט. פּערל האָט אויך ניט שטענדיק געאַרבעט, און אָפט פלעגן זיי זיך אין די פרימאָרגנס טרעפן, אָט אין יענע פרימאָרגנס ווען לאַזאר'ס געמיט איז אזוי צעבראָכן געוועזן. פלעגן זיי אַוועקפאָרן ערגעץ ווייטלאַך פון ניו יאָרק, אהין, וואו מען קאָן גראָזן אין בוימלאַך געפינען, און דאָרטן האָבן זיי זייערע טעג אין חבר'שע שמועסן פארבראַכט.

אָט־די באַגעגענישן האָבן לאַזאר'ס געמיט גרינגער געמאַכט, און אין פּערל'ען האָבן זיי פרישקייט אריינגעבראַכט. לאַזאר איז פאַר פּערל'ען געוועזן אַלץ אין דער וועלט: ער האָט גערעדט וועגן די פאַלשקייטן פונ'ם אַמעריקאַנער לעבן; וועגן דעם גרויסן אינ־האַלט פונ'ם לעבן אויף יענער זייט ים; ער האָט פאַר איר א סך געדאַנקען אַנטוויקלט, גערעדט וועגן ליבע און חבר'שאַפט און וועגן א סך, א סך זאַכן, וואָס זענען פאַר פּערל'ען געוואָרן אזוי נאָענט און ליב.

פּערל פלעגט אים נאָכגיין א שווייגנדיקע און ווי ציילן אירע טריט. לאַזאר האָט זיך דערפילט, ווי א רבי, ווי א מדריך, און האָט זי געלערנט.

נאָר א טאָג איז געקומען א שלעכטער: פּערל איז אַן אומער־טיקע צו לאַזאר'ן געקומען, — זי מוז ניו יאָרק פארלאָזן, אירע עלטערן פאָרן אין א צווייטע שטאָט אַוועק.

איז לאַזאַר אַביסל צורודערט געוואָרן, נאָר פערל האָט אים באַלד מיט אַ גענענדערטן טאָן פון צופרידנקייט באַרואיקט:

— ניט געזאָרגט, מיין חבר, דיין אויפטו איז געווען אַ גרויסער. דו האָסט אין מיר ארייננעבראַכט אַ נייע נשמה, אַ פּראָטעסטירנדיקן גייסט. איך קוק איצט אויפ'ן לעבן גאַנץ אַנדערש ווי פריער, און מיט אָט־דעם באַוואוסטזיין וועל איך מיינע וועגן ווייטער אויסטרעטן...

.4

עטלאַכע יאָרן זיינען פאַראיבער. דאָס שווערע לעבן האָט לאַזאַר'ן צו דער וואַנט צוגעדריקט. האָט ער זיך מיט זיינע באַגריפן ניט אַריבערגעהויבן ערגעץ העכער, וואו נאָך אַזעלכע געפינען זיך; האָט ער זיין דערפאַרונג מער ניט אויסגענוצט אויף צו לערנען אַנדערע; נאָר אין זיין חדר'ל האָט ער זיך אָפּגעזונדערט, ווייט פון מענטשן, ווייט פון געזעלשאַפטלאַכער טעטיקייט... אָט דאָרטן, אין חדר'ל, האָט זיך אים געדאַכט, וועט ער זיך אַזוי זיין לעבן פאַרברייננגען, ווייל דאָס לעבן צווישן מענטשן איז דאָך אַזוי שווער, אַזוי מיאוס...

אָט אין יענעם חדר'ל מיוחד האָט לאַזאַר אָנגעהויבן אויף פאַפּירלאַך פּינטלען; האָבן זיך אָפּט שורה'לאַך גלייכע אויף די פאַפּירלאַך אויסגעשטעלט; האָט לאַזאַר אָט־די שורה'לאַך אַ סך מאָל געלייענט, זיך געצאַצקעט מיט זיי, און נאָכדעם האָט ער די פאַפּירלאַך אין קאָנווערטן ארייננעלייגט און אין בריוו־קעסטל אריינגעוואָרפן.

אין יענע וואָכן פלעגט לאַזאַר ארומגיין נאָך מער פאַר'חלומ'ט ווי אַמאָל, הגם ער האָט שוין גראָד געהאַט אַ נישקשה'דיקן „דזשאָב”: ער האָט זיך דורך אַ פּראָטעקציע אויסגעלערנט אויף אַ מאַשין צו שטעפּן, און אָט־די שטעפּעריי האָט אים ארייננעבראַכט עטלאַכע דאָלער אַ וואָך, גענוג אויף אַ „לעבן צו מאַכן”.

ווען אָבער עס זענען אַזעלכע טעג געקומען, ווען לאַזאַר האָט מיט לויכטנדיקע אויגן אין די צייטונגען ארייננעקוקט און דאָרטן אַ סך מאָל אויף זיין געדרוקטן נאָמען געקוקט און זיינע געדרוקטע לידער געלייענט, האָט ער זיך דערפילט ווי אַן אַנדער מענטש, אַ

דערהויבענער. ער האט פארגעסן וועגן זיינע ליידן; ער האט געטראכט, אז אפשר אט־די ליידן, די דורכגעמאכטע צרות, האבן אים געבראכט צו שרייבן לידער. איצט איז ער העכער פון אט־די אלע קליניקייטן, א דיכטער איז ער, און א דיכטער דארף זיך שוין צווישן דיכטער געפינען. איז ער פון זיין אפגעזונדערטן חדר׳ל אין די שרייבערשע קאפייען אוועק, זיך געזעצט לעבן די שרייבערשע טישלאך און קאווע געטרונקען.

די שאפ־סביבה איז פאר לאזאר׳ן געווען ניט מער ווי אן אפקומעניש. אין דער אמת׳ן שטייט ער דאך העכער פון אט־די אלע ארבעטער. שרייבער אין די קאפייען ריידן דאך שוין וועגן אים, מען רופט אים אן „ליריקער”. מען באטראכט אים פאר איינעם פון זייערע מענטשן. ער וואגט נאך ניט קיין סך צו ריידן, נאר אין הארצן טראגט ער זיך ארום מיט אט־דער הויך־דיכטערישער פרייד.

אפט, ווען לאזאר האט אין די צייטונגען געלייענט וועגן מענטשן, וואס לעבן און קעמפן, וועגן ארבעטער, וואס סטרייקן און הונגערן, פלעגט זיך זיין הארץ א טרייסל טאן. ער פלעגט זיך דערמאנען אין יארן פארגאנגענע אין דער אלטער היים, אן דער הייליקייט, וואס ער האט אין זיין הארצן געטראגן צו די קאמפן פון די ארבעטער. באלד אבער פלעגט ער קומען צום שלום: אין אמעריקע איז דאס אומעגלאך... דאן בין איך קיין דיכטער ניט געווען...

## 5.

בערג — הויכע, ברייטע און גרינע. זייערע שפיצן קוקן ארונטער צו דאס נידעריגערע פון זיך מיט א שטאלצן קוק, און ווינקען מיט רייץ צו די טאלן. בוימער, — זיינען די צווייגן צושפרייט און וויגן זיך פונ׳ם ווינטל, וואס בלאזט אזוי היימלאך. די גראזן שושקען זיך אויף שטיל, אריבערבויגנדיק זיך און אנ־רירנדיק איינע די אנדערע. היינט וואס עפעס וועגן גרויסן, ברייטן, חנ׳עוודיקן ים, איבערהויפט אוונט־צייט, ווען די לבנה טונקט זיך אין אים, און די בערג שפיגלען זיך אין זייביידן אויף אזא ווינדערבארן, מיסטעריעזן אופן?

אָט אין אַזאַ סביבה ווארפט דער מענטש אַלץ פון זיך אַראָפּ. ס'ווילט זיך ניט זיין איינגעקרעמפּעוועט פון דער שטאָטישער ציוויליזאַציע. דאָ זיינען בערג פאַראַן, און צווישן בערג ווילט זיך לעבן ניט אויסגערעכנט, מיט אַ ברייט, פילנדיק הארץ. לעבט מען. קריכט מען אויף די בערג האַלב־נאַקעטע, מיט לאַנגע, דיקע שטעקנס אין די הענט. ווארפט מען זיך אין טייך און מען שפּריצט ס'וואַסער, מען פּאָליושקעט זיך ווי קינדערלאַך אין אַ קליין וואַנעלע. נאָכ'ן פּאַליושקען זיך טאַנצט מען אַרויס פון וואַסער און מען קלעטערט ווידער אויף בערג, מען שפּרינגט ווידער איבער טאָלן, מען שפּרייזט צווישן געדיכטע בוימער מיט צולאָזענע צווייגן, מען לאַכט דער נאַטור אין פּנים אַריין, און מען איז גרויס, גרעסער, העכער פון אַלץ אין דער וועלט...

איז מען ווייט פון ניו יאָרק און מען געפינט זיך צווישן בערג, שפּיציקע. דאָס מאַכט ברייט דאָס הארץ. און ווען ברייט־קייט איז אין הארצן פאַראַן, איז ליבע אויך פאַראַן. ליבט מען. ווינקען בחורים צו מיידלאַך מיט די אויגן: „לעב, דאָ איז גוט!"

און אַז פּערעלע איז אויך צווישן די בערג פאַראַן, לעבט זי דאָך אודאי. וועגן פּערעלען ווייסן אַלע. טומלט זיך אַרום איר. ווען בחורים ווערן געוואָר, אַז פּערעלע איז דאָ, טאַנצט מען אַרום איר.

פּערעלע, ווידער, טאַנצט און זינגט און ווייסט, אַז די מלוכה איז אירע. ווארפט זי אַ שמייכל צו דעם, צו יענעם. זופּן בחורים פאַרגעניגן מיט דורשטיקע אויגן און לאַכן ברייטהארציק; שפּרינגען זיי אינדערהויך אַריינשטופּנדיק די שטעקנס אין דער פייכטער ערד, און פּערעלע קלייבט נחת, צוגייט זיך פאַר געלעכטער, און בעת־מעשה ווערן חן־גריבעלאַך אין די באַקן, וואָס דאָס ברייינגט אַריין די בחורים נאָך אין גרעסערער התפעלות פאַר איר. דער טומל ווערט גרעסער, דער געלעכטער — רעש'יקער, און דאָס שפּרינגען — אימפּעטיקער.

מיטאַמאָל ווערט אָבער פּערעלע ערנסט. די ערנסטקייט טראָגט זיך גלייך אַריבער צו אַלע אַרומיקע. אַלע בלייבן שטיל, ווי פאַרגליווערט. פּערעלע שטייט אַ ווײַלע און באַטראַכט דעם עולם, נאָכדעם רעדט זי באַפוילעריש אַרויס: „נו, גענוג געשטיפט!

היינט מוז געשאַפן ווערן פופציק דאָלער פאַר'ן מיינערס סטרייק! דאָס איז אונזער קוואָטע. מיר געפינען זיך אין אַן אַרבעטער־אָפּרו־פּלאַץ און מיר טאָרן ניט פאַרגעסן, אַז מיר זיינען אַליין אַר־בעטער..."

אַלע שטייען און קוקן פּערעלען אין מויל אַריין, ווען זי רעדט, און אַלע זיינען זיכער, אַז היינט וועט געשאַפן ווערן פופציק דאָלער.

קיינער האָט זיך ניט געוואונדערט אויף דער פריערדיקער ניט ערנסטקייט פון פּערעלע'ן, און ניט אויף איר שפּעטערדיקער ערנסטקייט און באַפוילערישקייט; אַלע האָבן זי געקענט ווי אַ טוערין אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, און אַלע האָבן זי ליב גע־האַט, סיי צוליב איר פריילאַכקייט און חבר'שאַפט צו אַלעמען, און סיי צוליב איר איבערגעבנקייט צו דער אַרבעט.

בעת זי האָט גערעדט און געשטיפט האָבן זיך אָבער צוויי אויגן אין איר פּנים איינגעגראָבן און זיך פון איר ניט אָפּגעקערט. אָט־די אויגן זיינען אין אָנהויב ניט באַמערקט געוואָרן פון פּע־רעלען. דאָס איז געווען דער בליק פון אירן אַ אַלטן חבר און לערער: לאַזאַר.

לאַזאַר איז געקומען צווישן די בערג פאַר אַ פּאָר טעג. עס האָט זיך אים פאַרוואָלט אַביסל אינספּיראַציע געפינען, מיט מייד־לאַך צו פלירטעווען, און פאַר זיי זיינע לידער דעקלאַמירן.

ווען אָבער ער האָט פּערעלען באַגעגנט האָט זיך אַן ערנסט־קייט אויף זיין פּנים אַרויפגעקליבן. ער האָט זיך ניט געגלויבט, אַז דאָס איז די זעלבע פּערל — דאָס נאַאיווע מיידל פון אַמאָל.

פּערל האָט זיך מיט לאַזאַר'ן דערפרייט. אָט די צווייטע באַגעגעניש האָט אין זיי ביידן אַריינגעבראַכט אַ מאָדנע נאָענט־קייט. עפּעס האָבן זיי געהאַט אַזאַ שייכות צווישן זיך, וואָס זיי קאָנען עס ניט האָבן מיט קיין אַנדערע. זיי האָבן זיך דעראינערט וועגן צייטן פאַרגאַנגענע, און גערעדט וועגן צייטן איצטיקע.

האָט אים פּערל דערציילט וועגן איר לעבן. זי האָט אים געזאָגט, אַז זי איז אין אַ באַוועגונג אַריינגעצויגן געוואָרן, ווייט פון'ם אָפּגעזונדערטן לעבן. אירע טעג לויפן שנעל אַוועק און די נעכט זיינען זייער קורצע...

פאַר לאַזאַר'ן איז פרעמד געווען אָט־די גאַנצע סביבה. פאַר אים איז פרעמד געווען דאָס אויפגעלעבטקייט. האָט ער מיט קרומע אויגן געקוקט אויף דעם, האָט זיך אים געדוכט, אַז פּע־רעלע איז ניט ערנסט אין אירע רייד. האָט ער אַ סך גערעדט און נאָך מער געטראַכט, אַז פּערל האָט באַדאַרפט זיין אַן אַנדערע...

לאַזאַר האָט באַנוצט זיין פּליסיקע שפּראַך און ער האָט גע־רעדט וועגן טעג אומעטיקע, וועגן טעג פון טראַכטן און דיכטן, וועגן דעם, אַז ער האָט ניט קיין גלויבן אין וועלכע עס איז טעטי־קייטן.

ווען לאַזאַר האָט אַזוי גערעדט, איז פּערל נאָך אים נאָכגעגע־גאַנגען אַ שווייגנדיקע, ווי אַמאָל, און האָט זיך צוגעהערט צו זיין שיינער שפּראַך. אין אירע אויגן איז אָבער אַן אַנדער אויס־דרוק געווען, אַן אויסדרוק אַ שטאָלצער, מיט אַ גרייטקייט צו באַשטרייטן זיינע מיינונגען און געדאַנקען.

און פּערל האָט אים טאַקע נאָכדעם געזאָגט:

— אַן אַנדערער זייט איר געוואָרן, לאַזאַר. איר האָט מיר דעם וועג געוויזן און איך בין אויף אָט־דעם וועג געגאַנגען. אויב איר האָט אין מיר אַן אומצופרידנקייט אריינגעבראַכט, האָב איך געזוכט אויסדרוק פאַר אָט־דער אומצופרידנקייט. האָב איך גע־פונען אַ באַוועגונג, וואָס זוכט אָפּצושאַפן אָט־די אַלע איבלען. אין אָט־דער באַוועגונג האָב איך אַן אינהאַלט געפונען, און דער־פאַר איז מיר איצט דאָס לעבן טייער...

לאַזאַר האָט געשוויגן, און פּערל האָט ווייטער גערעדט:

— איר, ווידער, זייט מיין לערער געווען. ווי איך זע אָבער, האָט איר זיך באַ אייער פילאָזאָפיע אָפּגעשטעלט. איר האָט זיך געגריבלט אין אייער אייגענעם איך. איר זייט אַ דיכטער געוואָרן און זיך אָנגעהויבן אין ווערטער צו שפּיגלען. איר האָט פאַרגעסן אייערע קאַמפן אויף יענער זייט ים, — דערפאַר האָט איר די היגע באַוועגונג ניט געפונען... דערפאַר זייט איר אַזוי פּעסימיסטיש צו אונזערע טעטיקייטן...

לאַזאַר האָט געקוקט צו דר'ערד און פון צייט צו צייט אויפ־

געהויבן זיין בליק צו פּערל'ען. ער האָט ניט געטראַכט. עפּעס האָט זיין בלוט ווי אויפגעהערט צו צירקולירן.

— ווי איז דאָס מעגלאַך?...

.6

אויב לאַזאַר האָט פריער געטראַכט, אַז פּערל האָט אַן אַנ־דערע באַדאַרפט זיין, האָט זיך עס איצט אויסגעקריסטאַליזירט אין זיין געדאַנק ווי אַ פּאַרלאַנג: פּערל מוז זיינע זיין. עס האָט אים געאַרט: זי איז איצט אַ קינד פון'ם קאָלעקטיוו, נאָענט און גוט צו אַלעמען. אפשר איז ער אויך ניט מער, ווי איינער פון'ם קאָלעקטיוו.

דערפאַר איז ער צופרידן געווען, וואָס, קומענדיק צוריק אין שטאָט, האָט זיך פּערעלע מיט אים געטראָפן יעדן אָוונט, און ער איז אויך זיכער געווען, אַז אין יענע אָוונטן גייט זי ניט ערגעץ אַנדערש.

לאַזאַר האָט זיך געטראַכט: אויף פּערעלע וועט דעם נסיון ניט ביישטיין. זי וועט מוזן אין זיינע אָרעמס אריינפאַלן פּונקט ווי אַלע אַנדערע מיידלאַך. דער אונטערשייד איז געווען אין זיין באַציאונג: צו פּערעלען האָט זיך לאַזאַר ערנסט באַצויגן און האָט ווירקלאַך געוואָלט, אַז זי זאָל אים ליבן.

געוועזן איז אָבער אַנדערש:

פינסטער איז געווען יענע נאַכט. די גאַס, וואו פּערל האָט געוואוינט, איז געווען אַ זייטיקע, און דערפאַר אַ רואיקע. עס האָבן קלינגענדיק אָפּגעהילכט זייערע טריט, ווען זיי האָבן איבער'ן טראָטואַר געשפּאַנט.

און געשפּאַנט האָבן זיי אין יענעם אָוונט אַ לאַנגע צייט, זייער לאַנג. פּערל איז געגאַנגען אַ שווייגנדיקע מיט אַראָפּגע־לאָזענע אויגן, ווי זי וואָלט עפּעס טראָגן טיפע סודות אין אירע געדאַנקען. לאַזאַר האָט אַ סך גערעדט. ער האָט אַלע ווייַלע פּערל'ס אָרעם שטאַרק צו זיך געדריקט, און אַן אַנגענעמע וואַ־רימקייט האָט זיך איבער אַלע זיינע אברים געגאָסן.

ווען ער האָט פּערל'ען צום הויז צוגעפירט, איז שוין געווען שפּעטער פּאַרטאָג. ווען־ניט־ווען האָט זיך אַ מענטש דורכגע־

שלייכט און האָט, ווי מיט פאַרדאַכט, געקוקט אויף דער מיידל, וואָס דערלויבט זיך ביז שפּעט אין פרימאָרגן מיט אַ בחור צו פאַרברייינגען.

איידער פּערל איז אין הויז אריין האָט לאַזאַר אויף אים אויסגעשטעלט זיינע גרויסע מאַטאָווע אויגן. ער האָט שטאַרק איר האַנט געדריקט און בעת־מעשה ארויסגעמורמלט:

— ליבט איר מיך?

פּערל האָט אים אָנגעקוקט מיט ברייטע אויגן, זי האָט אַ וואָרף געטאָן אַ „גוטן טאָג” און איז מיט גרינגע טריט אין הויז אריינגעלאָפן.

יענעם טאָג האָט לאַזאַר געטראַכט, אַז אַזוינס האָט ניט באַדאַרפט געשען. ער האָט אָבער גלייך דערפילט, אַז ער קאָן ניט נאָכדיינקען זיינע געפילן. ווען ער האָט זיך אין די געדאַנקען פאָרגעשטעלט פּערל׳ס אריינלויפן אין הויז, האָט ער גלייכצייטיק דערפילט אַ נויטווענדיקייט זי נאָכאַמאָל צו טרעפן.

אין יענע טעג איז לאַזאַר אַפילו אין די שרייבערשע קאַפייען ניט געגאַנגען. עס האָט זיך אים געדאַכט, ווי אַלע שפּאָטן פון אים: זי ליבט דיך ניט...

דערפאַר, ווען פּערל האָט זיך צו אים קאַלט באַצויגן אויך צום צווייטן מאָל, האָט לאַזאַר׳ס קערפּער זיך פיבעריש געטרייסלט. אין יענער מינוט האָט ער אַלץ פאַרגעסן. בלויז פּערל מיט אירע שפּיציקע אויגן האָט זיך צו זיין געדאַנק דערשלאָגן, און אויך דער געדאַנק איז געווען באַהערשט פון געפיל, פון איין פאַרלאַנג: פּערל זאָל אים ליבן.

פון פּערל׳ען האָט ער אָבער קיין וואָרט ניט ארויסגעקראָגן. אויף זיינע אַלע פראַגן האָט זי בלויז מיט צוריקגעהאַלטענער שטומקייט באַמערקט:

— זייט ניט קיין נאַר...

.7

חברים און באַקאַנטע האָבן זיך געוואונדערט:

— וואָס פאַר אַן ענדערונג איז דאָס פאָרגעקומען אין פּערל׳ען? מיט וואָס פאַר אַ געדאַנקען טראָגט זי זיך דאָס ארום, פאַרשלאָגן

אין איר מח? וואָס שפּאַצירט זי דאָס אַרומעט עפּעס מיט אַ דיכטערל, און רעדט אַזוי שטיל־סודות׳דיק? וואו איז איר טע־טיקייט? וואו איז איר שפּראַך?

לאַזאַר׳ן האָט זיך דאַן געדאַכט, אַז ער איז שטיין געבליבן; אַז עס האָט זיך אָפּגעשטעלט זיין גאַנצע פאַרגאַנגענהייט, און אַלץ האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום דער געגנוואַרט — אַרום פּערל׳ען. און ער האָט זיך געפרעגט: „וואו זאָל איך אַהינטאָן מיינע אומ־רואיקע שטונדן?"

אַ טרייסט האָט ער אָבער געפונען: פּערל׳ס שווייגן האָט אים האָפנונג געגעבן.

* * *

אַן אָוונט איז געקומען. בא לאַזאַר׳ן האָט עס געזאָלט זיין איינער פון אַלע אָוונטן. ער האָט פאַרבראַכט מיט פּערל׳ען און אַ סך גערעדט. ער האָט זיך נאָך געקליבן אין יענעם אָוונט אַ סך צו ריידן, נאָר פּלוצלינג האָט ער אין פּערל׳ען אַן ענדערונג דערזען. אַנדערש ווי אַלעמאָל איז זי געוואָרן: אַ שיינענדיקע האָט זי אים אַנטקעגן ווי אַ טאַנץ געטאָן, אַ צוזאָגנדיקער און דערוואַרטנדיקער פייערל האָט בעת־מעשה אין אירע אויגן געברענט.

לאַזאַר האָט זיך אַביסל פאַרלאָרן, און נאָך איידער ער האָט צייט געהאַט אַ טראַכט צו טאָן, איז פּערל געלעגן אין זיינע אָרעמס, און ער האָט איר פּנים מיט קושן באַדעקט.

פּערל איז שולדיק ניט געבליבן. פאַרקערט. זי האָט לאַ־זאַר׳ס קערפּער ביז ווייטיק געביסן; זי האָט געכאַפּט זיין קאָפּ צווישןביידע לאַדאָניעס און האָט געפירט אירע ליפּן פון מויל צום שטערן און צוריק.

אין עטלאַכע מינוטן אַרום האָט זי לאַזאַר מיט בעטנדיקע און לאַסטשענדיקע אויגן געפרעגט:

— ליבסטו מיך?

— יע! — האָט פּערל קורץ געענטפערט, און האָט זיך ווידער אין לאַזאַר׳ס ליפּן איינגעביסן.

לאַזאַר האָט אַביסעלע שפּעטער אין אַ ליבלאַכן און מילדן טאָן גערעדט:

— זעסטו, מיין טייערע, איך האָב געוואוסט, אַז אַזוי וועט

דאָס זיין... איך וועל ביי דיר שטיין העכער פון אַלץ... אין אַמע־
ריקע איז אַלץ פאַלש... בלויז אונזער ליבע וועט אמת זיין... איך
וועל שיינע ליבע־לידער דיכטן... ניט אַזוי?

ביי די ווערטער האָט זיך פערל מיטאַמאָל אַ ריס געטאָן פון
לאַזאַר'ס הענט. זי האָט זיך אויסגעגלייכט; אַ שטאָלצער קער־
פער האָט זיך געגן לאַזאַר'ן אַוועקגעשטעלט. אירע אויגן האָבן
געפינקלט, און זי האָט אויסגעזען פונקט אַזוי ווי דאַן, ווען זי האָט
אין אָפּרו־פּלאַץ באַפוילן אויפהערן צו שטיפן און געלט פאַר דעם
מיינערס' סטרייק צו שאַפן. זי האָט באַפוילעריש ארויסגערעדט:

— גענוג!... אונזערע וועגן צוגייען זיך...

לאַזאַר איז געבליבן שטיין אומבאַוועגלאַך. ער האָט עפּעס
ווי ניט געגלויבט זיינע אויערן. האָט עס פערל אַזוי געזאָגט?

ער האָט זיך דערפילט דערשלאָגן. ווי אַ קאַלענדאַר איז פאַר
זיינע אויגן געהאַנגען, און בלעטאַלך נאָך בלעטלאַך האָבן זיך גע־
מישט: טעג פון קאַמפן, פון אומרו, פון דיינקען און דיכטן, און אַט
קומט די יונגע פערעלע און מאַכט עס אַלץ צו גאָרנישט, און לאַכט
עס אויס אויף אַזאַ איבערצייגטן און געלונגענעם אופן.

עס האָט זיך אים געוואָלט אַט־די מוטיקע פערעלע ארומכאַפּן.
נאָר ווייט איז זי שוין געווען פון אים. פונקט ווי אַמאָל, האָט זי
געשווינד אַ „גוטע נאַכט" געוואָרפן און איז פאַרשוואונדן אין דער
פינסטערער נאַכט...

שלמה דאווידמאַן

# אַ באַגעגעניש

אפ׳ן ראָג פון פופצנטער גאַס און פינפטע עוועניו איז גע־שטאַנען אַ יונגער ברונעט אַ פּאַרטראַכטער.

יאָ, אייגנטלאַך, וואָס איז ער אַנטלאָפן פון זיין הויז? איז וואָס, אַז זיין פרוי בעט אים אביסל וויגן זיין קינד? דאַרף ער ווערן אין כעס און אויסטראַכטן אַ ליגן, אַז ער מוז פאָרן צו אַ וויכ־טיקן מיטינג? עך, מעישל, מעישל, דו נאַרישער פּאָעט!

פּלוצים האָט ער דערפילט אַ פינגער אַף זיין פּלייצע:

— מעישל, וואָס שטייסטו אַזוי פאַרטראַכט?

דער יונגער דיכטער האָט זיין קאָפּ אומגעקערט. ער האָט דערזען פאַר זיך אַן אָנגעפּודערט, אָנגעפאַרבט פּנימ׳ל, געוויינשלטע ליפּן, צוויי רייען פּערלדיקע ציין, צוויי שוואַרצע אויגן, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט פון אונטער אַ ברייטן הוט.

ער האָט זי אָפּגעמאָסטן פון פוטערנעם שלאַנקן זיידן קלייד, פינגערלאַך, זיידענע זאָקן, ביז די לאַקירטע שיפעלאַך שיך:

— אַנטשולדיקט, פריילן, איר ווייסט טאָקע מיין נאָמען, אָבער איך קען אייך נים.

פריידע האָט זיך צושמייכלט און צעגלאַנצט אירע אויגן:

— מעישל, דערקענסט נים פריידען, דיין געקרוינטע מיט׳ן נאָמען מאַרוסקע?

מעישל האָט צעעפנט זיינע אויגן ברייטער:

— אָ! מאַרוסקאַ! אַזוי שיין געפּוצט? נים דערקענט.

— ווי דו זעסט... — זי האָט זיך מאָדנע צעלאַכט...

זיי האָבן זיך ביידע גערירט פון אָרט אַף אַ לייכטן שפּאַציר איבער פינפטער עוועניו. זיי האָבן זיך דערמאָנט זייערע באַגע־גענישן אין קראָטאָנאַ פּאַרק. זיי געדיינקען דעם אָוונט, ווען מעישל

איז פּלוצים געבליבן שטיין באם פּעלזל לעבן וואסערל און באַ־שלאָסן: „פון היינט אָן, פריידע, וועל איך דיך רופן מאַרוסקע. דער נאָמען פּאסט דיר אזוי שיין!” זי האָט געלאַכט פון זיין איינפאל און צוגעשטימט.

ער האָט דערציילט א פּאָר קלייניקייטן: ער איז שוין א באַ־ווייבטער, א טאַטע פון א קינד...

פריידע האָט דערציילט א פּאָר גרויסיקייטן: זי האָט שוין אריבערגענומען טאַטע־מאַמע. אוורעמל בוכבינדער איז צוריק א בוכבינדער. די מאַמע ווײנט איר אוים א נחת. אז זי וויל, מאַ־רוסקע, ארבעט זי און אז זי ארבעט ניט, פאַרדינט זי נאָכמער...

— ווי אזוי? — האָט מעישל ניט געוואָלט גלויבן.

— אָט אזוי... — האָט מאַרוסקע אראָפּגעלאָזט די אויגן.

מעישל האָט געפילט ווי זיך געבן א שטעל־אָפּ און זאָגן: „א גוטן טאָג!” און אוועק וואו דער שווארצער פעפער וואַקסט, אָבער ער האָט זיך צוריקגעהאַלטן.

פריידע האָט אריינגעפירט מעישלען צו זיך אין הויז. פריער האָבן זיי דורכגעשטופּט א שטיקל נארישן שמועס מיט איר מאַמען: וואָס מע האָט אַף יענער זייט איבערגעלעבט, ווי געפעלט איר עפּעס אמעריקע, און אנדערע שטייגערדיקע ווערטער. דערנאָך האָט פריידע אים אריינגעפירט צו זיך אין צימער. מעישל האָט דערזען א דעקאָרירטן זאל. אַף די ווענט האָבן געהאַנגען בילדער פון גרויסע פּערזענליכקייטן, רעוואָלוציאָנערן און פּאָעטן. א שאַפּקעלע ביכער. זשורנאַלן און צייטונגען אַף א טישל, פּליושענע אַלבאָמען. א גלעזערנער סלוויאיקל מיט ציגאַרן און סיגאַרעטלאַך.

פריידע האָט אים אליין איבערגעלאָזט און דערווייל אוועק ברײנגען א גלעזל קאַווע. מעישל האָט אַף יעדער זאך געקוקט מיט פאַרגעניגן. זיך ניט געקענט אָפּ׳חידוש׳ן פון איר מבינות אין צוגעפּאסטקייט, ריינקייט און אָרדענונג. ער האָט פאַרוויכערט און זיך אליין געפרעגט א קשיא: „פריידע, מאַרוסקע, איז זי אזוי־אזעלכע?...”

דער טעלעפאָן, וואָס איז געשטאַנען אַף א טישעלע, האָט אָנ־געהויבן קלינגען. פריידע איז אריינגעלאָפן ענטפערן. מעישל האָט זיך געגעבן א וויג צוריק פאַרוואונדערט. פריידע איז געווען

שוין אַן אָפּגעוואַשענע. איר פּנים איז געווען קלאָר. קיין שפּיר פון פודער אָדער פאַרב. אין אַ פּראָסט שיין קליידל, פּונקט די אַמאָליקע מאַרוסקע פון קראַטאָנאַ פאַרק. ער האָט זיך צוגעהערט:

„הער בלאַנק, איר מוזט מיר היינט אַנטשולדיקן. מיין ברו־דער איז געקומען צו־גאַסט, שוין דריי יאָר איך אים ניט געזען. מאָרגן טרעפן מיר זיך פּונקט אין דער זעלבער צייט. איר דאַרפט ניט דאַנקען. די שאָקאָלאַד און צוקערקעס צעטיילט די ערשטע אָרימע קינדער, וואָס איר וועט באַגעגענען אין גאַס. אַ גוטן". און פריידע האָט אויפגעהאַנגען דאָס שוואַרצע אויערל אַף די צוויי הענטלאַך.

פריידעס מאַמע האָט אַריינגעבראַכט אַ זילבערנע טאַץ. אַף דער טאַץ איז געווען אויסגעשטעלט: אַ טשייניקל קאַווע, אַ פּאָר גלעזער, געבעקס און אַ שיסעלע פרוכטן. זי האָט עס אַוועקגע־שטעלט און זיך געלאָזט אַוועקגיין.

— צו וואָס האָסטו געדאַרפט עס טראָגן, מאַמע? — האָט פריידע מיט אַ ליבן שמייכל באַדאַנקט איר מאַמען.

— ס'איז ניט שווער, טאָכטער, וואָסי? — האָט די מאַמע געשמייכלט און איז אַרויס.

מעישל האָט געטראַכט ווי אַזוי אָנצוהויבן דעם שמועס. ער וואָלט וועלן אַלץ וויסן וועגן מאַרוסקען, נאָר ער וועט ניט קריכן אין איר האַרץ אַריין.

פריידע האָט אים דורכגעבליצט מיט אירע אויגן. זי האָט געגעבן אַ קלאַפּ מיט אַ פינגער אין טישל און באַשלאָסן:

— מעישל, דו טרינק קאַווע, פאַרביים, און איך וועל דיר עפּעס דערציילן...

מעישל האָט זיך צעשמייכלט און געפאָלגט. — — — —

דאָרטן, וואו דער לויפנדיקער דניעסטער צעשניידט צוויי שטעטלאַך, באַם אוקראַאינישן ברעג, ניט ווייט פון דער גרויסער שול, שטייט אַ ווייס שטיבל אַפּ'ן דאַך פון באַרג. דאָרטן האָט געוואוינט אַוורעמל בוכבינדער מיט זיין ווייב און זיין טאָכטער.

פריידעלע איז געוואַקסן און אויפגעגאַנגען. אין יאָר ניינצן־פערצן — אַ זיבעצעניאָריקע מויד, אירע צוויי גרויסע שוואַרצע אויגן האָט זי אויסגעשפּיגלט אין וואַסער פון דניעסטער און אין די שטראַלן פון דער זון אַפּ'ן בערגל.

ווען זי איז געלאָפן מיט די באָרוועסע שטייפע פיס אױף די געשליפענע שטיינדלאך, דעם טייכס מטבעות אױף די ברעגן, האָבן זיך אין בלוזקעלע געוואָרפן בריסטן, געהויבן און געפאלן, ווי די כוואליעס פון דניעסטער.

אייזערנע הענט האט זי געהאט, וואָס האָבן זיך געשטארקט און אויסגעמוסקלט אױף די שיפלאך, וואָס זי האָט געשלעפט מיט א צע'להכעיס'דיקן ווידער קעגן שטראָם. מיט אירע צוויי הענט פלעגט זי צע'הרג'ענען פעטקע'ן, לייב'ן און וואָלאָדקען, דערפאר וואָס זיי האָבן זיך געטשעפעט צו איר ברוכ'ן, פרצ'ן און וואסקע'ן. קלענערע חברה פלעגט זי צעטראסקען די פיסקעס, פאר זייערע מיאוס'ע רייד און זידל־ווערטער, פונקט ווי זי פלעגט פאכען און פלעכטן די וואסערן באם שווימען. זי פלעגט אוועקלייגן א קלאפ־טער, א פולקע אױף א באק אָדער אױף א פלייצע, זענען שוין אױף יענעמ'ס הויט אירע פינגער געבליבן שטיין א מעת־לעת און זיך געקרויטלט און געשמארצט.

אין די ווינטער־נעכט פלעגט זי לייענען. ביכער זיינען ביי אוורעמל בוכבינדער געווען א סך. ס'איז בא אים פארבליבן און פארלאָזן געוואָרן פון די אָרימע סטודענטלאך, לערערלאך, גימנא־זיסטלאך און אנדערע שלעק.

זי פלעגט לייענען פאר דער מאמען, פאר'ן טאטען און באזונ־דערס פאר זיך. זי האָט שוין דערקענט וואָס פאר א ביכער זי דארף לייענען בסוד.

איז געקומען די מלחמה אין מיטן דערינען. פעטקא, וואָלאָד־קא און לייב און דער לערער און דער סטודענט זיינען אוועק זיך שלאָגן.

איז דאָך געווען אין שטעטל אזוי גוט, אזוי רואיק. איז דאָך אין ווייסן שטיבל באם ברעג פון דניעסטער געווען אזוי פריילאך. פריידעלע, א זינגענדיקע פייגעלע, איז ארומגעפלויגן און געלאכט און געפייפט און געזונגען.

די מלחמה האָט אלע אירע חברים אויסגענארט פון שטעטל. איז געזעסן דאָס פייגעלע אפ'ן שוועל פון בערגל, געשפיגלט אירע אויגן אין די כוואליעס פון דניעסטער און א בייענקענדיקע מעלאָדיע שטיל אויסגעטרילט.

מע האָט דערציילט, אַז אין פּעטערבורג איז געזעסן דער קייסער ניקאָלאַי אין אַ פּאַלאַץ. ער האָט געלאַכט, גע'שכור'ט און זיך געשפּילט מיט די זין פון די פעלקער פון רוסלאַנד, ווי אַ קינד שפּילט זיך מיט צאַצקעס.

אויף די ברייטע פעלדער איבער'ן לאַנד האָבן זיך געוואַלגערט אונטערגעשאָסענע קערפּערס, גלידער, שטיקער פון מענטשן.

ווייסע מתים־געצעלטן אויף וועגענער האָבן זיך געצויגן איבער שטעט און שטעטלאַך. אינעוויייניק זיינען געלעגן קראַנקע און פאַר־וואונדעטע סאָלדאַטן, באַוואַכט מיט ווייס־געקליידעטע פרויען, מיט רויטע צלמ'ס באַצירט.

פאַלקן און פאַלקן מיט די פיס און אויף די פערד האָבן זיך אין שטעטל באַוויזן און אַוועק. אריינגעקומען, איבערגענעכטיקט, איבערגעלאָזט שטויב און אָפּפאַל אין שטעטל און מיט געזאַנג אויף די שלאַכטפעלדער מאַרשירט.

קאָזאַקן האָבן זיך באַוויזן. רויטע פאַרברענטע פּנים'ער האָבן זיך געהוידעט אויף פערד. די גרויסע קוטשמעס און לאַנגע פּיקעס האָבן אָנגעוואָרפן אַ שרעק.

די אידן מיט די קרעמלאַך, וואַרשטאַטן, הייזער און שטעקעלאַך האָבן זיך געטרייסלט אין פּחד.

באַנאַכט האָט דאָס שטעטל צוגעמאַכט טיר און טויער, אויס־געלאָשן ליכט און לאָמפּן און שטיל אויסגעציטערט שטיקלאַך נשמה אין דער פינסטערניש.

אין שטעטל איז שטיל, טויט. אַ שאָס האָט זיך געקייקלט איבער דעכער. האָבן זיך געראַנקען אָפּגעשטעלט. אויערן האָבן זיך אָנגעשפּיצט. אויגן האָבן דורך שפּאַלטן פון לאָדן געגלאָצט. שטיל. שאָס־שאָס־שאָס, — האָט זיך איבער שטעטל געפייערט. מוחות האָבן זיך צעוודערט. האָר האָבן זיך געגרויט, געווייסט און אויפגעשטעלט. קערפּער איז פאַרסטאַרטשט געוואָרן. גוואַלד־גוואַלד־גוואַלד, האָט געלעכערט די אויערן פון שטעטל. שטיבער האָבן תפילה געטאָן, די קאָזאַקן זאָלן אויסמיידן זייער טיר. פינ־גער האָבן אויערן פאַרשטאָפּט. זיי זאָלן שווייגן איצט און ניט הערן אַזוי פיל. ג־ו־ר־א־ל־ד, האָט זיך דורכגעלעכערט דורך פענסטער־

און טירן און ווענט. ג־וו־א־ל־ד, האָט געפייפט און געגרילצט אין די אויערן. ג־וו־א־ל־ד !!!

אוורעמל בוכבינדער איז געזעסן אפ'ן סאָפּקעלע א געבונדענער. די אוורעמעליכע איז געלעגן א געשנירלטע אין פּאַטשיילעס און האַנטיכער לעבן אים. צוויי געפּענטעטע מחותנים האָבן צוגעקוקט ווי זייער בת־יחיד'קעלע האָט חתונה מיט פינף קאָזאַקן. די חתנים זיינען געווען אייזערנע דעמבעס. בא איינעם פלאַמט נאָך די באַק, וואָס פריידע האָט דאָרטן איינמאָל צוגעקלעפּט איר האַנט. מער האָט זי ניט געקענט. די קוטשמעס האָבן אירע הענט געפלאָכטן הינטער איר פּלייצע און איר דערציילט, אַז מען שיקט זיי איצט אין פייער אריין. זיי וועלן שוין צוריק קיין לעבעדיקע ניט קומען. טאָ, וואָס אַרט זיי וואָס פריידע שרייט און געוואַלדעוועט ?

האָט א פּאָר וואָכן אוורעמל בוכבינדער אין די פּאַרטאָגן גע־טרויערט תהלים צו גאָט. די אוורעמעליכע האָט נאָס געמאַכט אַלע טאָג א פּאַרטוך מיט אירע טרערן. פריידע איז געלעגן אין הויז. זי האָט זיך געשעמט און מורא געהאַט פאַר דעם שיין פון טאָג, פאַר דעם בליק פון שטעטל. גוטע שכנות האָבן געלאָזט וויסן, אַז שטעטל ווייסט פון אַלץ.

א געדאַנק האָט זיך צו איר אין מוח אריינגעבויערט און אָנ־געהויבן הערשן, באפעלן: „פריידע, באהאַלט זיך צווישן די כוואַ־ליעס פון דניעסטער. זיי וועלן דיך צונעמען מיט ליבע". די על־טערן האָבן דעם געדאַנק פאַרשטאַנען און דערפילט, האָבן זיי געהיט אירע טריט און שריט.

האָט אוורעמל מיט זיין ווייב געטראַכט און געקלערט: „וואָס טוט מען מיט דער טאָכטער ?" איז געקומען א געדאַנק „אמע־ריקע". האָט ער ארויסגעשלעפּט א בינטל מטבעות. זיין ווייב האָט אויסגעגראָבן א קניפּל גאָלדענע פינפערלאַך, זיי זיינען ביידע צונעגאַנגען צו זייער בת־יחיד'קעלע מיט געבעט אין די אויגן און אויסגעשטרעקטע הענט: „ליבע טאָכטער. נא דיר אף הוצאות און פאָר צום פעטער קיין אמעריקע. זאָג אונז צו, פריידעלע, אַז דו וועסט לעבן צוליב אונז".

האָט פריידע געוויינט און געקלאָגט. דערנאָך האָט זי גע־קושט טאַטע־מאַמע, צוגעזאָגט ארויסנעמען זיי קיין אמעריקע און

איז אוועק. דאָס ווייסע שטיבל, וואָס איז געבליבן פאַר׳יתומ׳ט אַפ׳ן דאַך פון בארג, האָט דערציילט דעם דניעסטער, אַז דאָס פייגעלע איז ערגעץ פאַרפלויגן. — — —

אַף דער שיף נאָך האָט זי מיט שמואל׳קען געמאַכט באַקאַנט־שאַפט. ער איז געווען ניט קיין שיינער בחור. ער האָט געהאַט טונקעלע האָר און מייזעלדיקע אויגן, וואָס זיינען אַרומגעפלויגן אין די נעסטלאַך, ווי מייזלאַך אין אַ שטייגל. נאָר ריידן האָט ער גע־קענט אַ וועלט. פריידע האָט אים געהערט און געשלונגען. דעם ערשטן טאָג האָט ער איר דערציילט מעשיות, וואָס ער האָט זיך אָנגעלייענט. שפּעטער, אַז ער איז מיט איר היימישער געוואָרן, האָט ער דערציילט זיין ביאָגראַפיע ער האָט געאַרבעט צווישן די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, אין דער באַוועגונג, געווען פאַרשפּאַרט אין אַ פּוילישער טורמע.

פריידע קומט אַהיים פון שאַפּ אַ מידע. עסט אָפּ בא דער מומען. שמייכלט זיך דורך מיט׳ן פעטער. שפּאַצירט אַ ביסל אין קראָטאָנאַ פּאַרק. דאָרטן באַגעגנט זי זיך מיט יונגוואַרג. זי באַ־געגנט דעם בחור שמואל׳קען. זי הערט זיך איין אין זיינע רייד.

שמואל׳קע האָט זי געפירט אַף אונטערנעמונגען. זי האָט אויפגענומען די באַגייסטערונג און פריילאַכקייט פון דער יוגנט. זי האָט געהאָלפען מיט וואָס זי האָט געקענט.

שמואל׳קע איז געוואָרן מיט איר זייער נאָענט. ער פלעגט קומען צו איר אין צימערל, זיך אָפּשפּילן מיט איר און דערנאָך אוועק אַ מידער...

זי האָט געגלויבט אין אים. זי האָט אים באמת ליב געהאַט. זי האָט אים אפילו געהאָלפן. ווייל קיין גרויסער פאַרדינער איז ער ניט געווען. אַרבעטן האָט ער אויך פיינט געהאַט.

ער האָט ליב געהאַט צו רעש׳ן און טומלען און האַלטען דרשות. רעדעס האַלטען — איז געווען זיין לעבן. זי האָט אים מוחל געווען זיינע טעות׳ן. נאָר דער לעצטער טעות האָט זי איבעראַשט: ער האָט זי פאַרלאָזן...

פריידע איז געבליבן שטיל. זיך אַביסל אָפּגערוקט און פאַר־רויכערט. מעישל האָט אויך פאַרויכערט און זיך געאַמפּערט, איר

אנגעוויזן אז זי מאכט פעלערן, זי באגייט א באוואוסטזיניקן פאר־ברעכן קעגן דער געזעלשאפט און קעגן דער נאטור.

פריידע האט א שארפן בליק געטאן מיט די אויגן :

— בין איך א פארברעכערין ? אפשר. כ׳ווייס ניט.

פריידע האט ארויסגערוקט א שופלאר. דארטן איז געלעגן א גראבער בוך און א רעוואלווער. זי האט מעישלען דערקלערט, אז אין בוך זיינען פארשריבן מיט איר האנט אזויפיל און אזויפיל מענער וואס האבן מיט איר זיך געשפילט, מאנסבילשע פארטרעטן פון אידעאליסטן און גארנישטן, דיינקער און פאעטן.

און אז זי וועט דערפילן די עלטער שפאנען איבער איר לייב, וועט זי אנשרייבן א בריוועלע און דעם רעוואלווער צושטעלן צום מוח. — — — —

מעישל האט זיך פלוצים אויפגעכאפט. דער זייגער איז מיט־אמאל אוועק ווייט.—ער דארף אהיים פארן. פריידע האט אים דערלאנגט א קארטל מיט איר נאמען, אדרעס און טעלעפאן. ער האט ארומגעריסן דאס קארטל און בלויז געלאזט דעם נאמען :

— מארוסקע, איך וויל ניט זיין צווישן די מענער אין דיין בוך, איך וויל דיך באקרוינען מיט א נייעם נאמען „די פארבלאנ־דזשעטע״.

פריידע האט זיך צעשמייכלט :

— נאדיר נאך א קארטל. צעריים דאס ניט. ווען טעלערלאך און גלעזער וועלן זיך צעברעכן אין דיין פאמיליען־לעבן, ווען א קנעפל וועט דיר פעלן צום העמד, זאלסטו קומען צו מיר, זיך אוועק־זעצן דא אין זאל. איך וועל דערציילן און רויכערן און דו וועסט שרייבן.

מעישל איז אראפגעלאפן די טרעפ גיך, ס׳האט אים געשווינדלט אין די אויגן.

פריידע איז געשטאנען באם פענסטער און געקוקט ווי מעישל דערווייטערט זיך פון איר הויז. אפ׳ן גלאז האט זי געצייכנט ווערטער, וואס האבן אפגעשפיגלט אירע געדאנקען : פריידע, מא־רוסקע, די פארבלאנדזשעטע...

און זי האט זיך שטיל צעוויינט.